א. קופרין.

# ערצעהלונגען

איבערזעצט פון מאני לייב.



פארלאג „ניי-צייט", ניו-יארק

.1920

# אלעסיע

## 1

יארמאלע, מיין פּאליעסיער באדינער, מיין קוכער און מיטגע־
הער אויף יאגד, איז ארייננעקומען אין צימער, איינגעבויגען
אונטער א בינטעל האלץ, וועלכען ער האט מיט א גערודער ארונ־
טערגעווארפען אויפ׳ן דיל, און האט אן אטעם געטאן אויף די
פארפרארענע פינגער.

— או, ס׳ארא ווינד, פּאניטש, ס׳איז אין דרויסען, — האט ער
געזאגט, אראפּזעצענדיג זיך אויף די שפּיץ פינגער ביי דעם אוי־
ווען־טירעל — מ׳דארף גוט אנהייצען די הרובע. ערלויבט מיר,
פּאניטש, א שוועבעלע.

— הייסט עס, מארגען וועלען מיר ניט געהן אויף יאגד, הא?
ווי מיינסטו, יארמאלע?

— ניין... מ׳קען ניט... איהר הערט, ס׳ארא שניי־שטורעם.
דער האז ליגט איצטער און — ער טוט קיין פּיפּס ניט... מארגען
ט׳איהר קיין סליאד אפילו ניט זעהען.

דאס מזל האט מיך פארווארפען אויף גאנצע זעקס חדשים
אין אן איינזאמען דערפעל פון וואלינער גובערני, אין פּאליע־
סיער געגענד, און די יאגד איז געוועזען מיין איין־און־איינציגע בא־
שעפטיגונג און פארגעניגען. איך בין זיך מודה, אז אין יענער
צייט, ווען מען האט מיר פארגעלייגט צו פאהרען אין דארף, האב
איך גאר ניט געטראכט צו לאנגווייליגען זיך אזוי שווער. איך
בין אפילו מיט פרייד געפאהרען. פּאלעסיע... פארווארפענקייט...
דער שויס פון דער נאטור... פּראסטע זיטען... פּארצייטיגע נאטורען,
— האב איך געטראכט, זיצענדיג אין וואגאן,—א גאנצע אומבא־

קאנטע וועלט פאר מיר, מיט משונה'דיגע מנהגים, מיט אן אייגענארטיגען לשון... און במילא, אזוי פיעל פאעטישע לעגענדען, מעשיות און לידער!

איך האב אין יענער צייט (אויב דערציילען, זאל מען אלץ דערציילען) שוין ארייגעשפארט אין א קליין צייטונגעל, אן ערציילונג מיט צוויי מארדען און מיט איין זעלבסטמארד, און טעארעטיש האב איך געוואוסט, אז פאר א שרייבער איז נויטיג נאכצוקוקען אלערליי זיטען.

אבער... צי די פערעבראדישע פויערים האבען זיך אויסגעצייכענט מיט עפעס א זעלטענער איינגעשפארטער ניט־פריינדליכקייט, צי איך האב ניט געקענט נעמען זיך פאר דער זאך, — נאר די באציהונגען מיינע מיט זיי, האבען זיך באגרענצט נאר מיט דעם, וואס, דערזעהענדיג מיך, פלעגען זיי שוין פון דער וויטען ארונטערנעמען די היטלען, און פארבייגעהענדיג פלעגען זיי מיט בייזקייט ארויסריידען „ט'עלף", וואס דאס האט געדארפט באדייטען „גאט העלף". אבער ווען איך האב געפרופט מיט זיי זיך פאנאנדעררריידען, פלעגען זיי מיט פארוואונדערונג קוקען אויף מיר, און ניט וועלען פארשטעהן די איינפאכסטע פראגען און פלעגען זיך רייסען נאר צו קושען מיר די האנט — אן אלטער מנהג, וואס איז נאך פארבליבען פון דער פוילישער פאנסטשינע.

די ביכלאך וואס איך האב געהאט, האב איך אלע באלד דורכגעלייענט אין א גאנץ קורצער צייט. פון אומעט — כאטש אין אנפאנג האב איך דאס געפילט ניט אנגענעם — האב איך געפרופט באקענען זיך מיט דער ארטיגער אינטעליגענץ אין די פערזאנען פונ'ם קסיאנדז, וואס האט געוואוינט פאר א פופצעהן מייל; מיט'ן פאן ארגאניסט, וואס האט געוואוינט מיט איהם; מיט'ן ארטיגען אוריאדניק און מיט'ן קאנטארשציק פון דעם שכנה'ישען פולווארק, וואס איז געווען אן אויסגעדיענטער אונטער־אפיציר, נאר פון דעם איז גארנישט ניט ארויסגעקומען.

דערנאך האב איך געפרופט פארנעמען זיך מיט היילען די פערעבראדער איינוואוינער. די מיטלען וואס איך האב געהאט,

זיינען געווען: קאסטאר־אויל, קארבאליק, בארנע און יאד. נאר דא, אויסער מיינע ארימע קענטנישען, האב איך זיך אנגעשטויסען אויף דער פולער אונמעגליכקייט צו שטעלען דיאג־נאזען, דערפאר, ווייל די סימנים פון דער קראנקהייט זיינען ביי אלע מיינע פאציענטען אלע מאל געווען איינע און די זעלבע: „אינעווייניג טוט וועה" און „כ׳קען ניט עסען, און כ׳קען ניט טרינקען".

ס׳קומט צו מיר, צום ביישפיל, אן אלטע פויערטע. אויסווי־שענדיג צוטומעלט דעם נאז מיט׳ן וווייז־פינגער פון דער רעכ־טער האנט, שלעפט זי ארויס פון איהר בוזים א פאר אייער, — דערווייל זעה איך אויף א רגע איהר טונקעל ברוינע הויט — און זי לייגט זיי ארויף אויפ׳ן טיש. דערנאך כאפט זי מיינע הענט צו קושען זיי. איך באהאלט די הענט און נעם איבערצייגען דער אלטער: „נו געגוג, באבעשי... לאז אפ... כ׳בין ניט קיין גלח... מיר קומט עס ניט... וואס טוט דיר וועה?"

— אינעווייניג טוט מיר וועה, פאניטש, אינ׳ם סאמע רעכטען אינעווייניג, אזוי, אז איך קען אפילו ניט עסען און ניט טרינקען קען איך...

— לאנג שוין איז דאס ביי דיר געווארען?

— ווייס איך? — ענטפערט זי אויך מיט א פראגע. — כסדר אז ס׳באקט און ס׳באקט, אז ניט עסען און ניט טרינקען קען איך...

און וויפיל איך זאל זיך ניט מאטערען, קיין מעהר באשטימ־טערע סימנים פון דער קראנקהייט געפינען זיך ניט.

— באאונרוהיגט זיך ניט, — האט מיר איינמאל געראטען דער קאנטארשציק, זיי וועלען זיך אליין אויסהיילען. ס׳וועט פארטריקענען ווי אויף א הונט. כ׳וועל אייך זאגען, אז נאר איין רפואה באנוץ איך — אמאניאק. קומט צו מיר א פויער — וואס איז דיר? „איך, זאגט ער, בין קראנק"... גיב איך איהם תיכף אונטער׳ן נאז דאס פלעשעל מיט׳ן אמאניאק. „שמעק!" ער שמעקט... „שמעק נאך... שטארקער!" ער שמעקט... „וואס, גרינ־

גער?" „דאַכט זיך, ווי ס'וואָלט גרינגער געוואָרען..." „נו, טאָ גהה זיך געזונטערהייט."

דער צו נאָך האָט מיר געשטערט דאָס דאָזיגע האַנט־קושעניש (און אַנדערע פלעגען גלייך אַ פאַל טאָן צו די פיס און רייסען זיך מיט אַלע כחות צו קושען מיינע שטיוועל). און דאָ האָט זיך אין אַלגעמיין ניט אַרויסגעוויזען די באַוועגונג פון אַ דאַנקבאַרען האַרצען, נאָר פשוט די מיאוסע געוואוינהייט, וואָס איז איינגע־פלאַנצט געוועזן פון לאַנגע יאָהרען געוואַלט און קנעכטשאַפט. און איך האָב זיך געוואונדערט אויף דעם זעלבען קאַנטאָרשציק פון די אונטער־אָפיצירען און אויף דעם אוריאַדניק קוקענדיג, מיט וואָס פאַר אַ גלייכגילטיגער ברייטקייט זיי רוקען דאָס אין די פּויערשע ליפען זייערע גרויסע רויטע לאַפּעס...

מיר איז פאַרבליבען נאָר די יאָגד.

נאָר אין סוף יאַנואַר איז אָנגעשטאַנען אַזאַ וועטער, אַז גהן אויף דער יאָגד איז געוואָרען אונמעגליך. יעדען טאָג האָט גע־בלאָזען אַ שרעקליכער ווינד, און דורך דער נאַכט פלעגט ווערען אויפ'ן שניי אַ האַרטער אייזיגער דעק, איבער וועלכען דער האָז פלעגט דורכלויפען ניט איבערלאָזענדיג נאָך זיך קיין שפּור. זי־צענדיג אַ פאַרשפּאַרטער און צוהערענדיג זיך צו דעם וואָיען פונ'ם ווינט, פלעגט מיך אַרומנעמען אַ שטאַרקער אומעט. פאַר־שטייט זיך, אַז איך האָב זיך אָנגעכאַפּט מיט אַ זשעדניקייט פאַר אַזאַ אונשולדיגער צערשטרייאונג, ווי לערנען שרייבען און לייענען דעם פאָליעסיער יאַרמאָלען.

אָנגעהויבען האָט זיך עס, קען מען זאָגען, זעהר אָריגינעל. איך האָב איינמאָל געשריבען אַ בריף און פּלוצלינג האָב איך דערפילט, אַז אימיצער שטעהט הינטער מיין פּלייצע. אומקערענ־דיג זיך, האָב איך דערזעהען יאַרמאָלען, וועלכער איז צו מיר צו־געגאַנגען, שטיל ווי אַלע מאָל, אין זיינע ווייכע לאַפּטשעס.

— וואָס דאַרפסטו, יאַרמאָלע? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— אַז אַט איך קוק און וואונדער זיך, ווי איהר שרייבט. אַט ווען איך וואָלט'ס געקענט... ניין, ניין... ניט אַזוי, ווי איהר, —

האט ער א פארשעמטער זיך א כאפ געטאן, ועהענדיג, אז איך שמייכעל. — כ'וואלט נאר וועלען מיין פאמיליע...

— צו וואס דארפסטו דאס? — האב איך זיך פארוואונדערט. (מען דארף באמערקען, אז יארמאלע איז געווען דער ארימסטער און דער גרעסטער פוילער פון אלע פויערים איבער'ן גאנצען דארף פערעבאראד; דאס געהאלט און זיין פויערשען פארדינסט פלעגט ער פאר'שכור'ן; אזעלכע ארימע אקסען ווי ביי איהם, איז אין ערגעץ ניטא אין דער גאנצער געגענד ארום. נאך מיין מיינונג, איז פאר איהם בשום אופן ניט נויטיג געווען צו לערנען זיך שרייבען און לייענען). איך האב נאכאמאל א פרעג געטאן מיט צווייפעל: — צו וואס דארפסטו קענען שרייבען דיין פאמיליע?

— אט זעהט איהר, וואס דא איז, פאניטש, — האט יארמאלע געענטפערט אויסערגעווענליך ווייך: — ניטא קיין איין קענער ביי אונז אין דארף. ווען מ'דארף עפעס א פאפיר אונטערשרייבען אדער ס'טרעפט עפעס אין וואלאסט, אדער מאלע וואס... קען קיינער ניט... דער סטאראסטע לעגט נאר ארויף דעם שטעמפעל און אליין ווייס ער ניט, וואס אין דעם איז אנגעשריבען... ס'וואלט גוט געווען פאר אלעמען, אויב אימיצער וואלט געקענט זיך אונטערשרייבען.

אזא פארזארגטקייט פון יארמאלען — דעם דורכגעטריבענעם יעגער, דעם שטענדיגען בראדיאגע, מיט וועמעס מיינונג עס וואלט קיינמאל די דארפישע געמיינדע אפילו ניט א טראכט געטאן צו רעכענען זיך, — אט די דאזיגע פארזארגטקייט זיינע וועגען די געזעלשאפטליכע אינטערעסען פון זיין לייבליכען דארף, האט מיך עפעס שטארק גערירט. איך האב אליין פארגעלייגט צו לערנען איהם. און וואס פאר א שווערע ארבייט איז דאס געווען — אלע מיינע אנווענדונגען אויסצולערנען איהם דאס באוואוסטזיניגע לייענען און שרייבען! יארמאלע, וואס האט געוואוסט אזוי גוט יעדען שטענגעל פון זיין וואלד, כמעט יעדען איינציגען בוים, וואס האט זיך געקענט אריענטירען סיי בייטאג און סיי ביינאכט אויף יעדען איינציגען ארט, וואס קען דערקענען נאכ'ן סליאד

אלע ארומיגע וועלף, האזען און פוקסען, — דער זעלבער יאר־מאלע האט בשום אופן ניט געקענט זיך פארשטעלען, פארוואס, צום ביישפיעל, די אותיות „מ" און „א", ווען מען שטעלט זיי אינאיינעם, זאלען באדייטען „מא". שטענדיג פלעגט ער ביי אזא עניין א פארמאטערטער טראכטען א מינוט צעהן און אפשר מעהר, דערביי פלעגט זיין טונקעל מאגער געזיכט, מיט די איינ־געפאלענע שווארצע אויגען, אין גאנצען ארייננקריכען אין זיין הארטער שווארצער בארד מיט די גרויסע וואנצעס און אויסדריקען די העכסטע מדרגה פון גייסטיגער אנשטרענגונג.

— נו זאג, יארמאלע — „מא" — פלעג איך צו איהם צו־שטעהן. — ניט קוק אויפ'ן פאפיר, קוק אויף מיר, אט אזוי. נו, זאג — „מא"...

דאמאלט פלעגט יארמאלע א זיפץ טאן, פלעגט אנידער־לייגען די טייטעל אויפ'ן טיש און פלעגט ארויסריידען טרויעריג און באשלאסען:

— ניין... כ'קען ניט...

— וואס הייסט דו קענסט ניט? ס'איז דאך אזוי גרינג. זאג אזוי זיך, אין דער וועלט אריין — „מא", אט אזוי ווי איך זאג עס.

— ניין... כ'קען ניט, פאניטש, פארגעסען...

אלע מעטאדען, אנווענדונגען און פארגלייכונגען פלעגען זיך צוברעכען אן דער משונה'דיגער אונפארשטענדליכקייט. נאר יאר־מאלע'ס שטרעבונג צו בילדונג איז גאר ניט אפגעשוואכט גע־ווארען.

— כ'וויל נאר מיין פאמיליע! — פלעגט ער א פארשעמטער בעטען זיך ביי מיר — כ'דארף מעהר גאר ניט. נאר די פאמיליע: יארמאלע פאפרוזשיק — און מעהר גארניט.

איך האב זיך אינגאנצען אפגעזאגט פון דעם געדאנק אויס־צולערנען איהם דאס פארשטענדליכע לייענען און שרייבען, איך האב אנגעהויבען איהם לערנען אונטערצושרייבען זיך מעכאניש. און צו מיין גרויסער איבעראשונג האט זיך דער מעטאד ארויס־

געוויזען מעהר צוגענגליך פאר יארמאלע'ן, אזוי אז ביים סוף פון צווייטען חודש, האבען מיר שוין איינגאנצען בייגעקומען די פא־מיליע. און וואס איז שייך צו דעם נאמען, איז כדי צו פארגרינ־גערען די גאנצע אויפגאבע, האבען מיר אפגעמאכט דאס איינגאנ־צען אויפצוגעבען.

אין די אווענדען, ענדיגענדיג הייצען די אויוועגס, פלעגט יארמאלע זיך דערוואַרטען מיט אונגעדולד, ביז וואנען איך וועל איהם א רוף טאן.

— נו, יארמאלע, מיר'ן זיך נעמען לערנען, — פלעג איך זא־גען.

מיט א זייט פלעגט ער צוגעהן צום טיש, פלעגט זיך אויף איהם אנלעהנען מיט די עלענבויגענס און פלעגט ארייגרוקען צווי־שען זיינע שווארצע, פארשמוצטע, ניט בויגיגע פינגער די פען און פלעגט א פרעג טאן, הויבענדיג ארויף די ברעמען:

— שרייבען?

— שרייב.

יארמאלע האט גאנץ זיכער געצייכענט דעם ערשטען אות „פ" (דער אות האט ביי אונז געטראגען דעם נאמען: צוויי שטעהענדיגע שטעקענס און א דריטער איבער זיי), דערנאך פלעגט ער פרעגענדיג קוקען אויף מיר.

— וואס זשע שרייבסטו ניט? פארגעסען?

— פארגעסען... פלעגט יארמאלע פארדריסיג שאקלען מיט'ן קאפ.

— עך, וואס דו ביזט! נו, שטעל אוועק א ראד.

— א־א, א ראד, א ראד! כ'וויים... — פלעגט יארמאלע אויפלעבען און האט מיט התמדה געצייכענט אויפ'ן פאפיר א פיגור, וואס איז געווען אויסגעצויגען ארויף צו, כמעט עהנליך צו דער צייכנונג פון דעם קאספישען ים. ענדיגענדיג אט די ארבייט, פלעגט ער א לענגערע צייט שווייגענדיג זיך פרעהען מיט דעם, נייגענדיג דעם קאפ אט אויף דער לינקער און אט אויף דער רעכ־טער זייט, און פלעגט זשמורען מיט די אויגען.

— וואס זשע ביזטו געבליבען שטעהן? שרייב ווייטער.

— ווארט צו א ווייליגקע, פאניטש... אט באלד.

א מינוט צוויי פלעגט ער זיך פארטראכטען און דערנאך פלעגט ער ניט וואגענדיג פרעגען:

— אט אזא, ווי דעם ערשטען?

— ריכטיג, שרייב.

אזוי פאמעלאך האבען מיר זיך דערקליבען ביז'ן לעצטען אות „ק", וועלכער איז געווען ביי אונז באוואוסט, ווי „א שטעקען און אין מיטען פונ'ם שטעקען א דריידעל מיט עקען ביי דער זייט".

— און וואס מיינט איהר, פאניטש, — פלעגט יארמאלע אַן אנדערש מאל זאגען, ענדיגענדיג זיין ארבייט און קוקענדיג אויף דעם מיט ליבע און שטאלץ, — אויב כ'וואלט נאך א חדשים פינף אדער זעקס געלערענט זיך, וואלט איך אין גאנצען גוט געקענט. ווי מיינט איהר?

## 2

יארמאלע איז געזעסען אויף די שפיץ פינגער פאר דער הרובע, שארענדיג די קוילען אינ'ם פייער, און איך בין ארומגעגאנגען פון ווינקעל צו ווינקעל איבער מיין צימער. פון די אלע צוועלף צימערען פון גוטבאזיצער'ס גרויסען הויז האב איך פארנומען בלויז איינעם, דעם געוועזענעם דיוואן צימער. די אנדערע צימערען זיינען געשטאנען פארשלאסען אויפ'ן שליסעל און אין זיי האט אומבעוועגליך און יום־טוב'דיג געשימעלט דאס אלטע ווייכע מעבעל, משונה'דיגער בראנז און בילדער פון 18־טען יאהרהונדערט.

דער ווינד, הינטער די ווענד פונ'ם הויז איז משוגע געווען, ווי אן אלטער דערפראָרענער נאקעטער טייוועל. אין זיין רעווען האבען זיך געהערט קרעכצען, קוויטשעריי און א ווילדער געלעכטער. צום אוונט צו איז דער שטורעם נאך שטארקער געווארען. פון דרויסען האט אימיצער מיט צארן געווארפען אין די שויבען פון די פענסטער גאנצע הויפענם מיט דריבנעם טרוקענעם שניי. דער נא־

הענטער וואלד האט גערוישט און געברומט אהן אן אויפהער, מיט א פארבאהאלטענער, פארשטיקטער בייזער ווארנונג...

דער ווינד האט זיך פארקליבען אין די פוסטע צימערען און אין די וואיענדיגע קוימענס פון די אויוועגס, און דאס אלטע הויז, אין גאנצען א צוטרייסעלטע, א לעבערדיגע, א האלב צופאלענע, איז פלוצלינג אויפגעלעבט געווארען פון משונה׳דיגע קלאנגען, צו וועלכע איך האב זיך צוגעהערט מיט א ניט ווילענדיגען שרעק און אומרוה. אט האט א זיפץ געטאן אין דעם ווייסען זאל, ס׳האט א זיפץ געטאן טיעף, אפשטארבענדיג, טרויעריג. אט האבען ער־געץ ווייט גענומען לעבען און סקריפען די צוטריקענטע צופוילטע דילען אונטער אימיצענס שווערע און שטילע טריט. דערנאך, דאכט זיך מיר, אז דערביי, ארום מיין צימער, אין קארידאר, דריקט אימיצער נאכאנאנד און מיט פארזיכטיגקייט דאס הענטעל פון דער טיר און דערנאך, פלוצלינג ווילד ווערענדיג, צולאזט ער זיך איבער׳ן גאנצען הויז, א ווילדער, טרייסלענדיג מיט אלע לאדען און אלע טירען, אדער, פארקלייבענדיג זיך אינ׳ם קוימען, צוא־וואיעט ער זיך אזוי רחמנות׳דיג, אומעטיג און אהן אן אויפהער, אט הויבענדיג זיין קול אלץ העכער און דינער, ביז א בעטענ־דיגען פארגעהן זיך, און אט ארונטערלאזענדיג איהם ביז צו א רע־ווען פון א חיה. אפטמאל, גאט ווייס פון וואנען, האט אט דער גאסט ארייגעריסען זיך אויך צו מיר אין צימער, און מיט א פלוצלינגדיגער קעלט מיר דורכגעלאפען איבער דער פלייצע און א וויג געטאן דעם פלאם פון דעם לאמפ, וואס האט טונקעל גע־לויכטען אונטער א גרינעם פאפירענעם, פון אויבען ארומגעברענ־טען, אבאזשור.

עס האט מיך ארומגענומען א מאדנע, אומבאשטימטע אומ־רוהיגקייט. אט האט זיך מיר געטראכט, אז איך זיץ אין א ווינ־טער שטורעמדיגער ווינטערדיגער נאכט אין אן אלטער פארלאזע־נער הויז, אין א דארף, א פארלארענער צווישען וועלדער און בערגלאך, הונדערטער מייל ווייט פונ׳ם שטאדטישען לעבען, פון געזעלשאפט, פונ׳ם געלעכטער פון פרויען, פון מענשליכען גע־

שפּרעד... און מיר האָט זיך געגומען פאַרשטעלען, אַז יאָהרען און צעהנדליגע יאָהרען וועט אַט דער אוּוענד ציהען זיך, אַז ער וועט זיך ציהען ביז דער רגע פון מיין טויט, אַזוי ווי איצטער, וועט אויך יעמאָלט רעווען דער ווינד הינטער די פענסטער, אַז אויך יעמאָלט וועט טונקעל ברענען דער לאָמפּ אונטער׳ן אָרימען גרינעם אַבאַזשור, און ווי איצטער וועל איך אַהין און אַהער אַרומשפּאַנען איבער מיין צימער, און ווי איצטער, וועט אויך יעמאָלט זיצען ביי דער הרובע דער שווייגענדיגער, אַנגעשטרענגטער יאַרמאָלע, — אַט די משונה׳דיגע באַשעפעניש, וואָס איז מיר פרעמד, און וואָס איז גלייכגילטיג צו אַלץ אויף דער וועלט: סיי צו דעם, וואָס ביי איהם אין הויז האָט דאָס הויזגעזינד ניט וואָס צו עסען, סיי צו דעם וואָיען פונ׳ם ווינד און סיי צו מיין אונבאַשטימטען פרע־סענדיגען אומעט.

מיר האָט זיך פּלוצלינג שטאַרק פאַרוואָלט איבערהאַקען דעם פּיינליכען שווייגען מיט עפּעס אַן עהנליכקייט פון אַ מענש־ליכען קול, און איך האָב אַ פרעג געטאָן:

— ווי מיינסטו, יאַרמאָלע, פון וואַנען קומט עס היינט אַזאַ ווינד?

— דער ווינד? — האָט זיך יאַרמאָלע אָפּגערופען, פויל אויפ־הויבענדיג דעם קאָפּ. — דער פּאַניטש ווייס עס טאָקע ניט?

— אודאי ווייס איך ניט, פון וואַנען זאָל איך עס וויסען?

— איהר ווייסט טאָקי ניט אויף צו׳ן אמת׳ן? — איז יאַרמאָלע פּלוצלינג אויפגעלעבט געוואָרען. — איד׳ל אייך דאָס זאָגען, — האָט ער פאַרטגעזעצט מיט אַ געהיימניספולער באַטאָנונג אין זיין קול, — איד׳ל אייך דאָס זאָגען: אָדער אַ מכשפה איז געבאָרען געוואָרען, אָדער אַ מכשפה פראַוועט אַ חתונה.

— אַ מכשפה — דאָס הייסט ביי אייך אַ כשוף מאַכערין?

— יאָ, אַזוי הייסט עס, אַ כשוף מאַכערין.

איך האָב מיט זשעדניקייט אַרויפגעוואָרפען זיך אויף יאַר־מאָלען.

ווער קען וויסען, — האב איך געטראכט, — אפשר וועט מיר באלד געלינגען אויספרעסען פון איהם עפעס אן אינטערעסאנטע מעשה, וואס איז פארבונדען מיט כשוף מאכעריי, מיט פארבאר־גענע אוצרות, מיט וואוקולאקען...

— נו, און ביי אייך דא, אויף דער פאליעסיע, זיינען פאראן מכשפות? — האב איך א פרעג געטאן.

— כ׳וויים ניט... אפשר פאראן, — האט יארמולע געענטפערט מיט זיין פריהערדיגער גלייכגילטיגקייט, ווידער נויגענדיג זיך צו דער הרובע. — די אלטע מענשען זאגען, אז אמאל, אמאל זיי־נען זיי געווען... אפשר איז דאס א ליגען...

איך בין מיט אמאל אנטוישט געווארען.

יארמאלע׳ס א כאראקטער שטריך איז געווען דאס איינגע־שפארטע ניט רעדעוודיגקייט, און איך האב שוין פארלארען די האפנונג צו דערשלאגען זיך פון איהם עפעס מעהרער וועגען אט דעם אינטערעסאנטען ענין. נאר, צו מיין פארוואונדערונג, האט ער פלוצלינג גענומען רעדען מיט א פוילער אפגעלאזטקייט און ווי ניט צו מיר געווענדט, נאר צו דער ברענענדיגער הרובע:

— געווען ביי אונז מיט א יאהר פינף צוריק אזא מכשפה... נאר די חברה האבען איהר ארויסגעטריבען פון דארף!

— וואוהין האבען זיי איהר ארויסגעטריבען?

— וואוהין? פארשטייט זיך, אין וואלד... וואוהין זשע אנ־דערש? און איהר שטיבעל ט׳מען צובראכען, אז פון יענעם פאר־שאלטענעם קנויל זאל אפילו קיין שפענדעל ניט בלייבען... און, איהר אליין ט׳מען ארויסגעפיהרט אריבער די לאנגע און געגעבען איבער׳ן קאפ...

— פאר וואס איז מען עס צו איהר געווען אזוי?

— צרות האט מען פון איהר געהאט א סך, פלעגט זיך מיט אלעמען קריגען, פלעגט כשוף גראז גיסען אונטער די הייזער, פלעגט בינדען עפעס דריידלאך אינ׳ם קארן... איינמאל ט׳זי געבעטען ביי אונזערער א ווייבעל א גילדען (15 קאפיקעס), אז יענע זאגט צו איהר: „כ׳האב ניט קיין גילדען, לאז אפ.״ „נו,

גוט, זאגט זי, ס'ט געדענקען ווי ס'ט'מיר ניט געגעבען קיין גיל־
דען..." און וואס זשע מיינט איהר, פאניטש, אקוראט פון יעמאלט
אן הויבט אן ביי דער ווייבעל קרענקען א קינד. ס'ט'געקרענקט
ביזקעל ס'איז אין גאנצען אוועקגעשטארבען. אט יעמאלט טאקי
האבען די חברה דער מכשפה ארויסגעטריבען, זאלען איהר די
אויגען ארויסקריכען...

— נו, און וואו איז איצטער די מכשפה? — בין איך נייגע־
ריג געווארען.

— די מכשפה? — האט יארמאלע לאנגזאם איבערגעפרעגט
ווי זיין שטייגער איז געווען. — ווייס איך?

— זיינען אין דארף ניט פארבליבען עפעס קרובים איהרע?

— ניין, ניט פארבליבען. אז זי איז געווען א פרעמדע, פון די
קאצאפען אדער פון די ציגיינער... איך בין יעמאלט געווען נאך
א קליין אינגעל, ווען זי איז געקומען אויף אונזער דארף. מיט
איהר איז געווען א קליין מיידעלע, א טאכטער צי אן אייניקעל...
ביידען ט'מען פארטריבען...

— און איצטער געהט מען צו איהר ניט: טרעפען אויף עפעס,
אדער בעטען ביי איהר עפעס א כישוף גראז?

— די פויערטעס געהען, — האט יארמאלע ווי פארבייגעהענ־
דיג א זאג געטאן.

— אהא! הייסט עס, אז מען ווייס פון דעסטוועגען וואו זי
וואוינט?

— כ'ווייס ניט... מענשען זאגען, אז זי וואוינט ערגעץ ארום
דעם טייוועלשען קוט... ר'ווייסט — דעם זומפ, וואס הינטער'ן
אירינישען שליאך. איז אט, אין יענעם זומפ זיצט זי דאס, א רוח
אין איהר מאמען!

„א מכשפה וואוינט אין וועלכע ניט איז צעהן מייל פון מיין
הויז... אן אמת'ע לעבעדיגע, פאליעסיער מכשפה!" אט דער
געדאנק האט מיך מיט אמאל פאראינטערעסירט און האט מיך
אויפגערודערט.

— הער זיך איין, יארמולע — האב איך זיך געווענדט צו דעם פאליעסיער, — און אויף וואס פאר אן אופן זאל איך זיך באַקענען מיט אט דער מכשפה?

— טפוי! — האט יארמולע צורייצט א שפיי געטאן. — אט ט'איהר געפונען עפעס רעכטס.

— רעכטס צי ניט רעכטס, נאר צו איהר וועל איך סיי ווי סיי געהן. ווי ס'וועט נאר ווארעמער ווערען, אזוי לאז איך זיך באלד צו איהר אוועק. דו וועסט דאך מיך, פארשטייט זיך, באגלייטען?

מיינע לעצטע ווערטער האבען אזוי שטארק איבעראשט יאַרמאלען, אז ער איז אזש אויפגעשפרונגען פונ'ם דיל.

— איך?! — האט ער א צורייצטער אויסגעשריען. — פאר קיין געלט ניט! זאל דארטען זיין גאט ווייס וואס, נאר איך'ל ניט געהן.

— נו, אט נארישקייטען, וועסט געהן.

— ניין, פאניטש, כ'וועל ניט געהן... כ'וועל בשום אופן ניט געהן... אז איך זאל?!... — האט ער ווידער אויסגעשריען, פארכאפט פון א נייעם צארן־שטראם — איך זאל געהן צו דעם מכשפה'שען קנויל? זאל מיך גאט אויסהיטען. אויך אייך ראט איך ניט, פאניטש.

— ווי דו ווילסט... נאר איך וועל פון דעסטוועגען געהן, איך בין זעהר נייגעריג א קוק צו טאן אויף איהר.

— ניטא דארטען קיין נייגעריגעס, — האט יארמאלע א בורטשע געטאן, מיט הארץ פארמאכענדיג דאס טירעל פון דער הרובע.

אין א שעה ארום, נאכדעם ווי ער האט שוין צוגענומען דעם סאמאוואר און אנטרינקענדיג זיך מיט טיי אין קיך, און ער האט שוין גענומען קלייבען זיך געהן אהיים, האב איך א פרעג געטאן:

— ווי רופט מען די מכשפה?

— מאנויליכע, — האט יארמאלע געענטפערט מיט א גראַבער פינסטערקייט.

כאטש ער פלעגט קיינמאל ניט ארויסריידען זיינע געפילען, נאר, דאכט זיך, אז ער איז צו מיר שטארק צוגעבונדען געוואַ־

רען; ער איז צוגעבונדען געווארען פאר אונזער געמיינשאפטלי־
כער ליידענשאפט צו יאגד, פאר מיינע פשוטע באנעמונגען, פאר
דער הילף וואס איך פלעג צייטענווייז ארויסווייזען צו זיין אייביג
הונגעריגער הויזגעזינד, איבערהויפט נאך דערפאר, ווייל איך בין
געווען דער איינציגער אויף דער גאנצער וועלט, וואס פלעגט איהם
ניט שטראפען פאר זיין שכרות, וואס דאס האט יארמאלע זעהר
פיינט געהאט. דערפאר האט מיין באשלוס צו באקענען זיך מיט
דער מכשפה איהם אריינגעבראכט אין א שלעכטע שטימונג,
וועלכע ער האט אויסגעדריקט נאר מיט א פארשטארקטען סאפען
און אויך דערמיט, וואס, ארויסגעהענדיג אויפ'ן גאניק, האט
ער מיט'ן גאנצען כח א קלאפ געטאן מיט דער פוס זיין הונט —
ריאבטשיקען. ריאבטשיק האט פארצווייפעלט א קוויטש געטאן
און איז אפגעשפרונגען אן א זייט, נאר באלד איז ער שוין נאכ־
געלאפען נאך יארמאלען און האט ניט אויפגעהערט צו בילען.

3

**א**ין א דריי טעג ארום איז ווארעם געווארען.
איינמאל אין א פריהמארגען, זעהר פריה, איז יארמאלע
אריינגעקומען אין מיין צימער און האט ווי פארבייגעהענדיג ער־
קלערט:

— מ'דארף די ביקסען רייניגען, פאניטש.

— וואס איז? — האב איך א פרעג געטאן, ציהענדיג זיך
אונטער דער קאלדרע.

— דער האז איז א סך ארומגעגאנגען היינטיגע נאכט: א סך
סליאדען, מיר'ן אפשר געהן אין וואלד?

איך האב געזעהן אז יארמאלע האט קיין געדולד ניט און איילט
זיך צו געהן אין וואלד, נאר ער באהאלט זיין הייסע ליידענשאפט
פון א יענער אונטער דעם אנשטעל פון גלייכגילטיגקייט. און,
אינ'ם פארצימער איז שוין טאקע געשטאנען זיין ביקס, פון
וועלכע'ר קיין איין האז איז ניט אוועק, ניט קוקענדיג אויף דעם,

וואס נאהענט פון דער רעהר איז זי שוין געווען באפוצט מיט עט־ליכע בלייענע פארלייטונגען, וואס זיינען ארויפגעלייגט געווארען אויף יענע ערטער, וואו דער ראסט און די פולווער גאזען האבען אויסגעגעסען דעם אייזען.

תיכף ווי מיר זיינען אריין אין וואלד, האבען מיר באלד דער־זעהן א האזען סליאד: צוויי לאפקעס אין א רייה און צוויי פון הינטען איינע נאך דער צווייטער. דער האז איז ארויסגעגאנגען אויפ'ן וועג, איז איבער איהם געגאנגען א האלבען מייל און פונ'ם וועג האט ער א גרויסען שפרונג געגעבען גלייך אינ'ם יונגען סאסנע וועלדעל.

— נו, איצטער וועלען מיר איהם ארומרינגלען,—האט יארמאלע געזאגט. — אזוי ווי ער'ט א שפרונג געגעבען, ט'ער זיך באלד אוועקלייגען דא. איהר, פאניטש, געהט... — ער האט זיך פאר־טראכט, זוכענדיג נאך עפעס סימנים וואס איהם אליין איז בא־קענט, וואוהין ער זאל מיך שיקען... — איהר געהט ביז דער אלטער קרעטשמע. און איך וועל איהם פארלויפען פון הינטער דער מיהל. ווי נאר דער הונד ט'איהם ארויסטרייבען, וועל איך אייך רופען.

און ער איז באלד פארשוואונדען, ווי ער וואלט נעלם געווארען אין דעם געדיכטען וועלדעל פון קליינע בושען. איך האב זיך איינגעהארכט. קיין איין קלאנג האט ניט ארויסגעגעבען זיין יע־גערישער טראט, קיין איין צווייגעל האט ניט געשארכט אונטער זיינע פיס, אין די ליקאווע פאסטאלעס.

איך בין ניט איילענדיג צוגעקומען צו דער אלטער קרעטש־מע, — אן אלטע ניט באוואוינטע פאנאנדערגעווארפענע שטוב, און האב זיך געשטעלט אויף א בערגעל אינ'ם שיטערען וואלד, אונטער א הויכער סאסנע מיט א גלייכען נאקעטען שטאם. עס איז אזוי שטיל געווען, ווי עס טרעפט נאר אין וואלד ווינטער־צייט, אין א שטילען ניטווינדיגען טאג. די אנגעהאנגענע פוכיגע שטיקער שניי האבען ארונטערגעדריקט די צווייגען נידעריג, צו־געבענדיג זיי א וואונדערליכען יום־טוב'דיגען און אלטען אויס־

זעהן. פון צייט צו צייט האט פון אויבען זיך אפגעריסען א דיניג־קע צווייגעל און זעהר, זעהר דייטליך האט זיך געהערט, ווי זי פאלט ארונטער מיט א לייכטען רויש, באריהרענדיג די אנדערע צווייגען. דער שנייא איז געווען ראז אויף דער זון און האט זיך געבלויט אינ׳ם שאטען. מיך האט ארומגענומען דער שטילער כשוף פון אט דעם פייערליכען, קאלטען שווייגען און מיר האט זיך געדאכט, אז איך פיל, ווי די צייט געהט שטיל און לאנגזאם פארביי מיר...

פלוצלינג האט ווייט, אינ׳ם מיטען וואלד, פאנאנדערגעטראָגען זיך ריאבטשיק׳ס בילען, — דער כאראקטערישער בילען פון א הונד, וואס יאגט זיך נאך א חיה: א דינינקער, א פארגעהענדי־גער און א נערוועזער, וואס געהט כמעט איבער אין א קוויטש. באלד נאך דעם האב איך דערהערט יארמאלע׳ס שטים, וואס האט צארענדיג נאכגעשריען דעם הונד: „הר־גע! הר־גע!" דעם ערשטען האלבען ווארט מיט א צוצויגענעם שארפען פאלצעט און דעם צווייטען מיט אן אפגעריסענער באס נאטע. (אין א צייט ארום האב איך זיך דערוואוסט, אז אט דער יעגערישער פאלעסיער אויסגעשריי, שטאמט פון דעם ווארט „הריגה").

מיר האט זיך אויסגעדאכט, משפט׳ענדיג נאך דעם בילען, אז דער הונד יאגט לינקס פון מיר, און איך האב זיך געלאזט לויפען איבער דער לאנקע, איך זאל איבערכאפען די חיה. און נאך איידער איך האב צייט געהאט צו מאכען צוואנציג טריט, ווי א גרויסער גרויער האז איז ארויסגעשפרונגען פון הינטער א שטאם און, ווי ניט איילענדיג, פארלייגט אויף הינטער זיינע אויערען, איז ער מיט הויכע שיטערע שפרונגען אריבערגעלאפען דעם וועג און האט זיך באהאלטען אינ׳ם יונגען וועלדעל. באלד נאך איהם איז ריאבטשיק האסטיג ארויסגעפלויגען. דערזעהענ־דיג מיך, האט ער קוים א מאך געטאן מיט׳ן עק, און האט עט־ליכע מאל א בים געטאן דעם שנייא מיט די ציין און האט ווייטער נאכגעיאגט דעם האז.

יארמאלע איז פלוצלינג, ניט רוישענדיג, אויך ארויס פון וואלד.

— פארוואס, פאניטש, האט איהר זיך איהם ניט געשטעלט אין וועג? — האט ער א געשריי געטאן און מיט א פארוואורף א קנאק געטאן מיט'ן צונג.

— אז ס'איז ווייט געוועז... מעהר פון צוויי הונדערט טריט.

דערזעהענדיג מיין פארלעגענהייט, איז יארמאלע ווייכער געווארען.

— נו, ס'גארניט... ער'ט פון אונז ניט אוועק... געהט צום אירינער שליאך, — ער'ט באלד ארויסגעהן אהין...

ווען איך בין אוועק אין דער ריכטונג צו דעם אירינער שליאך, האב איך שוין אין א צוויי מינוט ארום דערהערט, ווי דער הונד יאגט ערגעץ ניט ווייט פון מיר. פארכאפט פון יעגערישער רעגונג, האב איך זיך געלאזט לויפען, האלטענדיג גרייט די ביקס, דורך די געדיכטע בושען ברעכענדיג די צווייגען ניט אכטונג געבענדיג אויף זייערע שטארקע קלעפ. איך בין אזוי לאנג געלאפען, ביז דער אטהעם האט מיר פארכאפט, און פלוצלינג האט דעם הונד'ס בילען אויפגעהערט. איך בין אוועק שטילער. מיר האט זיך געדאכט, אז אויב איך וועל געהן אזוי גלייך, וועל איך אויף זיכער אנטרעפען זיך מיט יארמאלען אויפ'ן אירינער שליאך. נאר באלד האב איך זיך איבערצייגט, אז אין דער צייט פון מיין לויפען רינגלענדיג זיך ארום די בושען און שטאמען און גאר ניט טראכטענדיג וועגען א וועג, האב איך פארבלאנזשעט. יעמאלט האב איך גענומען שרייען און רופען יארמאלען. ער האט זיך ניט אפגערופען.

פון דעסטוועגען בין איך געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער. דער וואלד איז ביסלעכווייז שיטערער געווארען, דער באדען האט זיך ארונטערגעלאזען און איז געווארען זומפיג. דער שפור, אז אפגעדריקטער פון מיין פוס אויפ'ן שניי, פלעגט באלד טונקעל ווערען און אנגיסען זיך מיט וואסער. עטליכע מאל בין איך שוין ארייגעקראכען ביז די קניע. מיר איז אויסגעקומען אריבערצו־שפרינגען פון בערגעל צו בערגעל; אינ'ם טונקעלען מאך וואס

האט זיי פארדעקט, זיינען מיינע פיס געזונקען ווי אין א ווייכען קאוויאר.

די בושען האבען זיך באלד אין גאנצען געענדיגט. פאר מיינע אויגען איז געלעגען א גרויסער קיילעכדיגער זומפ, א פארטראגענער מיט שניי, וואס פון אונטער זיין ווייסען דעק האבען ארויסגעשטארט שיטערע זומפלאך. אנטקעגען, אויף דעם אנדערן ברעג פונ׳ם זומפ, צווישען די בוימער, האבען ארויסגעקוקט ווייסע ווענט פון עפעס א שטיבעל. „דא וואוינט אפנים דער אירינער וואלד וועכטער“, האב איך א טראכט געטאן. — מען דארף אריינגעהן און פאנאנדערפרעגען ביי איהם דעם וועג“.

נאר צו קומען צו דעם שטיבעל איז ניט אזוי לייכט געוועז. יעדע רגע בין איך געזונקען אינ׳ם זומפ. מיינע שטיוועל האבען זיך אנגענומען מיט וואסער און ביי יעדען טראט האבען זיי הילכיג געבליאפעט; מיר איז אומעגליך געווארען צו שלעפען זיי נאך זיך.

ענדליך בין איך אריבערגעקראכען איבער אט דעם זומפ, און האב ארויפגעקלעטערט אויף א קליינעם בארג און איצטער האב איך געקענט גוט ארומקוקען דאס שטיבעל. דאס איז אפילו קיין שטיבעל ניט געווען, נאר ווי אין א מעשה׳לע, א שטיבעלע אויף הינערשע פיסלאך. דאס שטיבעל האט מיט׳ן דיל ניט אנגעריהרט די ערד, נאר עס איז געווען געבויט אויף קלעצער, מסתמא, צו פארזיכערען עס פון דער פארפלייצונג וואס פארטרינקט אינ׳ם פריהלינג דעם גאנצען אירינער וואלד. נאר איין זייט פון שטיבעל איז פון דער צייט איינגעבויגען געווארען, און דאס האט איהם צוגעגעבען א קרומען און א טרויעריגען אויסזעהן. אין די פענסטער האבען געפעהלט עטליכע שויבען; זיי האט פארביטען עפעס שמוציגע שמאטעס וואס זיינען ארויסגעשטופט געווען אין דרויסען ווי הויקערס.

איך האב א דריק געטאן דאס הענטעל און האב געעפענט די טיר. אין שטיבעל איז געווען זעהר פינסטער, און ביי מיר, נאכדעם ווי איך האב לאנג געקוקט אויפ׳ן שניי, זיינען פאר די אויגען

געגאנגען וויאלעטענע רעדער; דערפאר האב איך לאנג ניט גע־
קענט פאנאנדערקלייבען, צי אימיצער געפינט זיך אינ׳ם שטיבעל.

— עי, גוטע מענשען, ווער פון אייך איז אין דער היים? —
האב איך הילכיג א פרעג געטאן.

ארום אייוועלע האט זיך עפעס גענומען שארען. איך בין
צוגעגאנגען געהענטער און האב דערזעהען אן אלטיטשקע, וואס
איז געזעסען אויפ׳ן דיל. לעבען איהר איז געלעגען א גאנצער
בארג מיט גרויסע פעדערען. די אלטע פלעגט נעמען יעדע פעדער
באזונדער, פלעגט ארונטערבייסען פון איהר דאס בערדעל און
דעם פוך פלעגט זי אריינלעגען אין א קויש, און דאס שטעקעל
פלעגט זי ווארפען גלייך אויף דער ערד.

„דאס איז דאך מאנויליכע, די אירינישע מכשפה“ — האט
מיר דורכגעבליצט אין קאפ נאך איידער איך האב זיך גוט איינגע־
קוקט אין דער אלטער. אלע שטריכען פון דער באבע יאגע, ווי
דער פאלקס עפאס שטעלט זי פאר, איז דא געווען פון אויבען
אויף: די מאגערע באקען, טיף איינגעצויגענע, זיינען אריבער־
געגאנגען פון אונטען אין א שארפען, צוקראכענעם גודער, וואס
האט זיך כמעט אנגעריהרט מיט דער נידעריג אראפהענגענדיגער
נאז; דער איינגעפאלענער מויל אהן ציין, האט אהן אן
אויפהער זיך באוועגט, ווי ער וואלט עפעס קייען; די אויסגע־
קראכענע אויגען, וואס זיינען אמאל געווען בלוי, זיינען איצטער
געווען קאלטע, קיילעכדיגע, ארויסגעשטארטע, מיט זעהר קורצע
רויטע דעקלאך, און האבען געקוקט ווי די אויגען פון א בייזען
רויב פויגעל.

— גאט העלף, באבעשי! — האב איך א זאג געטאן אזוי
פריינדליך ווי איך האב נאר געקענט, — ניט דיך רופט מען עס
מאנויליכע?

אנשטאט אן ענטפער האט עפעס גענומען רייבען זיך און
כריפען אין דער אלטער׳ס ברוסט; פון איהר קייענדיגען מויל
אהן ציין האבען זיך דערנאך ארויסגעריסען משונה׳דיגע קלאנ־
גען, וואס אט זיינען זיי געווען עהנליך צו א פארשטיקטען קרא־

קען פון א קראה, און אט זיינען זיי פלוצלינג איבערגעגאנ־
גען אין א הייזעריגען אפגעריסענעם פייפען:

— אמאל, אפשר, האבען מיך די גוטע מענשען גערופען מא־
גיליכע... און איצט האלט מען מיך פאר אן ענטעל און מ'רופט
מיך הענטעל... און דו, וואס דארפסטו דא? — האט זי ניט
פריינדליך א פרעג געטאן און האט ניט אויפגעהערט איהר
כסדר'דיגע ארבייט.

— אט וואס, באבעשי, איך האב פארבלאנדזשעט. אפשר גע־
פינט זיך ביי דיר מילך אביסעל?

— ניטא קיין מילך, — האט די אלטע בייז אפגעשניטען, —
א סך פון אייערע געהען דא ארום איבער'ן וואלד... ווערסט אלע־
מען ניט אנטרינקען און ניט אנעסען...

— נו באבעשי, ביזט ניט קיין פריינדליכע צו געסט...

— ס'אן אמת, בחור'ל: גאר ניט קיין פריינדליכע. קיין
מאכלים האלטען מיר ניט פאר אייך. ביזט מיד געווארען —
זיץ א ביסעל, פון שטוב טרייבט דיך קיינער ניט. ווייסט ווי
ס'ווערט געזאגט אין דעם גלייכווערטעל: „קומט צו געהן זיצען
ארום אונזער טויער, פון אונזער יום טוב צו הערען דאס קלינ־
גען, און געהן צו אייך ווארמעס עסען וועלען מיר זיך אליין אנ־
שטויסען" אט אזוי איז עס...

די ווענדונגען אין דער שפראך האבען מיך מיט אמאל אי־
בערצייגט, אז די אלטע איז טאקע אן אנגעקומענע אין דעם גע־
גענד; דא האט מען ניט ליב און מען פארשטעהט ניט די טרע־
פענדיגע און קיילעכדיגע ווערטלאך פון דער שפראך, מיט וועלכע
דער בארעדעוודיגער מענש פון צפון פוצט זיך אזוי גערן. דער־
ווייל איז די אלטע געזעסען און האט מאכאניש געטאן איהר אר־
בייט, מורמלענדיג נאך אלץ עפעס אונטער דער נאז, וואס ווייי־
טער אלץ שטילער און אומפארשטאנדליכער. איך האב נאר אויפ־
געכאפט איינציגע ווערטער, וואס האבען צווישען זיך ניט געהאט
קיין שום צוזאמענהאנג: „אט האסטו דיר די באבעשי מאנוי־
ליכע... און ווער איז דאס — וויים מען ניט... און די יאהרען

מיינע זיינען דאך ניט קיין קליינינקע... מיט די פיס טוט זי שפרינגען, טוט קנאקען און קראקען — אן אמת'ע סאראקע"...

א לענגערע צייט האב איך שווייגענדיג זיך צוגעהערט, און א פלוצלינגער געדאנק, אז דא זיצט פאר מיר א משוגענע פרוי, האט אין מיר ארויסגערופען א געפיל פון עקעל און שרעק.

פונדעסטוועגען האב איך צייט געהאט ארומצוקוקען זיך. א גרויסען טייל פון דעם שטיבעל האט פארנומען א גרויסער אפ־געריבענער אויווען. קיין גאטס בילדער זיינען אין ווינקעל ניט געווען. אויף די ווענד, אנשטאט די אלגעמיינע יעגער מיט די גרינע וואנצען און מיט וויאליעטענע הינד און די פארטרעטען פון אומבאוואוסטע גענעראלען, זיינען געהאנגען בינטלאך פארטרי־קענטע גראזען, פעקלאך צוקנייטשטע קרייטעכער און דאס הויז געפעס. ניט קיין סאווע, ניט קיין שווארצען קאטער, האב איך ניט באמערקט, נאר דערפאר האבען פונ'ם אויפ'ן אויווען, צוויי גרויסע שפארבערס ארונטערגעקוקט אויף מיר מיט פארוואונ־דערטע און ניט פארטרויליכע בליקען.

— באבעשי, און מיט א ביסעל וואסער קען מען זיך ביי אייך באטש אנטרינקען? — האב איך א פרעג געטאן, אויפהויבענדיג מיין שטים.

— אן דארטען אין עמער, — האט די אלטע א וואונק געטאן מיט'ן קאפ.

דאס וואסער האט געשמעקט מיט זומפיגען ראסט. אפדאנ־קענדיג דער אלטער, אויף וואס זי האט ניט געשענקט די קלענסטע אויפמערקזאמקייט, האב איך א פרעג געטאן, ווי אזוי זאל איך צוקומען צו דעם שליאך.

זי האט פלוצלינג אויפגעהויבען דעם קאפ, האט אויף מיר א קוק געטאן דורכדרינגענדיג מיט איהרע קאלטע, פויגעלשע אויגען און איילענדיג האט זי גענומען מורמלען:

— געה, געה, געה בחור'ל מיט דיין אייגענעם וועג. האסט דא גארניט וואס צו טאן. א גוטער גאסט קומט צו גאסט... געה זיך, בחור'ל, געה זיך...

מיר איז אין אמת׳ן גארניט געבליבען, ווי נעמען און אוועק־געהן. נאר פּלוצלינג איז מיר געקומען אין קאפּ, א פּרוּף צו טאָן דאָס לעצטע מיטעל, איך זאָל כאַטש א ביסעל ווייכער מאכען די בייזע אלטע. איך האָב ארויסגענומען פון קעשענע א נייע, זילבערנעם פיערטעל רובעל און האָב עס אונטערגעטראָגען מאַנויליכען. איך האָב קיין טעות ניט געמאכט. דערזעהענדיג געלד, האָט די אלטע זיך א שאָקעל געטאָן, די אויגען איהרע זיינען גרעסער געוואָרען, און זי האָט זיך א ציה געטאָן נאָך דער מטבע מיט איהרע צוזאַמענגעדרעהטע, קניפּעלדיגע, ציטעריגע פינגער.

— ע, ניין, באַבעשי מאַנויליכע, אומזיסט וועל איך ניט געבען,„ — האָב איך זיך מיט איהר א רייץ געטאָן, באַהאלטענדיג דאָס געלט. — אַנו נעם, טרעף מיר.

דאָס טונקעל ברוינע צוקנייטשטע געזיכט פון דער מכשפה האָט זיך צונויפגעקנייטשט אין אן אומצופרידענער גרימאַסע. זי האָט אפּנים געוואַקעלט זיך און ניט קענענדיג באַשליסען, האָט זי געקוקט אויף מיין פויסט, וואו איך האָב פאַרדריקט דאָס געלט. נאר די זשעדניקייט איז גובר געווען.

— נו, נו, קום, צי וואָס... קום שוין, — האָט זי א קיי געטאָן, אויפהויבענדיג זיך מיט מאַטערניש פון׳ם דיל. איצטער טרעף איך שוין קיינעם ניט מעהר, קעצעלע... פאַרגעסען... אן אלטע געוואָרען, די אויגען זעהען ניט. סיידען פאַר דיר אפשר...

אנהאַלטענדיג זיך ביי דער וואַנד, טרייסלענדיג זיך אויף יעדען טראַט מיט איהר אלטען איינגעהויקערטען לייב, איז זי צוגעגאַנגען צום טיש, האָט גענומען אן אלטע, פון דער צייט אויפגעשוואָלענע טאַליע קאַרטען, האָט זיי אויסגעטאַשט און האָט זיי צוגערוקט צו מיר.

— נאַ, נעם אראָפּ... מיט׳ן לינקען הענטעל נעם אראָפּ... פון׳ם הארצען...

א שפּיי געבענדיג אויף די פינגער, האָט זי גענומען פאַנאַנדערלייגען א גאַנג. די קאַרטען זיינען געפאַלען אויפ׳ן טיש מיט אַזא קלאַנג, ווי זיי וואָלטען געווען אויסגעוועלגערט פון טייג און

זיי האבען זיך אויסגעלייגט אין א געמאסטענעם אכטעקיגען שטע־
רען. ווען די לעצטע קארט האט זיך אוועקגעלייגט מיט'ן רוקען
ארויף אויף דעם קעניג, האט מאנויליכע אויסגעשטרעקט צו מיר
די האנד.

— גילד מיך אפ, גוטער פריץ... וועסט א גליקליכער זיין,
וועסט א רייכער זיין... — האט זי זיך צוזונגען מיט א בעטלערי־
שען, עכט ציגיינערשען טאן.

איך האב איהר ארייגעשטופט די אנגעגרייטע מטבע.

די אלטע האט פלינק, ווי א מאלפע, באהאלטען זי אונטער
דער באק.

— דיר פאלט אויס א גרויסער אינטערעס איבער א וויטען,
וויטען וועג, — האט זי אנגעהויבען מיט איהר איינגעוואוינטען
איילענדיגען ריידען. — א באגעגעניש מיט א בובנאווער דאמע,
און עפעס אן אנגענעמער געשפרעד אין א זעהר וויכטיגער הויז.
אין גיכען וועסטו באקומען אן אומגעווארטע נייעס פון דעם קעניג
טרעף. דיר פאלען אויס עפעס זארגען, דערנאך פאלט דיר אויס
עפעס ניט קיין גרויס געלט. וועסט זיין אין א גרויסער קאמ־
פאניע, וועסט שכור זיין... ניט אזוי, אז דו זאלסט אין גאנצען
שכור זיין, נאר דיר פאלט אויס, אז א ביסעל וועט זיך דיר מא־
כען צו טרינקען. דיין לעבען וועט זיין א לאנגער. אויב צו זיבען
און זעכציג יאהר וועסטו ניט שטארבען, וועט...

פלוצלינג האט זי אויפגעהערט, האט אויפגעהויבען דעם קאפ,
ווי זי וואלט זיך צו עפעס צוגעהערט. איך האב זיך אויך אנגע־
שטריינגט. אימיצענס א פרויען שטים, א פרישע, א קלינגענדיגע
און א קראפטיגע, האט געזונגען, קומענדיג נעהענטער צום שטי־
בעל. איך האב דערקענט די ווערטער פון דער גראציעזער מא־
לארוסישער לידעל:

אי, דער צוויעט, אדער ניט
טוט די קאלינע בויגען.

**אי, א חלום, אדער ניט**

טוט מיין קעפעלע נויגען...

— נו, געה, איצטער געה, אדלערעל, — האט די אלטע גענו־מען זיך באוועגען אן אומרוהיגע, אפשטופענדיג מיך פונ'ם טיש. —האסט ניט וואס ארומצושלעפען זיך איבער די פרעמדע הייזער. געה וואוהין דו ביזט געגאנגען...

זי האט מיך אפילו אנגענומען ביים ארבעל פון מיין מאנטעל און האט מיך געשלעפט צו דער טיר. איהר געזיכט האט אויס־געדריקט עפעס אן אומרוהיגקייט פון א חיה.

די שטים, וואס האט געזונגען דאס לידעל, האט נאר נאהענט ארום דעם שטיבעל פלוצלינג זיך אפגעריסען, און הילכיג האט א קלונג געטאן דאס אייזערנע הענטעל פון דער טיר, און אין דעם דורכשיין פון דער פלינק צועפענטער טיר, האט זיך באוויזען א וואוקסיגע לאבענדיגע מיידעל. מיט ביידע הענט האט זי פארזיכטיג אונטערגעהאלטען איהר געשטרייפטען פארטוך, פון וואנען עס האבען ארויסגעקוקט דריי קליינינקע פויגעלשע קעפלאך מיט רויטע העלזלאך און מיט שווארצע גלאנצענדיגע אויגלאך.

— זעה, באבעשי, די זיאבליקעס האבען זיך ווידער צו מיר צו־געקלעפט, — האט זי אויסגעשריען הילכיג לאבענדיג, — גיב א קוק ס'ארא מאדנינקע... הונגעריגע נעבאך... און ביי מיר, איז ווי אויף צו להכעים, קיין שטיקעל ברויט ניט געווען.

נאר, דערזעהענדיג מיך, איז זי פלוצלינג אנטשוויגען גע־ווארען און האט זיך גענומען שטארק רויטלען. איהרע דינע טונ־קעלע ברעמען האבען אונצופרידען זיך ארונטערגערוקט און די אויגען האבען פרעגענדיג זיך געווענדט צו דער אלטער.

— דאס איז דער פריץ פארבייגעגאנגען... ער פרעגט דעם וועג, — האט די אלטע גענומען ערקלערען. — נו, בחור'ל, — האט זי מיט אן אנטשלאסענעם אויסזעהן זיך געווענדט צו מיר, — גענוג שוין פאר דיר אפצוקיהלען זיך... אנגעטרונקען זיך מיט וואסער, זיך אנגערעדט, איז שוין צייט צו פארשטיין א מאס... מיר זיינען דיר ניט קיין קאמפאניע...

— הער אויס, שענינקע, — האב איך געזאגט צו דער מיי־דעל, — זיי אזוי גוט און באווייז מיר דעם וועג צום אירינער שליאך, אז ניט וועל איך פון אייער זומפ זיך אויף אייביג ניט ארויסקלייבען.

אפנים אז אויף איהר האט געווירקט מיין ווייכער, בעטענדינער טאָן, וואס איך האב צוגעגעבען צו מיינע ווערטער.

זי האט פארזיכטיג אוועקגעזעצט אויפ'ן אויוועץ איהרע פינקעץ, דערביי וואו די שפארבערם זיינען געזעסען, האט א ווארף געטאן אויף דער באנק איהר אויסגעטאנענע קורצע סוויטקע און איז שווייגענדיג ארוים פונ'ם שטיבעל.

איך בין איהר נאכגעגאנגען.

— דאס זיינען ביי דיר אלץ צוגעוואוינטע פויגלען?—האב איך א פרעג געטאן, דעריאגענדיג דאס מיידעל.

— צוגעוואוינטע, — האט זי געענטפערט אפגעריסען און אפילו ניט א קוק געטאן אויף מיר. — נו, אט זעהט איהר, — האט זי געזאגט אפשטעלענדיג זיך ביים פלייט. — איהר זעהט א שטע־געל, אַ, אָן, צווישען די סאסנעס דארט? איהר זעהט?

— איך זעה...

— איז געהט גלייך מיט'ן שטעגעל. אז איהר'ט צוקומען צו א דעמבענעם קלאָץ, ט'איהר זיך פארקערען לינקס. דארטען, געהט גלייך, גלייך, מיט'ן וואלד, מיט'ן וואלד. דארטען ט'איהר באלד האבען פאר זיך דעם אירינישען שליאך.

אין דער צייט, ווען זי האט מיט אן אויסגעשטרעקטער האנד מיר אנגעוויזען דעם וועג צום שליאך, בין איך ניט ווילענדיג פון איהר ענטציקט געווען. אין איהר איז קיין שום עהנליכקייט ניט געווען צו די מיידלאך פון דעם געגענד, וועמעס געזיכטער זיינען שטענדיג ארומגעבונדען מיט טיכלאך, וואס פארדעקען דעם גאנ־צען שטערען, און אונטען, דער מויל און די מארדע טראגען שטענ־דיג אזא דערשלאגענעם אויסדרוק. מיין אומבאקאנטע, א הויכע ברונעטין פון א יאהר צוואנציג אדער פינף און צוואנציג, האט זיך געהאלטען לייכט און שלאנק. די ברייטע ווייסע העמד, האט פריי־

און שעהן ארומגענומען איהר יונגע קראפטיגע ברוסט. די אריגי־נעלע שעהנקייט פון איהר געזיכט, איז געוועז אזא, אז ווען מען האט עס איינמאל דערזעהן, האט מען ניט געקענט פארגעסען. נאר עס איז שווער געוועזן צו צוגעוואוינען זיך צו איהם, צו באַ־שרייבען עס. די שענקייט פון דעם געזיכט איז געוועזן אין די גרויסע פינקעלדיגע אויגען, צו וועלכע די דינע, אין מיטען איבערגע־בראכענע ברעמען, האבען צוגעגעבען אן אומבאשטימטע אפשפיג־לונג פון קלוגשאפט, הערשאפט און נאאיוויטעט; אין דעם טונ־קעל־ראזען טאן פון דער הויט, אין דעם איינענמאניריליכען בויג פון די ליפען, פון וועלכע די אונטערשטע, א ביסעל א פולערע, האט זיך עטוואס ארויסגעגעבען פאראוים מיט אן אנטשלאסענעם און קאפריזנעם אויסזעהן.

— איהר האט גארניט מורא צו וואוינען אליין אין אזא וויסטעניש? — האב איך א פרעג געטאן, אפשטעלענדיג זיך ביי'ם פליוט.

זי האט גלייכגילטיג א פיהר געטאן מיט די אקסלען.

— פאר וועמען זאלען מיר דא מורא האבען? קיין וועלף קו־מען ניט אהער.

— נאר וועלף אליין... דער שניי קען אייך פארשיטען, עס קען זיך א שרפה מאכען... און ווער ווייס וואס ס'קען זיך טרעפען... איהר לעבט דא אליין, וועט ניט זיין ווער ס'זאל אייך העלפען.

— איז א דאנק גאט! — האט זי ווי מיט פאראכטונג א מאך געטאן מיט דער האנד. — אז מ'זאל אונז מיט דער באבען אין גאנצען צורוה לאזען, וואלט בעסער געוועזן, א ניט...

— אז ניט איז וואס?

— אז איהר'ט א סך וויסען, וועט איהר גיך אלט ווערען. — האט זי אפגעשניטען. — און איהר, כ'מיין, ווער זייט איהר? — האט זי אומרוהיג א פרעג געטאן.

איך האב זיך אנגעשטויסען, אז אי די אלטע, אי די שעהנע מיידעל האבען א פנים מורא פאר עפעס אונטערדריקונגען פון

דער זייט פון די „אָרדנונגסהאַלטער“, און איך האָב זי גע־וואַלט באַרוהיגען.

— אַ! דו, איך בעט דיך, דו זיי ניט אומרוהיג. איך בין ניט קיין אוריאַדניק, ניט קיין שרייבער און ניט קיין אַקציזנער, ס'הייסט, איך בין גאָרניט...

— ניין, איהר זאָגט אַז אמת?

— איך גיב דיר מיין ערהרענוואָרט, איך שווער, אַז איך בין גאָר אַ זייטיגער מענש. גאָר פּראָסט, איך בין אַהער פאָרפאָרען צו גאַסט אויף עטליכע חדשים, און נאָכדעם וועל איך אוועקפאָרען. אויב דו ווילסט, וועל איך אפילו קיינעם ניט זאָגען אַז איך בין דאָ געוועזען און האָב אייך דאָ געזעהען. גלויבסטו מיר?

דער מיידעל'ס געזיכט האָט זיך אַ ביסעל דורכגעלייטערט.

— נו, הייסט עס, אַז אויב איהר ליינט ניט, זאָגט איהר דעם אמת. און איהר וואָס: איהר'ט פון אונז פריהער געהערט, אָדער איהר זייט אַליין צו אונז פאַרגאַנגען?

—איך וויים גאָר אַליין ניט, ווי זאָל איך דיר זאָגען... הערען, קען מען זאָגען, האָב איך פון אייך געהערט, און האָב אפילו גע־וואַלט ווען ניט איז פאַרבלאָנדזשען צו אייך, נאָר היינט בין איך פאַרגאַנגען דורך אַ צופאַל — כ'האָב פאַרבלאָנדזשעט... נו, און איצטער זאָגט, פאַר וואָס האָט איהר מורא פאַר מענשען? וואָס פאַר אַ בייז האָבען זיי אייך געטאָן?

זי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן פאַרשעמדיג און אָהן צוטרוי. נאָר מיין געוויסען איז געווען ביי מיר ריין, האָב איך קיין צוק ניט געטאָן און האָב אויסגעהאַלטען איהר שאַרפען אַנגעשטעלטען בליק. יעמאַלט האָט זי אָנגעהויבען ריידען מיט אַ שטייגענדיגער אויפ־רעגונג.

— אונז קומט אוים צו ליידען פון זיי... אַז די פּשוטע מענ־שען, זיינען נאָך ווי ניט איז, די נאַטשאַלסטווע אָבער... ס'קומט צופאָהרען דער אוריאַדניק — שלעפּט ער, קומט דער פּריסטאַוו — שלעפּט ער. דערצו נאָך באַליידיגען זיי פריהער די באָבען,

איידער זיי נעמען: דו, זאגען זיי, ביזט א מכשפה, א שד, א פארשאלטענע... עד, וואס זאל מען דא ריידען!

—און דיך טשעפען זיי ניט? — האט זיך ביי מיר ארויסגע־ריסען ניט קיין פארזיכטיגע פראגע.

זי האט מיט א שטאלצער זעלבסטזיכערקייט א פיהר געטאן מיט'ן קאפ פון אונטען ארויף, און אין איהרע שמאל־געווארענע אויגען האט א פינקעל געטאן א בייזע פרייד...

— זיי טשעפען ניט... איינמאל האט זיך צו מיר צוגערוקט עפעס אן ערדמעסטער... צו ליובען זיך, זעהט איהר,ט'זיך איהם פארוואלט... ער האט נאך א פנים ביז איצטער ניט פארגעסען, ווי כ'האב איהם צוליובעט...

אין אט די אפלאכענדיגע, נאר אייגענארטיג־שטאלצע ווערטער האט דורכגעקלונגען אזוי פיל ווילדע אונאפהייגיגקייט, אז איך האב ניט ווילענדיג א טראכט געטאן: „פונדעסטוועגען ביזטו ניט אומזיסט אויסגעוואקסען אין דעם פאליעסיער וואלד — מיט דיר איז אין דער אמת'ן א געפאהר צו שפאסען".

— און מיר טשעפען דען אימיצען? — האט זי פארט־געזעצט, ווערענדיג דורכגעדרונגען מיט אלץ מעהרער צוטרוי צו מיר. מיר דארפען גאר קיין מענשען ניט. איינמאל נאר אין יאהר געה איך אריבער אין'ם דארף צו קויפען זייף און זאלץ... און אויך טיי פאר דער באבען, — זי האט ביי מיר זעהר ליב טיי. א ניט וואלט רעכט געווען קיינעם ניט אנצוקוקען.

— נו, איך זעה, אז דו מיט דער באבען נויטיגען זיך ניט אין מענשען. איך אבער מעג פארגעהן צו אייך אמאל?

זי האט זיך פארנאנדערגעלאכט אזן מאדנע, ווי אומערוואר־טעט, האט זיך איהר שעהן געזיכט געביטען! פון דער פריהערדיגער בייזקייט איז אויף איהם קיין סימן ניט פארבליבען: עס איז פלוצ־לינג געווארען ליכטיג, שעמעוודיג, קינדעריש.

— וואס וועט איהר טאן ביי אונז? מיר זיינען מיט דער באַ־בען אומעטיגע... וואס איז, פארגעהט, מ'מעג, אויב איהר זיינט אין דער אמת'ן א גוטער מענש. אבער אט וואס... אויב איהר

ט'שווין ווען עס איז צו אונז פארבלאנדזשעו, איז בעסער ווען אהן דער ביקס...

— האסט מורא?

— וואס זאל איך מורא האבען? כ'האב פאר גארנישט ניט מורא, — און אין איהר שטים האט זיך ווידער דערהערט א זי־כערקייט אין דעם אייגענעם כח. — נאר כ'האב דאס זעהר ניט ליב. צו וואס הרג'ענען די פויגעלאך און אט די האזען אויך. זיי טוען קיינעם קיין שלעכטס ניט. לעבען ווילט זיך זיי אקוראט ווי אייך און מיר. איך האב זיי ליב; זיי זיינען אזעלכע קלייניגקע און אזעלכע נארישע... נו, איז צום ווידערזעהן זיך, — האט זי זיך גענומען איילען,—כ'ווייס ניט, ווי כ'זאל אייך אנרופען ביים נאמען... כ'האב מורא, די באבע ט'זיך בייזערען.

און זי איז לייכט און פלינק אוועקגעלאפען אין שטיבעל, איינ־בויגענדיג ארונטער דעם קאפ, צוהאלטענדיג מיט די הענד די האר וואס האבען זיך צושאטען פון ווינד.

—ווארט צו, ווארט! — האב איך א געשריי געטאן. ווי אזוי רופט מען דיך? לאמיר זיין באקענט, ו ס'דארף צו זיין.

זי האט זיך אויף א רגע אפגעשטעלט און האט זיך געווענדט צו מיר.

— אליענע, רופט מען מיך... און נאכ'ן היגען — אלעסיע.

איך האב ארויפגעווארפען די ביקס אויפ'ן אקסעל און בין אוועק אויף דעם אנגעוויזענעם וועג. ארויפקריכענדיג אויף א קליינעם בערגעל, פון וואנען עס האט זיך אנגעהויבען דאס שמא־לע, קוים־מערקליכע שטעגעל דורך דעם וואלד, האב איך זיך ארומגעקוקט. אלעסיע'ס רויט קליידעל, זיך לייכט וויגענדיג פונ'ם ווינד, האט זיך נאך געזעהען ארום שוועל פון דעם שטיבעל, ארויס־שיינענדיג מיט א העלען פלעק אויף דער בלענדענדיג־ווייסער גלייכער פלאך פון דעם שניי.

מיט א שעה שפעטער נאך מיר איז יארמאלע געקומען אהיים. נאך זיין געוויינליכער פיינדשאפט צו אומזיסטע רייד, האט ער ביי מיר קיין איינציגען ווארט ניט געפרעגט פון דעם, ווי אזוי

איך האב פארבלאנדזשעט. ער האט נאר א זאג געטאן, ווי פאר־בייגעהענדיג:

— דארטען... אין קיך האב איך געבראכט א האז... מיר'ן איהם בראטען, אדער איהר'ט איהם אימיצען אוועקשענקען?

— און דו יארמאלע, ווייסט גאר ניט, וואו איך בין היינט גע־ווען? — האב איך געזאגט, פארשטעלענדיג זיך שוין פריהער דעם פאליעסיער'ס איבעראשונג.

— פאר וואס זאל איך ניט וויסען? — האט יארמאלע גראב ארויסגעווארטשעט. — פארשטעהט זיך, אז צו די מכשפות זייט איהר געגאנגען...

— ווי אזוי האסטו זיך דערוואוסט פון דעם?

— פאר וואס זאל איך זיך ניט דערוויסען? כ'הער, אז איהר רופט זיך ניט אפ, נו, האב איך זיך א קעהר געטאן נאך אייער סליאד... עך, פאניטש! — האט ער צוגעגעבען מיט פארוואורף און פארדרוס. — איהר דארפט זיך ניט פארנעמען מיט אזעלכע זאכען... ס'א זינד!

## 4

דער פריהלינג איז אין דעם יאהר געקומען א פריהער, א פריינד־ליכער און — ווי אלע מאל אויף דער פאלעסיע—אן אומער־ווארטער. איבער די דארפישע גאסען האבען זיך צוגאסען רוי־שענדיגע, טונקעלע, פינקעלדיגע שטראמלאך, שוימענדיג בייז ארום די שטיינער וואס זיי האבען באגעגענט, דרעהענדיג אין זיך שפענד־לאך און גענזענע פעדערען; אין דעם וואסער פון די גרויסע לוזשעס האט זיך אפגעשפיגעלט דער בלויער הימעל מיט די שווימענדיגע, קיילעכדיגע, זיך דרעהענדיגע ווייסע וואלקענס; פון די דעכער הא־בען געקאפעט אפטע קלינגענדיגע טראפענס. די ווארא‍בייטשיקעס האבען מחנות'ווייז געשאטען זיך אויף די זייטיגע נאקעטע בוימלאך, און האבען געשריען אזוי הילכיג און טומעלדיג, אז מען האט

גארנישט געקענט הערען איבער זייער געשריי. אומעדום האט זיך געפילט א פריידיגע איילענדיגע אומרוה פון לעבען.

דער שניי איז צוגאנגען, פארבלייבענדיג נאך וואו ניט וואו אין קוימיגע אויפגעבלאזענע בערגלאך ערגעץ ארום שפאלטען אין שאטענדיגע וואלדיגע ערטער. פון אונטען דעם שניי האט ארויס־געקוקט די נאקעטע פייכטע און ווארעמע ערד, אז אפגערוהטע פאר'ן ווינטער און איצטער א פולע מיט פרישע זאפטען, א פולע מיט דורשט נאך נייער מוטערשאפט. איבער די שווארצע פעלדער האט זיך געדרעהט א לייכטער דאמף, וואס האט אנ־געפילט די לופט מיט'ן ריח פון אפגעגאנגענער ערד, — מיט יע־נעם פרישען, שטיל אריינדרינגענדיגען און שטארקען שכור'ן ריח פון פריהלינג, וואס אפילו אין שטאדט דערקענט מען איהם צווי־שען די הונדערטער אנדערע ריחות. מיר האט זיך געדאכט, אז אינ־איינעם מיט אט דעם ארמאט גיסט זיך אריין אין מיין נשמה דער פריהלינגס טרויער, א זיסער, א צארטער, אן אנגעפילטער מיט אומרוהיגע ערווארטונגען און אומבאשטימטע פארגעפילען, — דער פאעטישער טרויער וואס מאכט אין אייערע אויגען אלע פרויען פאר שעהן און וועקט אויף אלע מאל יענעם אומבאשטימ־טען פארדראס נאך די פארגאנגענע פריהלינגס. די נעכט זיינען געווארען ווארעמער; אין זייער געדיכטער פייכטער פינסטערניש האט זיך געפילט די פאבארגענע איילענדיגע שאפענדיגע ארבייט פון דער נאטור.

אין אט די פריהלינגס טעג איז מיר אלעסיע'ס געשטאלט ניט ארויס פון מיין קאפ. מיר איז געפעלען געווען צו פארבלייבען אליין, לייגען זיך, פארזשמורען די אויגען, איך זאל זיך בעסער קענען צונויפנעמען, און אהן אן אויפהער ארויסרופען אין מיין פארשטעלונג איהר געזיכט, אט א בייזען, אט א קלוגען, אט א שיינענדיגען מיט א צארטען שמייכעל; און איהר יונגע לייב, וואס איז אויפגעוואקסען אין דער פריי פון דעם אלטען וואלד אזוי שלאנק און אזוי שטארק, ווי עס וואקסען די יונגע יעגלעס, און איהר פרישע שטים מיט די אונערווארטעטע אונטערשטע סאמעטענע

טענער... אין אלע איהרע באוועגונגען, אין אלע איהרע ווערטער, — האב איך געטראכט, — איז פאראן עפעס נאבעלעס (פאר־שטעהט זיך, אינ׳ם בעסטען זין פון דעם אויסגעדראשענעם ווארט), עפעס אן איינגעבארענע שעהנע איינגעהאלטענקייט... אויך האט מיך געצויגען צו אליעסיע׳ן עפעס א ליכט וואס האט ארומגע־הילט איהר סודות׳דיגקייט, דער אבערגלויביגער שם פון א מכשפה, דאס לעבען אין מיטען וואלד ארום א זומפ און איבערהויפט — אט די שטאלצע זיכערקייט אין די אייגענע כחות, וואס האבען זיך ארויסגעוויזען אין די עטליכע ווערטער, ווען זי האט צו מיר גערעדט.

מען דארף זיך ניט וואונדערען, וואס ווי נאר עס זיינען די שטעגלאך פון וואלד אביסעל אויסגעטריקענט געווארען, אזוי האב איך זיך אוועקגעלאזט צום שטיבעל אויף די היהנערשע פיסלאך. אין פאל, אז עס וועט נויטיג זיין איינגעמען די ווארטשענדיגע אלטע, האב איך מיט זיך פארכאפט א האלבען פונט טיי און עטליכע הויפענס שטיקלאך צוקער.

איך האב דערוויסט די ביידע פרויען אין דער היים. די אלטע האט זיך געשארט ארום דעם העל ברענענדיגען אויוועז, און אליעסיע האט געשפינט ליין, זיצענדיג אויף א זעהר הויכען בענ־קעל. ווען איך האב, ארייננקומענדיג, א קלאפ געטאן מיט דער טיר, האט זי זיך אומגעקעהרט, דער פאדעם האט זיך איבערגע־ריסען אין איהרע הענד און דער שפינראד האט זיך א קייקעל געטאן איבער׳ן דיל.

די אלטע האט אויפמערקזאם און בייז איינגעקוקט זיך אין מיר, האט זיך צונויפגעקנייטשט און האט מיט דער האנט פאר־שטעלט דאס געזיכט פון דער היץ פון אויוועז.

— גאט העלף באבעשי! — האב איך געזאגט מיט א הילכי־גער, מוטיגער שטים. — א פנים, דו דערקענסט מיך ניט? גע־דענקסט, מיט א חודש צוריק בין איך פארגאנגען פארנאנדערפרע־גען דעם וועג? דו האסט פאר מיר אפילו געווארפען אויף קאר־טען.

— ב׳געדענק גארנישט ניט, בחור׳ל, — האט די אלטע געענ־מען קייען, אומצופרידענע טרייסלענדיג דעם קאפ, — איך געדענק גאר ניט. און וואס דו האסט ביי אונז פארגעסען, — קען איך גארניט פארשטעהן, וואס זיינען מיר דיר פאר א קאמפאניע? מיר זיינען מענשען פראסטע, גרויע... האסט ביי אונז גארניט וואס צו טאן... דער וואלד איז גרויס, ארט איז פאראן, וואו פאר־נאנדערצושפרייטען זיך... אט אזוי א...

א געפלעפטער פון דעם אומפריינדליכען אויפנעמען, האב איך זיך איינגאנצען פארלארען און איך ביז ארייננעפאלען אין יענער נארישער לאגע, ווען דו ווייסט ניט, וואס צו טאן; א וועגד טאן די גראבקייט אין א שפאס, אדער ווערען אליין בייז, אדער, ניט זאגענדיג קיין ווארט, א קער טון זיך און אוועקגעהן צוריק. ניט ווילענדיג האב איך זיך א קעהר געגעבען מיט א הילפלאזען אוים־דורק צו אליעסיע׳ן. זי האט קוים־קוים א שמייכעל געטאן מיט א דינעם בייזען שפאט, איז אויפגעשטאנען פון הינטער דעם שפינראד און איז צוגעגאנגען צו דער אלטער.

— האב קיין מורא נישט, באבעשי, — האט זי בארוהיגענדיג געזאגט, — דאס איז ניט קיין שלעכטער מענש, ער׳ט אונז קיין שלעכטס ניט טאן. מיר בעטען אייך זעצען זיך, — האט זי צוגע־געבען, אנווייזענדיג מיר אויף א בענקעל אויבען אין א ווינקעל און האט זיך מעהר ניט אומגעקוקט אויף דער אלטער׳ס ווארי־טשען.

אז אויפגעמונטערטער פון איהר אויפמערקזאמקייט, האב איך זיך געכאפט ארויסצורוקען דאס הויפט מיטעל.

— ס׳ארא בייזע דו ביזט, באבעשי... קוים קומט א גאסט אויף דער שוועל, נעמסטו זיך באלד בייזערען. און איך האב דאך א מתנה פאר דיר געבראכט, — האב איך געזאגט, דערלאנגענדיג די פעקלאך פון מיין זעקעל.

די אלטע האט א פלינקען בליק א ווארף געטאן אויף די פעקלאך, נאר תיכף האט זי זיך אפגעקערט צום אויוועו.

— איך דארף ניט די אלע מתנות דיינע, — האט זי דורכגע־

ווארטשעט א כעס'דיגע שארענדיג מיט א שטעקען די קוילען פון אויוועו. — מיר קענען זיי, אט די געסט. צו ערשט קריכען זיי אהן זייף אין דער נשמה אריין, און דערנאך... וואס האסטו אין דיין פעקעלע דארטען? — האט זי פלוצלינג א קעהר געטאן זיך צו מיר.

איך האב איהר באלד דערלאנגט דעם טיי און צוקער.

דאס האט געווירקט אויף איהר אויפ'ן בעסטען אופן, און כאטש זי האט נאך אלץ געווארטשעט, אבער אין א ווייכערען און רוהיגערען טאן.

אליעסיע האט זיך ווידער אוועקגעזעצט פאר'ן שפינראד. און איך האב זיך צוגעשפארט לעבען איהר, אויף א נידעריגען, קורצען און שאקעלדיגען בענקעלע. אליעסיע האט מיט דער לינקער האנד פלינק געוויקעלט דעם ווייסען, ווי זייד ווייכען, פאדעם, און אין דער רעכטער האט זי מיט א לייכטען גערויש נעדרעהט די ראד, וועלכען זי האט אט געלאזט פאלען כמעט ביז צו דער ערד, און אט האט זי זי געשיקט אונטערגעכאפט און מיט א קורצער באוועגונג פון די פינגער געלאזט עם ווידער דרעהען זיך. אט די ארבייט, איפ'ן ערשטען בליק אזא איינפאכע, נאר וועלכע פאדערט אין דער אמת'ן א גרויסע, פיל יאהריגע געאיבטקייט און פלינקייט, האט געזאדען אין איהרע הענד. ניט ווילענדיג האב איך זיך גענומען צוקוקען צו אט די הענד: זיי זיינען שווארץ און פארגרעבט געווארען פון ארבייט, נאר זיי זיינען געווען ניט קיין גרויסע און פון אזא שעהנער פארם, אז א סך גוטערצויגענע מוידען וואלטען זיי מקנא געווען.

— און איהר האט מיר יעמאלט גארניט געזאגט, אז די באבע האט אייך געווארפען אויף קארטען, — האט אליעסיע ארויסגעזאגט. און זעהענדיג, אז איך האב זיך א צושראקענער ארומגעקוקט, האט זי צוגעגעבען: — ס'איז גארניט, גארניט, זי איז א ביסעל שווער אויפ'ן אויער, זי ט'ניט דערהערען. זי קען נור גוט מיין שטים דערקענען.

— יא, זי האט געטראפען. וואס איז?

— אזוי זיך... כ'פרעג עס נאר... און איהר גלויבט? — האט זי בגנבה אווארף געטאן אויף מיר א פלינקען בליק.

— וואס? דאס וואס דיין באבע האט מיר אויסגעווארפען, אדער אין אלגעמיין?

— ניין, אין אלגעמיין...

— ווי זאל איך דיר זאגען, דער אמת איז, אז איך גלויב ניט, נאר פונדעסטוועגען ווער קען עס וויסען? מען זאגט, עס טרעפען זאכען... אפילו אין די קלוגע ביכער איז געדרוקט וועגען זיי. נאר אט אין דעם, וואס דיין באבע האט מיר געזאגט, גלויב איך גארניט. אזא טרעפען קען אפילו יעדע באבע אויפ'ן דארף.

אליעסיע האט א שמייכעל געטאן.

— יא, ס'איז אמת, אז איצטער טרעפט זי ניט אזוי גוט. אז אלטע איז זי געווארען, און זי שרעקט זיך זעהר שטארק. און וואס האבען אייך די קארטען געזאגט?

— גארניט אזוינס, וואס זאל זיין אינטערעסאנט. איצטער געדענק איך שוין ניט. וואס מען זאגט געוויינליך: א ווייטער וועג, אז אינטערעם דורכ'ן טרעף... איך האב שוין אפילו פאר־געסען.

— יא, יא, א שלעכטע טרעפערין איז זי געווארען. א סך ווערטער האט זי פון אלטקייט פארגעסען... ווי קומט זי? און זי האט נאך מורא אויך. סיידען זי דערזעהט געלט, יעמאלט ניט זי זיך אונטער...

— וואס זשע האט זי מורא?

— פארשטעהט זיך וואס, — פאר נאטשאלסטווע האט זי מורא... קומט דער אוריאדניק צופארען, נעמט ער אלע מאל שרייען און שרעקען... „איך, זאגט ער, קען דיך צו יעדער צייט ארײנשפא־רען. דו ווייסט, זאגט ער, וואס ס'קומט אזעלכע ווי איהר פאר כשוף מאכעריי? „אוועקשיקען אויף קאטארזשנע ארבייט אויפ'ן ס א ק א ל י נ ע ם אינזעל". ווי מיינט איהר, ער לייגט צי ניט?

— ניין, ליגען לייגט ער ניט; עפעס קומט טאקע פאר דעם,

אבער ס'איז ניט אזוי שרעקליך... נו, און דו אליעסיע, דו קענסט טרעפען?

זי האט זיך א ביסעל א קנייטש געטאן, נאר דאס האט גע־דויערט א רגע.

— איך טרעף... נאר ניט פאר געלד, — האט זי אויף גיך צו־געגעבען.

— אפשר וועסטו מיר ווארפען קארטען?

— ניין. — שטיל, נאר אנטשלאסען, האט זי געענטפערט, שאקלענדיג דעם קאפ.

— פארוואס ווילסטו ניט? נו ניט איצטער, ווען עס איז שפע־טער... פאר עפעס דאכט זיך מיר, אז דו וועסט מיר זאגען דעם אמת.

— ניין, כ'וועל ניט טרעפען. כ'וועל פאר אלץ אין דער וועלט ניט טרעפען.

— נו דאס איז שוין ניט גוט, אליעסיע. צוליב דער ערשטער באקאנטשאפט קען מען ניט אפזאגען... פאר וואס ווילסטו ניט?

— דערפאר וואס כ'האב שוין אויף אייך אויסגעווארפען קאר־טען, און א צווייטען מאל טאר מען ניט...

— מען טאר ניט? פאר וואס? איך פארשטעה דאס ניט.

— ניין, ניין, מ'טאר ניט, מ'טאר ניט... — האט זי אנגעהויי־בען שעפטשען מיט אן אבערגלויביגען שרעק. — דעם מזל טאר מען קיין צוויי מאל ניט פרופען... ס'טויג ניט... זי וועט זיך דער־וויסען, וועט זיך אונטערהערען... דער מזל האט ניט ליב, ווען מ'פרעגט ביי איהם... דערפאר זיינען אלע טרעפערקעס אזעלכע אומגליקליכע.

איך האב געוואלט אליעסיע'ן ענטפערען מיט עפעס א שפאס, נאר איך האב ניט געקענט: צופיל אויפריכטיגע איבערצייגונג איז געווען אין איהרע רייד, אזוי, אז אפילו ווען זי האט דערמאנט וועגען דעם מזל און האט מיט מאדנער שרעקעדיגקייט געקוקט צו דער טיר, האב איך ניט ווילענדיג, אט די באוועגונג איהרע נאכ־געמאכט.

— נו, אויב דו ווילסט מיר ניט אויסוואַרפֿען, טאַ דערצעהל מיר וואָס ביי דיר איז יעמאָלט אויסגעפֿאַלען? — האָט איך זי געבעטען.

אליעסיע האָט פּלוצלינג אַפּגעלאָזען די ראָד און האָט זיך צו־גערירט צו מיין האַנד.

— ניין... מ'דאַרף בעסער ניט, — האָט זי געזאָגט, און איהרע אויגען האָבען אָנגענומען אַ בעטענדיגען קינדערשען אויסדרוק. — איך בעט אייך, ניט בעט מיך... ניט גוט איז אייך אויסגעפֿאַלען... בעסער בעט מיך ניט...

נאָר איך האָב ניט אויפֿגעהערט צו בעטען. איך האָב ניט גע־קענט פֿאַרנעמען: צי דער אַפּזאָג איהרער און די טונקעלע אָנ־דייטונג וועגען דעם מזל איז דאָס געוועזען דער אָנשטעל פֿון אַ טרעפֿעריין, אָדער זי אַליין האָט געגלויבט אין דער אמת'ן אין אַלץ וואָס זי האָט גערעדט, נאָר מיר איז געוואָרען עפּעס אַזוי מאָדנע... כמעט ניט היימליך...

— נו גוט... איך וועל שוין אייך זאָגען, — האָט אַליעסיע ענדליך איינגעשטימט. — נאָר געדענקט, אַז אַפּמאָך איז טהייערער פֿון געלד: זייט ניט ברוגז, אויב עס וועט אייך עפּעס ניט געפֿע־לען ווערען. אָט וואָס אייך איז אויסגעפֿאַלען: כאָטש איהר זייט אַ מענש אַ גוטער, נאָר איהר זייט אַ שוואַכער... אייער גוטסקייט איז ניט קיין גוטע, ניט קיין האַרציגע... אויף אייער וואָרט זייט איהר ניט קיין באַלעבאָס. איבער מענשען האָט איהר ליב צו זיין אויפ'ן אויבען אַן, כאָטש איהר ווילט עס אַליין ניט... נו, ס'איז שוין אַלץ איינס, אַז זאָגען, איז זאָל שוין זיין אַלץ מיט אַ שטיי־גער... צו אונזער שוועסטער האָט איהר זעהר אַ גרויסע שוואַכ־קייט, און איבער דעם וועט איהר אין אייער לעבען האָבען אַ סך צרות... קיין געלד איז ביי אייך ניט טייער און קלייבען עס קענט איהר ניט — וועט איהר קיין רייכער קיינמאָל ניט זיין... זאָגען ווייטער?

— זאָג! זאָג! אַלץ וואָס דו ווייסט, זאָג!

— ווייטער איז אויסגעפֿאַלען, אַז אייער לעבען וועט ניט

קיין פרעהליכער זיין. מיט'ן הארצען וועט איהר קיינעם ניט ליב באקומען, דערפאר ווייל אייער הארץ איז א קאלטע, א פוילע, און יענע, וואס וועלען אייך ליב האבען, וועט איהר א סך אונגליק פארשאפען.... איהר וועט קיינמאל ניט חתונה האבען, אזוי וועט איהר שטארבען א בחור. קיין גרויסע פריידען אין אייער לעבען וועלען ניט זיין, נאר א סך אומעט און זארגען אלערליי... ס'וועט קומען אזא צייט, ווען אייך וועט זיך פארוועלען אויף זיך אליין די הענד ארויפלייגען... עפעס איין זאך אזא וועט ביי אייך ארויס־קומען... נאר איהר וועט זיך ניט דערוואגען, איהר'ט דאס אזוי אי־בערטראגען... איהר וועט זיין אין א שטארקער נויט, אבער ביים סוף פון אייער לעבען וועט זיך אייער מזל איבערבייטען איבער דעם טויט פון עפעס א מענשען, וואס איז אייך זעהר נאהענט, און דאס וועט טרעפען גאר פלוצלינג... נאר דאס אלץ וועט זיין אין א סך יאהרען ארום, אבער אט אין דעם יאהר... אקוראט ווען, וויים איך אליין ניט — אבער די קארטען זאגען, אז גאר, גאר אין גיכען... אפשר נאך אין היינטיגען חודש...

— וואס קען זיך טרעפען אין היינטיגען יאהר? — האב איך א פרעג געטאן, ווען זי האט זיך ווידער אפגעשטעלט.

— כ'האב אפילו מורא צו ריידען ווייטער. ס'פאלט אייך אוים א גרויסע ליבע פון דער זייט פון עפעס א דאמע פיק. נאר דאס קען איך ניט אויסגעפינען, צי זי איז א ווייבעל אדער א מיידעל, אבער איך וויים אויף זיכער, אז זי איז מיט טונקעלע האר...

איך האב ניט ווילענדיג געווארפען א פלינקען בליק אויף אליעסיע'ס קאפ.

— וואס קוקט איהר זיך איין? — זי איז פלוצלינג רויט געווארען, דערפילענדיג מיין בליק מיט'ן פארשטעהן, וואס אויך אנדערע פרויען האבען אט די אייגענשאפט. — נו יא, עהנליך צו מיינע — האט זי פארטגעזעצט, אינסטינקטיוו פארריכטענדיג די האר און נאך מעהר רויט ווערענדיג.

— איז זאגסטו, אז א גרויסע פיקאָווע ליבע? — האָב איך א שפּאָס געטאָן.

— לאַכט ניט, מ׳דאַרף ניט לאַכן, — ערנסט, כמעט שטרענג האָט אליעסיע באַמערקט, — איך זאָג אייך נאָר דעם גאַנצן אמת.

— נו גוט, כ׳וועל מעהר ניט, כ׳וועל מעהר ניט, איז וואָס זשע ווייטער?

— ווייטער... אַך! ניט גוט פאַלט אויס פאַר דער דאַמע פּיק, ערגער פון טויט... א גרויסע שאַנדע וועט זי נעמען אויף זיך איבער אייך, אַזאַ שאַנדע, וואָס אויפ׳ן גאַנצן לעבן קען מען ניט פאַרגעסען, און א לאַנגער טרויער פאַלט איהר אויס... און אויף איהר פּלאַנעט קומט אייך קיין שום שלעכטס ניט אַרויס.

— הער זיך איין, אלעסיע, און די קאַרטען האָבען דיך ניט געקענט אָפּנאַרען? צוליב וואָס זאָל איך דער פּיקאָווער דאַמע אַזוי פיל אונאַנגענעמליכקייטען פאַרשאַפען? א מענש בין איך א שטילער, אַן איינגעהאַלטענער, און דו האָסט אַזוי פיל שרעק וועגען מיר אָנגערעדט...

— נו דאָס אַלץ ווייס איך שוין ניט. און ס׳איז אַזוי אויסגעפאַלען, אַז ניט איהר וועט עס טאָן, — ס׳הייסט ניט אומיסטנע, אָבער דורך אייך וועט דאָס גאַנצע אומגליק אַרויסקומען... אַט, ווען מיינע ווערטער וועלען מקוים ווערען, וועט איהר מיך יעמאָלט דערמאָנען.

— אלעסיע, און דאָס אַלץ האָבען דיר די קאַרטען געזאָגט?

זי האָט געענטפערט ניט מיט אַמאָל, ווי צוריקגעהאַלטען און ניט ווילענדיג:

— די קאַרטען אויך... אָבער אפילו אָהן זיי דערקען איך א סך. אַט, אפילו אויף א פּנים. אויב, צום ביישפּיעל, איינער א מענש דאַרף אין גיכען שטאַרבען מיט א שלעכטען טויט, קען איך עס תיכף אויף זיין פּנים דורכלייענען, כ׳דאַרף אפילו ניט ריידען מיט איהם.

— וואָס זשע זעהסטו ביי איהם אויפ׳ן פּנים?

— אַז דאָס ווייס איך שוין אַליין ניט. פּלוצלינג הויבט מיר

אַז װערען שרעקליך, אַזוי װי ניט קײן לעבעדיגער שטעהט ער פאַר מיר. אַט טוט כאַטש אַ פרעג ביי דער באָבען, װעט זי אייך זאָגען, אַז איך זאָג דעם אמת. טראָכים, דער מילנער, האָט פאַר אַ יאָהרען דערװאָרגען זיך ביי זיך אויף דער מיהל, און איך האָב איהם אין גאַנצען אַ צװיי טעג פאַר דעם געזעהען און טאַקע יע־מאָלט האָב איך געזאָגט דער באָבען: „אַט זעה, באָבע, אַז טראַ־כים װעט די טעג שטאַרבען מיט אַ שלעכטען טויט". אַזוי איז עס טאַקע געװען. און ניט לאַנג צוריק איז צו אונז פאַרגאַנגען דער פערד־גנב — יאַשקע, ער'ט געבעטען די באָבע צו טרעפען. די באָבע האָט פאַר איהם אויסגעלייגט די קאַרטען און גענומען טרעפען. און ער האָט מיט אַ שפּאַס גענומען פרעגען: „דו זאָג מיר באָבעניו, מיט װאָס פאַר אַ טױט װעל איך שטאַרבען?" און אַליין לאַכט ער. איך, װי כ'האָב נאָר אַ קוק געטאָן אויף איהם, קען איך זיך ניט אַ ריהר טאָן אפילו: כ'זעה, ס'זיצט יאַקאָװ, און דער פּנים איז ביי איהם אַ טויטער, אַ גרינער... די אויגען זיי־נען פאַרמאַכט... און די ליפּען שװאַרצע... דערנאָך, אין אַ װאָך אַרום, הערען מיר, אַז די פּויערען האָבען געכאַפּט יאַקאָװען, װען ער האָט געװאָלט גנב'ענען פערד... אַ גאַנצע נאַכט האָט מען איהם געשלאָגען... זעהר בייזע מענשען זיינען דאָ ביי אונז... מענשען אָהן רחמנות... אין די פּיאַטעס האָבען זיי איהם טשװעקעס גע־שלאָגען, האָבען מיט שטעקענס איהם אַלע ריפּען איבערגעבראָ־כען... אַז ביז'ן פריהמאָרגען איז פון איהם זיין נשמה אויסגעגאַנ־גען...

— פאַר װאָס זשע האָסטו איהם ניט געזאָגט, אַז אַן אומגליק װאַרט אויף איהם?

— צו װאָס זאָגען? — האָט אַלעסיע געענטפערט, — דאָס װאָס ביים מזל איז באַשטימט, װעסטו דען פון דעם אַנטלויפען? ס'װאָלט נאָר דער מענש געמאַטערט זיך אומזיסט אין זיינע גע־ציילטע טעג... און מיר אַליין איז דאָס אויך מיאוס, װאָס איך זעה דאָס אַזוי, יעמאָלט װער איך מיאוס זיך אַליין... אָבער װאָס איז? דאָס איז דאָך ביי מיר פון'ם מזל. די באָבעשי מיינע, װען

זי איז יונגער געווען, פלעגט אויך דערקענען דעם טויט, און די מאמע מיינע אויך, אויך דער באבעס מאמע — דאס קומט ניט פון אונז... דאס איז אין אונזער בלוט אזוי...

זי האט אויפגעהערט שפּינען און איז געזעסען, ארונטערגע־לענט נידעריג דעם קאפּ און האט שטילערהייט אנידערגעלייגט די הענד איבער דער לענג פון די קניע. אין איהרע ניט באוועג־ליכע אפּגעשטעלטע אויגען מיט די פארנאנדערגעשפּרייטען שווארצאפּלען האט זיך אפּגעשפּיגעלט עפּעס א טונקעלע שרעק, עפּעס א ניט ווילענדיגע אונטערטעניגקייט צו געהיימע כחות און צו אן איבערנאטירליכען וויסען, וואס האט דורכגעלייטערט איהר נשמה.

## 5

אין דער זעלבער צייט האט די אלטע אויסגעשפּרייט אויפ'ן טיש א ריין טישטיכעל מיט אויסגענייטע ברעגען און האט אוועקגעשטעלט א טעפּעל וואס האט געשלאגען מיט פּארע.

— געה עסען, אלעסיע, — האט זי א רוף געטאן דאס אייני־קעל און נאך א רגע פון איבערלייגען זיך, האט זי זיך געווענדעט צו מיר: — אפשר וועט איהר, פּריץ, מיט אונז עפּעס עסען? מיר בעטען אייך צום טיש... אבער קיין גאר פיינע עסענעס איז ביי אונז ניטא, קיין זופּען קאכען מיר ניט, נאר א פּראסטען פעלד קרופּניקיעל...

מען קען ניט זאגען אז איהר איינלאדונג איז געווען זעהר א הארציגע, און איך האב זיך שוין געוואלט אפּזאגען פון איהר, אבער, אלעסיע, פון איהר זייט האט גענומען מיך בעטען מיט אזא ליבער איינפאכקייט און מיט אזא צערטליכען שמייכעל, אז איך האב ניטווילענדיג נאכגעגעבען. זי אליין האט מיר אנגעגאסען א פולען טעלער מיט קרופּניק — א געקעכץ פון גערשטענע גרויפּען מיט שמאלץ, ציבעלע, קארטאפעל און הוהן — זעהר א גע־שמאקער און נארהאפטער עסען. זעצענדיג זיך צום טיש, האט

ניט די באבע און ניט דאס איינ‏יקעל זיך איבערגע׳צלם׳ט. ביים עסען האב איך ניט אויפגעהערט קוקען אויףביידע פרויען, דער־פאר, ווייל נאך מיין טיפער איבערצייגונג, וואס איך באהאלט עס נאך ביז היינטיגען טאג, קען א מענש אין ערגעץ ניט ארויסווייזען זיך אזוי דייטליך, ווי אין דער צייט פונ׳ם עסען. די אלטע האט געשלונגען דעם קרופניק מיט א גרויסער זשעדניקייט, האט הילכיג געקייט און האט אנגעשטופט א פולען מויל מיט גרויסע שטיקער ברויט, אזוי, אז פון אונטער איהרע דארע באקען האבען אויפגעבלאזען זיך און ארונטערגעלאזען זיך גרויסע פענכערס. ביי אלעסיען איז אפילו אין דעם מאניער פון עסען געווען עפעס אן איינגעבארענע איידעלקייט.

אין א שעה ארום נאכ׳ן עסען האב איך זיך געזעגענט מיט די באלעבאסטעס פונ׳ם שטיבעל אויף די הינערשע פיסלאך.

— איהר ווילט איך זאל אייך אביסעל באלייטען? — האט אלעסיע פארגעלייגט.

— וואס פאר א באלייטעניש האט זי דארטען אויסגעטראכט! האט די אלטע א בייזע געגומען קייען. — קענסט ניט איינזיצען אויף אן ארט, דו ציג איינע...

נאר אלעסיע האט שוין ארויפגעווארפען אויפ׳ן קאפ א רויטע קאשעמירענע שאל און פלוצלינג, צולויפענדיג צו דער אלטער, האט זי זי ארומגענומען און האט איהר א הילכיגען קוש געגעבען.

— באבעשי, ליבינקע, טייערע, גאלדענע... כ׳געה אויף א מינוטעלע נאר, כ׳וועל באלד קומען צוריק.

— נו גוט, נו גוט, צודרעהטע, — האט די אלטע זיך שוואך אפגעשלאגען פון איהר. — איהר, פריץ, זאלט אונז ניט באריידען: זי איז אין גאנצען א נארעלע ביי מיר.

דורכגעהענדיג א שמאל שטעגעל, זיינען מיר ארוים אויפ׳ן וואלד וועג, וואס איז געווען שווארץ פון קויט, צוטראטען פון קאפיטעס, און פון רעדער צואקערט אין פאסען, אנגעפילטע מיט וואסער, וואו עס האט אפגעשיינט דאס פייער פון דער

פארגעהענדער זון. מיר זיינען געגאנגען אויף דער זייט פון דעם וועג, וואס איז געלעגען אין גאנצען פארדעקט מיט פוילע גע־לע פאראיאהריגע בלעטער, וועלכע זיינען נאך ניט טרוקען געווא־רען נאך דעם שניי. פון זייער טויטער געלקייט האבען וואו ניט וואו אויפגעהויבען זייערע לילא־פארביגע קעפלאך די היבשע גלעק־לאך „שלאף" — די ערשטע בלום פון פאלעסיע.

— הער מיך אויס, אלעסיע, — האב איך אנגעהויבען, — מיר ווילט זיך זעהר שטארק וועגען עפעס א פרעג טאן ביי דיר, נאר כ'האב מורא, אז דו וועסט איין כעס ווערען... זאג מיר, צי ס'איז אמת וואס מ'זאגט, אז דיין באבע... ווי זאל איך עס אויס־דריקען?...

— א מכשפה? — האט מיר אלעסיע רוהיג ארויסגעהאלפען.

— ניין... ניט קיין מכשפה — האב איך זיך פארלארען. — אויב דו ווילסט, זאל זיין א מכשפה... געוויס, ווינציג רעדט מען דען?... ס'איז גאר פשוט, פאר וואס זאל זי ניט וויסען פון וועלכע עס איז גראזען אזעלכע, תרופות, אדער אפשפרעכונגען? נאר אויב דיר איז דאס ניט אנגענעם, קענסטו מיר אויף דעם ניט ענטפערען.

— ניין, פארוואס? — האט זי זיך רוהיג אפגערופען, — וואס זאל מיר דא ניט זיין אנגענעם? ס'אן אמת, זי איז א מכשפה. אבער איצטער איז זי שוין אלט געווארען און קען שוין ניט טאן אזעלכע זאכען וואס זי פלעגט אמאל טאן.

— וואס פלעגט זי קענען טאן? — ביז איך נייגעריג געווא־רען.

— פארשיעדענעס. היילען האט זי געקענט, פלעגט העלפען צו ציין וועהטאג, פלעגט אפשפרעכען א בייז אויג אדער ווען אי־מיצען פלעגט איינבייסען א משוגענער הונד, אדער א שלאנג, פלעגט אנווייזען אויף אוצרות... און נאך א סך זאכען וואס מ'קען גאר ניט אויסרעכענען...

— ווייסטו וואס, אלעסיע?... דו האב גאר קיין פאריבעל ניט, אבער איך גלויב דאך גאר ניט אין די אלע זאכען. נור זיי מיט

מיר אפענהארציג, כ׳וועל דיך פאר קיינעם ניט ארויסגעבען: אבער דאס אלץ איז דאך ניט מעהר ווי א פאלשקייט, כדי אפצו־נארען די מענשען?

זי האט גלייכגילטיג א קנייטש געטאן מיט די אקסלען.

— טראכט זיך וואס איהר ווילט. פארשטעהט זיך, אז א דאר־פישע פרוי קען מען זעהר גרינג אפנארען, אבער אייך וועל איך דאך ניט וועלען נארען.

— הייסט עס, אז דו גלויבסט זעהר שטארק אין כשוף מאַ־כעריי?

— אז ווי זאל איך ניט גלויבען? דער כשוף ליגט דאך אין אונזער שטאם... איך אליין ווייס אויך פון א סך זאכען.

— אלעסיע, טהייערע... ווען דו וואלסט וויסען ווי דאס אלץ אינטערעסירט מיך... דו וועסט טאקע מיר גאר נישט ניט באַ־ווייזען?

— פאר וואס? כ׳וועל באווייזען, אויב איהר ווילט, — האט אלעסיע א גרייטע איינגעשטימט. — איהר ווילט שוין?

— יא, אויב ס׳איז מעגליך, באלד.

— איהר׳ט ניט מורא האבען?

— נו, נארישקייטען. ביינאכט וואלט איך אפשר מורא גע־האט, אבער איצטער איז נאך ליכטיג.

— גוט, גיט מיר אייער האנד.

איך האב געפאלגט. אלעסיע האט פלינק פארקאשערט דעם ארבעל פון איהר מאנטעל און האט אפגעשפילעט דעם קנעפעל פון איהר מאנזשעטע, דערנאך האט זי פון קעשענע ארויסגענו־מען א קליין פיניש מעסערל און האט פון איהם ארא[פ]גענומען דאס רימענע שיידעלע.

— וואס ווילסטו טאן? — האב איך א פרעג געטאן, פילענ־דיג, אז אין מיר האט זיך א ריהר געטאן א געמיינינקע שרעקע־דינקייט.

— אט באלד... איהר׳ט דאך אבער געזאגט, אז איהר׳ט ניט מורא האבען!

פלוצלינג האט איהר האנד געמאכט א לייכטע קוים מערק־ליכע באוועגונג און איך האב דערפיהלט, אין דער ווייכ־קייט, אביסעל העכער פון דעם ארט וואו מען טאפט דעם פולס, אז אויפרעגענדיגע באריהרונג פון דער שארפער קלינג. דאס בלוט האט באלד א שפאר געטאן איבער דער גאנצער ברייט פונ׳ם שניט, האט זיך צוגאסען איבער דער האנד און גענומען טריפען אין היבשע טראפענס אויף דער ערד. איך האב זיך קוים איינגע־האלטען פון א געשריי צו טאן, נאר, דאכט זיך, אז איך בין בלייך געווארען.

— האט קיין מורא ניט, איהר׳ט בלייבען לעבען, — האט אלעסיע א שמייכעל געטאן.

זי האט שטייף מיט איהר האנד ארומגעכאפט מיין האנד הע־כער איבער דער וואונד און, צונייגענדיג זיך נאהענט צו איהר מיט׳ן געזיכט, האט זי עפעס גיך גענומען שעפטשען ארומגעבענ־דיג מיין הויט מיט א הייסען ציטערענדיגען אטהעם. ווען אלעסיע האט זיך אויסגעגלייכט און האט פאנאנדערגענומען איה־רע פינגער, איז אויפ׳ן ארט פון דער וואונד פארבליבען נאר א רויטער ראַץ.

— נו וואס? גענוג פאר אייך? — האט זי מיט א לוסטיגען שמייכעל מיך געפרעגט, באהאלטענדיג דאס מעסערעל. איהר ווילט נאך?

— אודאי וויל איך. אבער אויב ס׳איז נאר מעגליך, אזוי, ס׳זאל נאר ניט זיין אזוי שרעקליך און אהן בלוט פארגיסונג, בעט איך דיך...

— וואס אזוינס זאל איך אייך באווייזען? — האט זי זיך פארטראכט. — נו, אפשר כאטש אזא זאך: געהט פאראויס מיט׳ן וועג... אבער זעהט, קוקט זיך ניט ארום אויף הינטען.

— און דאס וועט ניט זיין מורא׳דיג? האב איך א פרעג געטאן, באמיהענדיג זיך מיט א רוהיגען שמייכעל צו פארדעקען מיין שרעקעוודיגע ערווארטונג פון עפעס אן אומאנגענעמער אי־בערראשונג.

— ניין, ניין... ס'איז גארנישט... גערט.

איך בין אוועקגעגאנגען פאראויס, שטארק פאראינטערע־סערט מיט'ן עקספערימענט, פילענדיג הינטער מיין רוקען אלע־סיע'ס אנגעשטריינגטען בליק. נאר דורכגעהענדיג א צוואנציג טריט, האב איך זיך פלוצלינג פארטשעפעט אויף גאר א גלייכען ארט און בין געפאלען מיט'ן געזיכט אראפ.

— געהט ווייטער, געהט ווייטער! — האט אלעסיע געשריי־ען. — קוקט ניט אויף הינטען!

— ס'איז גאר ניט, ביז דער חתונה וועט פארהיילט ווערען... האלט זיך פעסטער פאר דער ערד, ווען איהר'ט פאלען.

איך בין אוועק ווייטער. נאך צעהן טריט, און כ'האב זיך א צווייטען מאל אויסגעצויגען אין מיין גאנצער גרויס.

אלעסיע האט זיך הילכיג פארנאנדערגעלאכט און האט גע־נומען פאטשען מיט די הענד.

— נו וואס? מ'זיין גענוג? — האט זי א געשריי געטאן בלי־צענדיג מיט איהרע ווייסע ציין, — איצטער גלויבט איהר שוין? ס'איז גארנים, גארנים!... איהר זייט געפלויגען ניט ארויף נאר ארונטער.

— ווי אזוי האסטו דאס געמאכט? — האב איך געפרעגט מיט פארוואונדערונג, אפטרייסלענדיג פון מיינע קליידער די צו־געשטאנענע צווייגלאך און טרוקענע גרעזלאך. — ס'איז ניט קיין סעקרעט?

— ס'איז גאר קיין סעקרעט ניט. איך וועל אייך מיט פארגע־ניגען דערציילען. נאר כ'האב מורא, אז אפשר וועט איהר ניט פאר־שטעהן... כ'וועל דאס ניט קענען ערקלערען...

איך האב זי ווירקליך ניט אין גאנצען פארשטאנען. נאר, אויב איך האב קיין טעות ניט, באשטעהט דער גאנצער אייגענ־ארטיגער קונץ אין דעם, וואס געהענדיג הינטער מיר טריט נאך טריט, פוס אין פוס אוז, ניט אפטרעטענדיג און קוקענדיג אויף מיר, אין דער זעלבער צייט באמיהט זי זיך נאכצומאכען יעדע און די סאמע קלענסטע באוועגונג מיינע, מ'קען זאגען, ווערענדיג

איינס מיט מיר. דורכגעהענדיג אויף אזא אופן עטליכע טריט, הויבט זי אן אין גערדאנק פארצושטעלען זיך, אויף עטליכע טריט פאר מיר, א שטריק, אן אויסגעצייגענע איבער דער ברייט פון וועג אויף אן אייל די הויך פון דער ערד. אין דער זעלבער רגע, ווען איך דארף זיך צוריהרען מיט דער פוס צו אט דער פארגעשטעלטער שטריק, מאכט אלעסיע פלוצלינג א פאלענדיגע באוועגונג, און יעמאלט, נאך איהרע רייד נאך, וועט דער שטארקסטער מענש אומבאדינגט מוזען פאלען... ערשט אין א לאנגע צייט ארום האב איך זיך דערמאנט אויף אלעסיע'ס ניט קלארע ערקלערונג, ווען איך האב געלייענט די סטאטיסטיק פון דעם דאקטאר שארקא וועגען די עקספערימענטען, וואס ער האט געמאכט איבער צוויי סאלפעטריער פאציענטינס, פראפעסיאנעלע כשוף מאכערינס, וואס האבען געליטען פון היסטעריע. און איך בין שטארק פאר־וואונדערט געווען, דערוויסענדיג זיך, אז די פראנצויזישע כשוף מאכערינס פונ'ם פראסטען פאלק פלעגען אין אזא פאל באנוצען זיך מיט די זעלבע קונצען, וואס די שעהנינקע פאליעסיער מכשפה האט זיך באנוצט.

— א! פאראן נאך א סך זאכען וואס איך קען, — האט אלעסיע מיט זיכערקייט ערקלערט. — צוםביישפיעל, איך קען אויף אייך ארויפיאגען א שרעק...

— וואס מיינט עס?

— איך וועל מאכען אזוי, אז א שרעק זאל אייך באפאלען. צום ביישפיעל, איהר זיצט אין אווענד ביי זיך אין צימער, און פלוצלינג פון העלער הויט, באפאלט אייך אזא שרעק, אז איהר ציטערט אויף און איהר דערוואגט זיך ניט א קוק צו טאן אויף הינטען. אבער צוליעב דעם דארף איך וויסען, וואו איהר וואוינט, און זעהן פריהער אייער צימער.

— נו, דאס איז דאך אזא פשוט'ע זאך, — האב איך א צוויי־פעל געטאן. — וועסט קומען צום פענסטער, וועסט א קלאפ טאן, וועסט א געשריי טאן עפעס...

— א, ניין... ניין... כ'וועל גאר יעמאלט זיין אין וואלד, כ'וועל

אין ערגעץ ניט ארויס פון הויז... נאר איך וועל זיצען און כסדר וועל איך קלערען, אז אט געה איך איבער דער גאס, איך קום אריין אין אייער הויז, איך עפען די טיר, איך געה אריין אין אייער צימער... איהר זיצט זיך ערגעץ, נו, זאל זיין אז ביי'ם טיש... איך גנב'ע זיך צו שטילערהייט צו אייך פון הינטען... איהר הערט מיך ניט... איך כאפ אייך פאר'ן אקסעל מיט די הענד און הייב אן ווערגען... אלץ שטארקער, שטארקער, שטארקער... און איך אליין, שטעה און קוק אויף אייך... אט אזוי — זעהט...

איהרע דינע ברעמען האבען זיך פלוצלינג ארונטערגערוקט, די אויגען האבען שארף זיך אנגעשטעלט אויף מיר מיט א בייזען און צוציהענדיגען אויסדרוק, די שווארצאפלען זיינען גרעסער און בלויער געווארען. מיר האט זיך באלד דערמאנט מעדוזעס קאפ, וואס איך האב געזעהען אין מאסקווע, אין טרעדיאקאווסקי'ס גא־לעריע, — אן ארבייט וואס איך געדענק שוין ניט פון וועלכען מא־לער. אונטער דעם מאדנעם אנגעשטעלטען בליק האט מיך ארומ־געכאפט א קאלטער שרעק פון איבערנאטירליכעס.

— נו גענוג, גענוג, אלעסיע... ס'וועט זיין גענוג — האב איך געזאגט מיט א געמאכטען געלעכטער. — מיר געפעלט בעסער, ווען דו שמייכעלסט — יעמאלט איז ביי דיר אזא ליב און קינדעריש געזיכט.

מיר זיינען אוועק ווייטער. מיר האט זיך פלוצלינג דערמאנט די אויסדריקליכקייט און די פיינקייט פון פראזען אינ'ם גע־שפרעך, וואס אזא פראסטע מיידעל ווי אלעסיע האט באנוצט, און איך האב געזאגט:

— וויים, וואס מיך וואונדערט אויף דיר, אלעסיע? אט דו, ביזט אויסגעוואקסען אין וואלד, האסט קיינעם ניט געזעהען... און לייענען, פארשטעהט זיך, איז דיר אויך פיל ניט אויסגעקו־מען...

— אז איך קען גאר אפילו ניט לייענען...

— נו, איז נאך בעסער... און פון דעסטוועגען רעדסטו אזוי פיין, נים ערגער פון אז אמת'ער פריילין. זאג מיר, ווי קומט עס

צו דיר? פארשטעהסט, ווענען וואס איך פרעג דאס ביי דיר?

— יא, כ'פערשטעה, דאס אלץ איז פון דער באבען... איהר קוקט ניט, וואס זי איז אזא אויפ'ן אויסזעהן. או, ס'ארא קלוגע זי איז! אט, אפשר וועט זי זיך פאר אייך אמאל פארנאנדער־ריידען, ווען זי ט'זיך מעהר צוגעוואוינען... אלץ ווייס זי, זי ווייס כמעט אלץ אויף דער וועלט, ווענען וואס מ'זאל ניט א פרעג טאן. אמת, זי איז איצטער אלט געווארען...

— הייסט עס, אז זי האט א סך געזעהען אויף איהר לעבען? פון וואנען שטאמט זי? וואו האט זי פריהער געלעבט?

דאכט זיך, אז די אלע פראגען זיינען אלעסיע'ן ניט געפעלען געווארען. זי האט געענטפערט ניט מיט אמאל, ניט גלייך און ניט ווילענדיג:

— כ'ווייס ניט... און זי אליין האט ניט ליב צו ריידען ווענען דעם. אויב זי דערצעהלט עפעס אמאל, איז שטענדיג בעט זי צו פארגעסען און מעהר ניט צו דערמאנען... נו, פאר מיר איז שוין צייט, שוין צייט פאר מיר,—האט אלעסיע גענומען זיך איילען,— די באבעשי וועט ברוגז ווערען. צום ווידערזעהן... אנטשולדיגט, כ'ווייס ניט אייער נאמען.

איך האב זיך אנגערופען:

— איוואן טימאפעיעוויטש? נו, איז גוט. איז צום ווידערזעהן, איוואן טימאפעיעוויטש! מיידט ניט אוים אונזער שטיבעל, קומט אריין אמאל.

ביים געזעגענען זיך האב איך צו איהר אויסגעצויגען מיין האנד, און איהר קליינע קראפטיגע האנד האט מיר געענטפערט מיט א שטארקען, חבר'שען דריק.

## 6

פון אט דעם טאג אן בין איך געווארען אן אפטער גאסט אינ'ם שטיבעל אויף די היהנערשע פיסלאך. יעדען מאל, ווען איך פלעג קומען, פלעגט מיך אלעסיע באגעגענען מיט איהר געוויינ־

ליבער איינגעהאלטענער ווירדע. נאר שטענדיג, ביי דער ערשטער ניט ווילענדיגער באוועגונג, וואס זי פלעגט מאכען, דערזעהענדיג מיך, פלעג איך באמערקען, אז זי פרעהט זיך מיט מיין קומען. די אלטע פלעגט ווי אלע מאל ניט אויפהערען עפעס צו בורטשען אונטער דער נאז, נאר קיין אפענע אומפריינדליכקייט פלעגט זי ניט ארויסווייזען, א פנים דערפאר, וואס אלעסיע פלעגט מיך פארטהיידיגען ווען איך פלעג ניט זעהן; אויך ניט קיין קליינע ווירקונג, אין דעם זין פון מיין נוץ, אזוי צו זאגען, פלעגען ארויס־ווייזען די מתנות וואס איך פלעג ווען ניט ווען ברענגען: דא א ווארימע שאל, דא א קריגעל איינגעמאכטס, דא א פלעשעל קאר־שען זאפט. ביי מיר מיט אלעסיען איז געווארען, ווי א געגענזיי־טיגער אפמאך אהן ווערטער, און עס איז אריין אין דער געוואוינ־שאפט, אז ווען איך פלעג געהן אהיים, פלעגט זי מיך באלייטען ביז'ן אירינער שליאך און שטענדיג אין אזא צייט פלעגט זיך ביי אונז פארבינדען אזא לעבעדיגער, אינטערעסאנטער געשפרעך, אז מירביידע פלעגען באמיהען זיך צו פארציהען דעם וועג, גע־הענדיג ווי מעגליך לאנגזאמער ביי די שווייגענדיגע זוימען פונ'ם וואלד. דערגעהענדיג ביז'ן אירינער שליאך, פלעג איך זי בא־לייטען צוריק ארום א האלבען מייל, און פון דעסטוועגען, איידער מיר פלעגען זיך דארפען געזעגענען, פלעגען מיר נאך לאנג ריי־דען, שטעהענדיג אונטער דעם דופטענדיגען דאך פון די סאסנע צווייגען.

ניט אלעסיע'ס שעהנקייט אליין האט מיך פאר־כשוף'ט, נאר אויך איהר גאנצע, איינגעבארענע, פרייע נאטור, איהר שכל, א לויטערער און אין דערזעלבער צייט א פארהילטער מיט אן איינגעווארצעלטען גע'ירש'ענטען אבערגלויבען, א קינ־דעריש־אומשולדיגער, נאר אויך ניט אהן לוסטיגע קאקעטעריי פון א שעהנער פרוי. זי פלעגט ניט מיך ווערען פארנאדער צו פרעגען מיך מיט אלע איינצעלהייטען וועגען אלץ, וואס עס האט פארנו־מען און באאונרוהיגט איהר רויהע און לויטערע פארשטעלונג: וועגען לענדער, וועגען פעלקער, וועגען די ערשיינונגען אין דער

נאטור, וועגען דער איינארדנונג פון דער ערד און דער גאנצער וועלט, וועגען די געלעהרנטע מענשען, וועגען די גרויסע שטעדט... א סך זאכען פלעגט זיך איהר אויסווייזען וואונדערליך, לעגענדא־ריש, ניט ווארהאפטיג. נאר איך האב ביים רעכטען אנהויב פון אונזער באקאנטשאפט אנגענומען מיט איהר אזא ערנסטען אויפ־ריכטיגען און פשוט'ן טאן, אז זי פלעגט מיט חשק אננעמען אלע מיינע מעשיות מיט א פולען גלויבען. אפטמאל ווען מיר איז שווער געווען צו דערקלערען איהר עפּעס אזוינס, וואס, נאך מיין מיינונג, איז שווער געווען צו פארשטיין פאר איהר האלב ווילדען קאפ (און אז אנדערש מאל וואס פאר מיר אליין איז עס ניט אין גאנצען דייטליך געווען), פלעג איך ענטפערען אויף אלע איהרע נייגעריגע פראגען: „זעהסטו... כ'וועל דיר ניט קענען דערקלערען דאס... וועסט מיך ניט פארשטיין"...

יעמאלט פלעגט זי אנהויבען בעטען זיך ביי מיר:

— ניין.. איך בעט אייך, איך בעט אייך... כ'וועל זיך באמיהען... דערציילט עס כאטש ווי ניט איז... כאטש ניט דייטליך...

זי פלעגט מיך נויטען אוועקצולאזען זיך צו משונה'דיגע פארגלייכונגען, צו די געוואגטסטע ביישפילען, און אויב מיר פלעגט ווערען שווער אויסצוזוכען אן אויסדרוק, פלעגט זי אליין מיר אונטערהעלפען מיט א גאנצען רעגען פון אומגעדולדיגע פראגען, עהנליך צו די, וואס מיר ליגען פאר פאר א שטאמלער, בשעת ער מאטערט זיך א פארהאקטער אויף עפּעס א ווארט. און ווירקליך, צום סוף פלעגט איהר בויגיגער, ריהרעוודיגער שכל און די פרישע פארשטעלונג איהרע נעמען בייקומען מיין פעדאגאגישע מאכטלאזיגקייט. ניט ווילענדיג האב איך זיך איבערצייגט, אז נאך איהרע אומשטאנדען און נאך איהר ערציהונג (אדער, בעסער געזאגט, נישט-ערציהונג) האט זי פארמאגט די וואונדערליכסטע פעהיגקייטען.

איינמאל האב איך פארבייגעהענדיג עפּעס דערמאנט וועגען פעטערבורג. אלעסיע האט זיך תיכף פאראינטערעסירט:

— וואס איז פעטערבורג? א שטעדטעל?

— ניין, ס'איז ניט קיין שטעדטעל; דאס איז די גרעסטע רוסישע שטאדט.

— די גרעסטע שטאדט? די גרעסטע, די גרעסטע שטאדט וואס איז נאר פאראן? און קיין גרעסערע איז שוין ניטא? — איז זי גאאיוו צוגעשטאנען צו מיר.

— נו יא... דארטען וואוינען די הויפט נאטשאלסטווע... די גרויסע פריצים... די הייזער זיינען דארטען אלע שטיינערנע, קיין הילצערנע זיינען דארטען גאר ניטא...

— א פנים גרעסער, א סך גרעסער פון אונזער סטעפאני? — האט אלעסיע מיט זיכערקייט א פרעג געטאן.

— א, יא... אביסעל גרעסער... אזוי, א פינף הונדערט מאל גרעסער... פאראן דארטען אזעלכע הייזער, וואס אין איין הויז אזא וואוינען אזוי פיעל מענשען, אפשר צוויי מאל אזוי פיעל וויפיל אין דער גאנצער סטעפאני.

— אך, גאטעניו? איז וועלכע הייזער זיינען דאס? — האט אלעסיע כמעט א דערשראקענע געפרעגט.

מיר איז ווי אלע מאל אויסגעקומען צו באנוצען זיך מיט א פארגלייך.

— מורא'דיגע הויכע הייזער. פון פינף, פון זעקס, אז ניט איז פון זיבען שטאק, זעהסט אז יענע סאסנע?

— די סאמע גרעסטע?

— איז אט אזעלכע הויכע הייזער זיינען דארטען. און פון אויבען ביז אונטען זיינען זיי אנגעפאקט מיט מענשען. און עס וואוינען דארטען די מענשען אין קליינינקע נארעס, אזוי ווי די פויגלען אין די שטייגען, א צעהן מענשען אין איין נארע אזא. אזוי אז פאר קיינעם סטאיעט ניט קיין לופט. און אנדערע וואוינען אונטען, אונטער דער ערד, אין פייכקייט און אין קעלט; פאראן דארט אויך אזעלכע, וואס זעהען ניט די זון אין זייערע צימערען א גאנצען קיילעכדיגען יאהר.

— נו, איך וואלט פאר קיין זאך ניט פארביטען מיין וואלד אויף אייער שטאדט, — האט אלעסיע געזאגט שאקלענדיג מיט'ן

קאפּ. — איך, אַז איך קום אפילו אין סטעפּאַני, אויפ'ן מאַרק, איז ווערט מיר אַזוי נמאס, מ'שטופּט זיך, מ'רוישט, מ'זידעלט זיך... און ס'נעמט מיך אַרום אַזאַ בענקעניש נאָכ'ן וואַלד, — אַז אַט וואָלט איך אַלץ אַוועקגעוואָרפן און אַהן אויגן וואָלט איך אַנט־לאָפן... דער גוטער יאָהר איז מיט איהר, מיט דער שטאָדט מיט אייערער, כ'וואָלט קיינמאָל ניט געוואָלט דאָרטען וואוינען.

— נו, און אַז דיין מאַן וועט זיין פון דער שטאָדט, — האָב איך געפרעגט מיט אַ לייכטען שמייכעל.

איהרע ברעמען האָבען זיך אַנגעכמורעט און די דינע נאָזלע־כער האָבען אַ ציטער געטאָן.

— אַט נאָך עפּעס! — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט פאַראַכטונג. —כ'דאַרף אין גאַנצען קיין מאַן ניט האָבען.

— דאָס רעדסטו נאָר איצטער אַזוי, אַלעסיע. כמעט אַלע מיידלאַך זאָגען דאָס זעלבע, פון דעסטוועגען האָבען זיי חתונה און האָבען מענער. וואַרט נאָר צו אַביסעל: וועסט זיך מיט אי־מיצען באַגעגענען, וועסט ליב קריגען — און יעמאָלט, ניט נאָר אין שטאָדט, נאָר אין עק וועלט וועסטו מיט איהם געהן...

— אַך, ניין, ניין... איך בעט אייך, לאָמיר פון דעם ניט ריי־דען, — האָט זי מיט פאַרדרוס געוואָלט זיך אַרויסדרעהען. — נו צו וואָס איז אַזאַ געשפּרעך? איך בעט אייך, מ'דאַרף מעהר ניט ריידען...

— ס'אַראַ קינד דו ביזט, אַלעסיע, ס'יידען דו מיינסט, אַז דו וועסט זיך קיינמאָל ניט איינליבען אין אַ מאַן? דו — דו ביזט אַזאַ יונגע, אַזאַ שעהנע, אַזאַ שטאַרקע. אויב דיין בלוט וועט זיך אין דיר אַנצינדען, וועט שוין דאָ קיין שום נדר ניט העלפען.

— נו, איז וואָס — וועל איך ליב האָבען! — האָט אַלעסיע אַ בליץ געטאָן מיט די אויגען און האָט אַרויסרופענדיג געענט־פערט. — פרעגען זיך וועל איך ביי קיינעם ניט...

— הייסט עס, אַז דו וועסט חתונה האָבען, — האָב איך זיך אַ רייץ געטאָן.

— אפשר רעדט איהר דאס וועגען דעם קלויסטער? — האט זי זיך אנגעשטויסען.

— געוויס, וועגען דעם קלויסטער... דער גלח וועט פיהרען ארום דעם אלטאר, דער דיאק וועט זינגען „פרעה זיך איסאי" אויפ'ן קאפּ וועט מען דיר אנטאן א קרוין...

אלעסיע האט ארונטערגעלאזען די אויגען און האט געשאָקעלט מיט'ן קאפּ אויף „ניין".

— ניין... ליבינקער... אפשר ט'אייך ניט געפעלען, וואס איך וועל זאגען, אבער אין אונזער שטאם האט קיינער ניט חתונה געהאט; סיי מיין מאמע און סיי מיין באבע זיינען אהן דעם אויסגעקומען... אונז איז פארבאטען אפילו אריינצוקומען אין קלויסטער...

— דאס איך אלץ איבער אייער כשוף?

— יא, איבער אונזער כשוף, — האט אלעסיע מיט א רוהיגער ערנסטקייט געענטפערט. — ווי אזוי זאל איך וואגען צו באַווייזען זיך אין קלויסטער, אז פון מיין געבורט אן איז מיין נשמה פארקויפט צו א י ה ם.

— אלעסיע... טייערינקע... גלויב מיר, אז דו נארסט זיך אליין אפּ... דאס איז דאך ווילד, דאס איז דאך נאריש וואס דו רעדסט...

אויף אלעסיע'ס געזיכט האט זיך ווידער באוויזען יענער מאָדנער אויסדרוק וואס איך האב שוין איינמאל באמערקט, דער אויסדרוק פון פינסטערער אונטערטהעניגקייט צו איהר געהיימען מזל.

— ניין, ניין... איהר קענט עס ניט פארשטעהן, אבער איך פיל דאס... אט א דא, — זי האט שטארק צוגעדריקט איהר האנט צו דער ברוסט, — טיף אין דער נשמה פיל איך דאס. אונזער גאנצער שטאם איז אויף אייביג, אייביג פארשאלטען געווארען. באטראכט נאר אליין: ווער זשע קען אונז העלפען, אויב ניט ע ר ? וואלט דען א פראסטער מענש געקענט טאן דאס, וואס איך קען? אונזער גאנצען כח קומט פון א י ה ם...

און יעדענס מאל ווען אונזער געשפרעך פלעגט זיך קוים אנ־

שטויסען אַז דער אונגעוויינליכער טעמע, פלעגט ער זיך ענדיגען אויף דעם זעלבען אופן. אומזיסט האָב איך אנגעווענדט אַלע מיינע דערװייזונגען, וואָס זאָלען זיין צוגענגליך פאַר אַלעסיע׳ס פאַרשטאַנד, אומזיסט האָב איך גערעדט אויף אַ פשוט׳ען אופן װעגען היפּנאָטיזם, װעגען איינפלוס, װעגען דאָקטוירים־פּסיכיאַטאָרען און װעגען די אינדישע פאַקירען, אומזיסט האָב איך זיך באַמיהט צו דערקלערען אויף אַ פיזיאָלאָגישען װעג, די עטליכע עקספּערימענטען איהרע, װי צום ביישפּיעל, דאָס פאַררייידען דאָס בלוט, װאָס װערט אַזוי פשוט דערגרייכט דורך אַ געשיקטען דריק אויפ׳ן אָדער, — אַלעסיע, װאָס האָט אין אַלץ געהאַט צו מיר אַזוי פיל צוטרוי, פלעגט מיט אַ האַרטער איינגעשפּאַרטקייט אָפּלייקענען אַלע מיינע דערװייזונגען און ערקלערונגען... „נו גוט, גוט, װעגען פאַררייידען דאָס בלוט, זאָל שוין בלייבען, דאָס שיינק איך אייך, פלעגט זי הויך זאָגען אַ פאַרכאַפּטע אינ׳ם דיספּוט, אָבער פון װאַנען נעמען זיך די אַנדערע זאַכען? װייס איך דען נאָר דאָס אַליין, װי צו פאַררייידען דאָס בלוט? װילט איהר, װעל איך אייך אין איין טאָג צייט אויסראַטען פונ׳ם הויז אַלע מייז און אַלע פּרייסען? און אַז איהר װילט, װעל איך אין צוויי טעג צייט אויסהיילען מיט פּראָסטע װאַסער די קאַלטע בראַנד, כאָטש אייערע דאָקטוירים האָבען זיך שוין אָפּגעזאָגט פונ׳ם קראַנקען? װילט איהר, װעל איך מאַכען אַזוי, אַז איהר זאָלט איין װאָרט אַזאַ אין גאַנצען פאַרגעסען? און פאַר װאָס קען איך פּותר חלום זיין? און פון װאַנען װייס איך װאָס עס טוט זיך אין דער צוקונפט?“

ענדיגען פלעגט זיך אַלע מאָל אַזאַ דיספּוט מיט דעם, װאָס איך און אַלעסיע פלעגען אַנטשװייגען װערען, אין דער טיפעניש אויפגערעגטע איינער געגען צװייטען. עס איז טאַקע אַזוי געװען, װאָס פאַר אַ סך זאַכען פון איהר שװאַרצער קונסט, האָב איך ניט געקענט געפינען קיין ערקלערונג אין מיין קליינעם װיסען. איך װייס ניט און איך קען ניט זאָגען, צי אַלעסיע האָט טאַקע געװאוסט כאָטש האַלב פון יענע סעקרעטען, פון װעלכע זי האָט

גערעדט מיט אזא נאאיווען גלויבען, אבער דאס, פון וואס מיר איז אליין אויסגעקומען צו זיין אן עדות, האט מיך שטארק איבערצייגט, אז אלעסיען זיינע געווען נאהענט יענע אומבאוואוסטע אינסטינקטיווע, נעבעלדיגע, דערגרייכטע דורך צופעליגע עקספּערימענטען, יענע משונה'דיגע וויסענשאפטען, וועלכע האבען איבערגעיאגט די אמת'ע וויסענשאפט אויף הונדערטער יאהרען, און וואס לעבען צונויפגעמישט מיט ווילדע לעכערליכע אבערגלויבענס אין דער פינסטערער, פארשלאסענער מאסע פונ'ם פאלק, און געהען איבער ווי א גרויסע געהיימנים פון דור צו דור.

ניט קוקענדיג אויף דעם שארפען אונטערשיעד פון מיינונגען איבער אט דעם איין־און־איינציגען פונקט, זיינען מיר איינער צום צווייטען אלץ שטארקער און שטארקער צוגעבונדען געווארען. וועגען ליבע איז נאך צווישען אונז קיין ווארט ניט געזאגט געווארען, נאר זיין צוזאמען איז פאר אונז געווארען א נויטווענדיגקייט, און אפט אין די שווייגענדיגע מינוטען, ווען אונזערע בליקען פלעגען צופעליג און איינצייטיג באגעגענען זיך, פלעג איך זעהען ווי אלעסיע'ס אויגען פלעגען פייכט ווערען און ווי ביי איהר אויפ'ן שלייף פלעגט ציטערען א דינינקער בלויער אדערעל...

דערפאר זיינען מיינע באציהונגען מיט יארמאלען אין גאנצען קאליע געווארען. פאר איהם זיינען א פנים קיין סוד ניט געווען מיינע אפטע באזוכען אינ'ם שטיבעל אויף די הינערשע פיסלאד, און מיינע שפּאציערען מיט אלעסיען אין די אווענדען: ער האט אלע מאל געוואוסט ביז דער לעצטער פּינקטליכקייט אלץ וואס עס קומען פאר אין ז י י ן וואלד. שוין פון א לענגערער צייט אן איך האב באמערקט, אז ער הויבט מיך אן אויסצומיידען. און יעדען מאל, ווען איך פלעג זיך קלייבען געהן אין וואלד, פלעגען זיינע שווארצע אויגען פון דער ווייטען מיך באלייטען מיט פארוואורף און פארדרוס, כאטש ער פלעגט מיך ניט שטראפען מיט קיין איין און איינציגען ווארט. דאס קאמיש־ערנסטע לערנען זיך, האט צווישען אונז אויפגעהערט. און אז איך פלעג וועך ניט ווען איין אז אווענד א רוף טאן יאר־

מאַלען לערנען זיך, פֿלעגט ער נאָר אַ מאָל מאַן מיט דער האַנט:

— ווייס איך וואָס! ס'איז אומזיסטע אַרבייט, פּאַניטש, — פֿלעגט ער זאָגן פֿול מיט פֿוילער פֿאַראַכטונג.

אויף דער יאַגד האָבן מיר אויך אויפֿגעהערט צו געהן. יע־דעם מאָל, ווען איך פֿלעג אָנהויבן ריידען וועגן געהן אויף יאַגד, פֿלעגט ביי יאַרמאַלען שטענדיג געפֿינען זיך עפּעס אַ תירוץ; דאָס איז ביי איהם די ביקס ניט אין אָרדנונג, דאָס איז דער הונד קראַנק, דאָס האָט ער אַליין קיין צייט ניט. „ב'האָב קיין צייט ניט, פּאַניטש... מ'דאַרף הײַנט דאָס פֿעלד אַקערן", פֿלעגט יאַר־מאַלע אָפּטער פֿון אַלץ אָפּענטפֿערן אויף מײַן איינלאַדונג, און געוואוסט האָב איך וואויל, אַז ער וועט שוין גאָר ניט „אַקערן דאָס פֿעלד", נאָר ער וועט דעם גאַנצען טאָג פֿאַרברענגען ערגעץ אַרום דעם שענק, וואַרטענדיג מיט דער האָפֿנונג, אַז אימיצער זאָל איהם מכבד זיין. אָט די שווייגענדיגע, פֿאַרבאַהאַלטענע שנאה האָט מיך אָנגעהויבען דערעסען, און איך האָב שוין גענומען טראַכ־טען אָפּצוזאָגען זיך פֿון יאַרמאַלע'ס דינסט, און ביי דער ערשטער געלעגענהייט צו געפֿינען פֿאַר דעם עפּעס אַ גוטען תירוץ... מיך האָט נאָר אָפּגעהאַלטען דאָס געפֿיל פֿון רחמנות צו זיין גרויסער אָרעמער הויזגעזינד, וועלבער די פֿיער רובעל פֿון יאַרמאַלע'ס גע־האַלט האָבען ניט געלאָזען אויסגעהן פֿון הונגער.

ד

איינמאָל אין אַ פֿאַרנאַכט, ווען איך בין, ווי דער שטייגער, אַריינגעקומען אין'ם שטיבעל אויף די היהנערשע פּיסלאַך, האָט זיך מיר מיט אַמאָל אַ וואָרט געטאָן אין די אויגען די גע־דריקטע שטימונג פֿון די פֿרויען. די אַלטע איז געזעסען מיט די פֿיס אויפ'ן בעט, אַן איינגעהויקערטע, דעם קאָפּ אין די הענד, און האָט זיך אַרומגעוויגט היו און צוריק און האָט עפּעס ניט פֿאַרשטענדיגעס געמורמעלט. אויף מײַן באַגריסונג האָט זי קיין שום אויפֿמערקזאַמקייט ניט געשענקט. אַלעסיע האָט זיך מיט מיר באַגריסט ווי אַלע מאָל, פֿריינדליך און האַרציג, נאָר דער געשפּרעך

האט זיך ביי אונז ניט געבונדען. ווי ס'האט אויסגעוויזען, האט זי מיך געהערט א צושטרייטע און פלעגט מיר ענטפערען ניט צו דער זאך. אויף איהר שעהנעם געזיכט איז געלעגען א שאטען פון עפּעס א שווערער פארבארגענער זארג.

— איך זעה, אלעסיע, אז מיט אייך האט עפּעס ניט קיין גוטעס געטראפען, — האב איך געזאגט, פארזיכטיג באריהרענדיג איהר האנד, וואס איז געלעגען אויף דער באנק.

אלעסיע האט זיך געשווינד אויסגעדרעהט צום פענסטער, ווי זי וואלט דארט אויף עפּעס געקוקט. זי האט זיך באמיהט צו זיין רוהיג, נאר איהרע ברעמען האבען זיך ארונטערגעלאזען און א ציטער געטאן, און די ציין האבען שטייף פארביסען די אונטער־שטע ליפּ.

— ניין... וואס אזוינס האט געקענט ביי אונז טרעפען? — האט זי ארויסגעזאגט מיט א געדריקטען קול. — אלץ ווי ס'איז געווען, אזוי איז פארבליבען.

— אלעסיע, פאר וואס זאגסטו מיר ניט דעם אמת? דאס איז זעהר ניט פיין פון דיין זייט... און איך האב שוין געמיינט, אז מיר זיינען אויף אז אמת'ן געווארען גוטע פריינד.

— ניין, ס'איז טאקע גאר ניט מיט גארניט... ס'איז אזוי... אייגענע זארגען... נארישע...

— ניין, אלעסיע, ס'ווייזט אויס, אז ניט קיין נארישע זעה נאר זעה ווי דו זעהסט אויס...

— דאס דאכט זיך אייך נאר אזוי.

— זייט מיט מיר אפענהארציג, אלעסיע, איך ווייס ניט, צי איך קען דיר מיט עפּעס העלפען, אבער אז עצה א וועלכע ניט איז וועל איך אפשר קענען געבען... נו, און אז אנדערש מאל קען דיר גרינגער ווערען, אויב דו וועסט מיר פארטרויען דיין אומ־גליק.

— אך, אז ס'איז גאר ניט ווערט צו ריידען פון דעם, — האט אלעסיע אז אומגעדולדיגע נעענטפערט — איהר קענט אונז דא מיט גאר ניט העלפען.

די אלטע האט זיך פלוצלינג מיט אן אויסערגעוויינליכען פייער אריינגעמישט אין אונזער געשפרעך.

— וואס ברעקעלסטו זיך נאך, דו נאר גרויסער! צו דיר רעדט מען ווי א מענש, און דו פארפייסט מיט דער נאז. אזוי ווי קיין קליגערע פון דיר וואלט גאר אויף דער וועלט ניט געווען. ערלויבט מיר, פריץ, כ'וועל אייך דערצעהלען די גאנצע מעשה מיט א שטייגער, — האט זי זיך א קעהר געטאן אין מיין זייט.

זייער זארג האט זיך ארויסגעוויזען א סך גרעסער, ווי איך האב זיך געקענט פארשטעלען פון דער שטאלצער אלעסיע'ס רייד. נעכטען אין אווענד איז אינ'ם שטיבעל אויף די היהנערשע פיסלאך פארפאהרען דער אוריאדניק.

— פריהער פון אלץ האט ער זיך ברייטלאך אוועקגעזעצט און גענומען פאדערען בראנפען, — האט מאנוויליכע דערצעהלט, — און דערנאך האט ער זיך פארנאנדערגעלאזען. קלייב זיך ארויס, — זאגט ער — פונ'ם שטיבעל אין פיער און צוואנציג שעה ארום מיט אלע דיינע בעבעכעס. אויב — זאגט ער — איך וועל פארפאהרען א צווייטען מאל און וועל דיך נאך דערוויסען דא, איז זיי וויסען, אז איך וועל דער תיכף־ומיד ארויסשיקען מיט'ן עטאפ. מיט צוויי זעלנער — זאגט ער — וועל איך דיך, פארשאלטענע דו, ארויסשיקען אהין פון וואנען דו שטאמסט. און אליין שטאם איך, דארפט איהר וויסען, פון זעהר וייט, אטשענסק הייסט די שטאדט... און דארטען איז ביי מיר אפילו קיין איין נאהענטער לעבעדיגער נפש ניטא, און די פאספארטען אונזערע איז שוין לאנג לאנג אויסגעגאנגען די צייט, דערצו נאך זיינען זיי ניט אין ארדנונג... אך, גאטעניו... אונגליק מיינער גרויסער!

— פארוואס פלעגט ער אייך ערלויבען פריהער צו וואוינען דא, און איצטער ערשט האט ער זיך פארקלערט וועגען אייך? — האב איך א פרעג געטאן.

— אז גער, ווייס איהם... עפעס אזוינס האט ער גערעדט, געלייגט... אז איך, דעם אמת זאגענדיג, האב איהם ניט אין גאנצען פארשטאנען. איהר זעהט וואס דא איז: דאס שטיבעל אט א דאס,

אין וועלכע מיר וואוינען, איז נים אונזערע, נאָר דעם גוטבאַזי־צערס. איך האָב דאָך מיט אַלעסיען פריהער געוואוינט אויפ'ן דאָרף, דערנאָך אָבער...

— איך ווייס, איך ווייס, באַבעשי, איך האָב געהערט וועגען דעם... די פויערים זיינען אויז כעס געוואָרען...

— נו אַט אַ דאָט איז דאָך טאַקע די זאַך ,איך האָב טאַקע יע־מאָלט ביי דעם גוטבאַזיצער, ביי דעם פּריץ אַבראַסימאָווען אויס־געבעטען אַט דאָס שטיבעל. נו, און איצטער, ווי ס'ווייזט אויס, האָט אַ נייער גוטבאַזיצער אָפּגעקויפט דעם וואַלד, און ווי ס'ווייזט אויס, וואָלט ער וועלען דאָס איצטער אויסטריקענען די זומפּען, צי וואָס, אַז ווער ווייס זיי? אָבער מיט וואָס וואָלט איך זיי גע־שטערט?

— באַבעשי, און טאָמער איז די גאַנצע מעשה אַ ליגען? — האָב איך באַמערקט. — ס'איז גאָר פּשוט, אַז דעם אוריאַדניק זאָל זיך פאַרוועלען „אַ רויטינקע"...

— כ'האָב געגעבען, פּריץ'ל, כ'האָב שוין געגעבען. ער וויל ניט הערען אפילו! ס'איז שוין אַזוי געווען, אַז כ'האָב איהם שוין אפילו געוואָלט געבען גאַנצע פיער אַזעלכע „רויטינקע", ער נעמט נים... וואוהין קריכסטו! האָט ער אויף מיר אַזאַ געשריי געטאָן, אַז כ'האָב ניט געוואוסט אפילו וואו איך שטעה. ער'ט געהאַלטען אין איין טענה'ן: „אַרויס און אַרויס!" טאַ וואָס זשע זאָלען מיר איצטער טאָן, מיר, אומגליקליכע יתומים'לאָך!... פּריץ'ל טייערער, אפשר קענסטו העלפען אונז מיט עפּעס, וואָלסט אפשר איהם איינגערעדט, וואָלסט אפשר מיט עפּעס איהם איינגענומען. כ'וואָלט אייביג, דאַכט זיך, געדאַנקט דיר פאַר אַזאַ טובה.

— באַבעשי, — האָט מיט פאַרדרוס און מיט פאַרוואורף אַלע־סיע אַרויסגעזאָגט.

— באַבעשי, באַבעשי! — איז די אַלטע בייז געוואָרען. — איך בין שוין דיר דאָס פינף און צוואַנציגסטע יאָהר — אַ באַבעשי; וואָס זשע קומט ביי דיר אויס, אַז מיר זאָלען אַוועק מיט דער

טארבע? ניין, פריץ׳ל, הערט זיך צו איהר ניט צו. זייט שוין אזוי גוט צו אונז, און טוט פאר אונז עפּעס אויב איהר קענט.

מיט ניט באשטימטע ווערטער האב איך צוגעזאגט צו טאן עפּעס, כאטש דעם אמת זאגענדיג, האב איך וועניג האפנונג געהאט עפּעס אויסצופירען. אויב דער אוריאדניק אונזערער האט זיך אפּגעזאגט צו „נעמען“, הייסט עס, אז עס האלט זעהר ערנסט. אין דעם זעלבען אווענד האט אלעסיע מיט מיר געזעגענט זיך זעהר קאלט און האט מיך ניט באלייט ווי זי פלעגט עס טאן אלע מאל. איך האב געזעהן אז די שטאלצע אלעסיע איז בייז אויף מיר פאר מיין ארייננמישען זיך אין זייער זארג, און אז זי שעמט זיך אביסעל מיט איהר באבעס וויינענדיקייט.

8

עס איז געווען א גרויאינקער ווארעמער פריהמארגען. שוין עטליכע מאל אז עס האט גענומען געהן א היבשער, קורצער, שפּריירעגען, וואס נאך אזא רעגען וואקסט פאר די אויגען דאס יונגע גראז און עס ציהען זיך אויס די נייע שפּראצען. נאך דעם רעגען האט אויף א וויל ארויסגעקוקט די זון, באגיסענדיג מיט א פריידיגער ליכט דאס פארגענטע יונגע, נאך צארטע גרינס פון׳ם בען, וואס האט געבליהט איבער מיין גאנצען גערטעל; הילכיגער איז געווארען דער לוסטיגער טומעל פון די שפּארלינגס אויף די וויכע בייטען פון די גערטנער; שטארקער האבען גענומען דופטען די קלעפּיגע ברוינע קנאספּען פון די טאפּאלען. איך בין געזעסעןביים טיש און האב געצייכענט א פּלאן פון א וואלדהויז, ווען יארמאלע איז אין מיין צימער אריינגעקומען.

— דער אוריאדניק ז׳געקומען, — האט ער א פינסטערער ארויסגערעדט.

אין דער מינוט איז מיר גאר פון קאפּ ארויסגעפלויגען, אז איך האב מיט א צוויי טעג צוריק אנגעזאגט צו לאזען מיר וויסען, אין פאל דער אוריאדניק וועט פארפאהרען אויפ׳ן דארף, און איך

האָב מיט אַ מאָל בשום אופן ניט געקענט פאַרשטעהן, וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס צו מיר אין דער איצטיגער מינוט, אַט דער פאַרשטעהער פון געזעץ.

— וואָס איז? — האָב איך אַ פרעג געטאָן אַ צוטומעלטער.

— כ׳זאָג, אַז דער אוריאַדניק איז געקומען, — האָט יאַרמאָלע איבערגע׳חזר׳ט מיט דעם זעלבען פיינדליכען טאָן, וואָס ער האָט אנגענומען צו מיר פאַר די לעצטע טעג. — כ׳האָב איהם אַט ערשט געזעהן פון דער ווייטען. ער פאָרט אַהערצוצו...

אויף דער גאַס האָט זיך דערהערט אַ גערויש פון רעדער. איך בין געשווינד צוגעלאָפען צו׳ם פענסטער און האָב איהם געעפענט. אַ לאַנגער, מאָגערער, טונקעל־ברוינער פערד מיט אַן אַראָפּגעהאָנגענער ליפ און מיט אַ באַליידיגטער מאָרדע, האָט מיט אַ גיכען גאַלאָפּ געשלעפּט נאָך זיך אַ הויכען געפלאָכטענעם טרייסלענדיגען וועגעלע, צו וועלכען ער איז געווען צוגעבונדען בלויז מיט איין האָלאָבליע. — די צווייטע האָלאָבליע האָט פאַרביטען אַ גראָבע שטריק (די דאָרטיגע בייזע צינגער האָבען פאַרזיכערט, אַז דער אוריאַדניק האָט אומיסטנע אויסגעקליבען אַזאַ טרויעריגען „שפּאַן“, כדי צו פאַרזיכערען זיך פון אַלערליי רכילות). דער אוריאַדניק אַליין האָט געטריבען דעם פערד, פאַרנעמענדיג ביידע ערטער מיט זיין גרויסען משונה׳דיגען קערפּער, וואָס איז געווען אנגעטאָן אין אַ גרויען מאַנטעל פון פּראַנטישען אָפיצערסקען געוואַנד.

— מיר האָבען די עהרע, יעוופסיכי אַפריקאַנאָוויטש! — האָב איך אַ געשריי געטאָן, אַרויסרוקענדיג זיך פון פענסטער.

— אַ־אַ, מיר האָבען די עהרע! — האָט ער זיך אָפּגערופען מיט זיין פריינדליכען הילכיגען באַריטאָן פון אַ הערשער.

ער האָט אָפּגעשטעלט דעם פערד און, באַריהרענדיג דאָס היטעל מיט זיין אויסגעגלייכטער האַנד, האָט ער מיט אַ שווערער וואַגיגער גראַציע אַ נייג געטאָן פאַראויס זיין גרויסען קערפּער.

— קומט אריין, אויף אַ רגע׳לע. איך האָב עפּעס אַן עסק׳ל, וואָס כ׳דאַרף אייך...

— כ׳קען ניט! מ׳דארף ערפילען די פליכטען פון דינסט, כ׳פאהר אין וואלאשע צו א טויטען — א דערטרונקענעם, יא.

נאר איך האב שוין געוואוסט יעוופסיכי אפריקאנאוויטש׳עס שוואכקייטען און דערפאר האב איך געזאגט מיט א געמאכטער גלייכגילטיגקייט:

— אן עבירה, אן עבירה... און איך האב פון דעם גראף וואנצעל׳ס הויף געקראגען א פאר פלעשלאך אזעלכע...

— כ׳קען ניט, פליכטען...

— דער אויפזעהער, א באקאנטער מיינער, האט זיי מיר פארקויפט. ער האט זיי אינ׳ם קעלער געהאלטען ווי לייבליכע קינדער... אפשר וועט איהר אריין... און דעם פערדעל אייערען וועל איך הייסען געבען האבער.

— אט, ס׳ארא מאדנער איהר זייט, זעהט, — האט דער אוריאדניק געזאגט מיט פארוואורף. — איהר ווייסט גאר ניט, אז פליכטען פון דינסט זיינען פריהער פון אלץ?... און וועלכע זיינען זיי, די פלעשלאך? סליוואוויטש?

— וועלכע סליוואוויטש! — האב איך א מאך געטאן מיט דער האנד. — דאס איז יענער, אמת׳ער... אט וואס דאס איז!...

— דעם אמת זאגענדיג, האבען מיר שוין היינט געהאט, — האט דער אוריאדניק מיט א פארדראס א קראץ געטאן זיך די באק, און האט שטארק פארקרימט דאס גזיכט.

איך האב ניט אויפגעהערט מיט דער פריהערדיגער רוהיגקייט:

— איך ווייס ניט צי ס׳איז אן אמת, נאר דער אויפזעהער האט זיך געשווארען, אז ס׳איז שוין אלט א צוויי הונדערט יאהר, און עס שמעקט ווי קאניאק, און ס׳איז געל ווי עכטער בורשטין...

— עך! וואס טוט איהר מיט מיר! — האט דער אוריאדניק אויסגעשריען מיט א קאמישער פארצווייפלונג. — און ווער זשע וועט ביי מיר צונעמען דעם פערד?

ביי מיר האבען זיך טאקע געפונען עטליכע פלעשלאך מיט׳ן אמת׳ן וויין, כאטש ניט מיט אזא אלטען ווי איך האב זיך בא־

רימט, אבער איך האב אויסגערעכענט, אז דער כח פון איינפלוס וועט איהם צוגעבען נאך עטליכע צעהנדליג יאהר... נאר סיי ווי סיי איז דאס געווען אן עכטער היימישער שטארקער וויין, דער שטאלץ פונ'ם ווינקעלער פון איינעם אן ארים געווארענעם אל־טען מאגנאט. (יעוופסיכי אפריקאנאוויטש, וועלכער האט גע־שטאמט פון גייסטליכע, האט טאקע באלד ביי מיר אויסגעבעטען א פלעשעל אזא, אין פאל, ווי ער האט זיך אויסגעדריקט, פון א שטארקער פארקילונג, וואס עס קען טרעפען)... דער פארבייסען, וואס איז ביי מיר געווען, איז געווען א גאסטראנאמישער: יונגע רעטאכלאך און פרישע, אקארשט אויסגעשלאגענע פוטער.

— נו, וואס פאר אן עסק'ל האט איהר עפעס? — האט דער אוריאדניק א פרעג געטאן, נאכ'ן פינפטען גלעזעל, אנשפארענדיג זיך אויפ'ן ווענטעל פון דעם אלטען שטול, וואס האט אונטער איהם געקנאקט.

איך האב גענומען פארנאנדערלייגען פאר איהם די לאגע פון דער אלטער, איך האב דערמאנט וועגען איהר אומבאהילפיגקייט און פארצווייפלונג, און פארבייגעהענדיג האב איך לייכט באַ־ריהרט די פראגע פון ניט נויטיגען פארמאליזם. דער אוריאדניק האט מיך געהערט מיט אן ארונטערגעלאזענעם קאפ און האט בסדר גערייניגט פונ'ם שאלעכץ דעם רויטען שטייפען זאפטיגען רעטאכעל און האט עס הילכיג פארנאנדערגעקייט מיט א גרויסען אפעטיט. ווען ניט ווען פלעגט ער אויף גיך א ווארף טאן אויף מיר זיינע גלייכגילטיגע, מוטנע, ביז געלעבטער קליינינקע און בלויע אויגען, נאר אויף זיין גרויסען רויטען געזיכט, האב איך קיין זאך ניט געקענט דורכלייענען, ניט קיין מיטגעפיל און ניט קיין ווידערשטאנד. צום סוף, ווען איך בין אנשווייגען געווארען, האט ער נאר א פרעג געטאן:

— נו, איז וואס זשע ווילט איהר פון מיר?

— וואס הייסט וואס? — בין איך אויפגערעגט געווארען. — געהט אריין, איך בעט אייך, אין זייער לאגע, עס לעבען זיך צוויי ארימע, ניט באשיצטע פרויען...

— און איינע פון זיי איז ווי א בלום פון גארטען! — האט דער אוריאדניק מיט א וואונק אריינגעשטעלט.

— נו הערט אויף, א בלום צי ניט א בלום — דאס איז שוין א צעהנטע זאך. גאר זאגט מיר, איך בעט אייך, פאר וואס זאלט איהר עפעס ניט טאן פאר זיי? פונקט ווי ס'וואלט אייך אין לע־בען געגאנגען? איהר מוזט זיי טאקע ארויסשיקען? נו, ווארט כאטש צו אביסעל, ביז וואנען איך וועל זיך אליין ווענדען צום גוטבאזיצער... מיט וואס ריזיקירט איהר דא, אויב איהר וועט צואווארטען כאטש א חודש?

— וואס הייסט, מיט וואס איך ריזיקיר?! מיט אלץ ריזיקיר איך דא, און פריהער פון אלץ — מיט מיין אמט, יא. ווייס איהם דער גוטער יאהר, וואס פאר א מענש ער איז, דער הערר וויליא־שעוויטש, דער נייער גוטבאזיצער. אפשר איז ער פון יענע חברה־לייט, וואס נאר עפעס, איז באלד א פאפירעל, א פעדערעל און א מסיר'על'ע גלייך אין פעטערבורג, א? ביי אונז טרעפען דאך אזעלכע!

איך האב געפרובט בארוהיגען דעם אויפגערודערטען אוריאד־ניק.

— נו, לאזט אפ, יעווסיכי אפריקאנאוויטש, איהר פארגרע־סערט דא דעם גאנצען ענין. און וואס איז דא אינגאנצען? און דערנאך איז א ריזיקע — א ריזיקע, אבער א דאנק איז פון דעסט־וועגען א דאנק...

— פוי — האט דער אוריאדניק ציהענדיג א פייף געטאן און האט טיף אריינגערוקט זיין האנד אין קעשענע פון די ברייטע הויזען. — דאס איז אויך מיר א דאנק! איז וואס זשע מיינט איהר, אז פאר א וועלכע ניט איז פינף און צוואנציג רובעל זאל איך שטעלען אויף א קארט מיין אמט און מיינע פליכטען? א, ניין, דאס טראכט איהר נאר וועגען מיר אזוי שלעכט.

— וואס היצט איהר זיך אזוי, יעווסיכי אפריקאנאוויטש? דא האנדעלט זיך דאך ניט אין דער סומע געלד, נאר אזוי פשוט... נו כאטש פון מענשליכקייט...

— פון מע—נ—שליכקייט? — האט ער איראניש אפגעהאקט אויף יעדער זילבע. — זייט מיר מוחל, נאר די אלע מענשען זיצען שוין ביי מיר אט א דא! — האט ער ענערגיש זיך א קלאפ געטאן איבער'ן געזונטען בראנזענעם נאקען, וועלכער איז אריבערגעהאנגען איבער'ן קאלנער אין א פעטען גלאטען קנייטש.

— נו דאס טרייבט איהר שוין, דאכט זיך, אביסעלע איבער, יעוופסיכי אפריקאנאוויטש.

— מיט קיין טראפעלע אפילו ניט. דאס איז — „א קריינק פון אונזערע מקומות", ווי ס'האט זיך אמאל אויסגעדריקט דער בארימטער פאבעל שרייבער, דער הער קרילאוו. אט ווער אט די ביידע דאמען זיינען! אייך איז ניט אויסגעקומען צו לייענען דאס שעהנע ווערק פון זיין לויטערקייט, דעם פירשט אורוסאוו, אונטער'ן נאמען „דער פאליציי אוריאדניק"?

— ניין, ניט אויסגעקומען.

— אן עבירה, אן עבירה. א שעהן און א הויך מאראליש ווערק איז דאס. איך ראט אייך צו באקענען זיך מיט דעם ווען איהר'ט האבען צייט...

— געוויס, געוויס, איך וועל עס מיט פארגעניגען לייענען. אבער איך קען נאך אלץ ניט פארשטעהן, וואס פאר א שייכות האט א דאס בוך צו די צוויי ארימע פרויען?

— וואס פאר א שייכות? אט וואס פאר א שייכות. דער ערשטער פונקט (יעוופסיכי אפריקאנאוויטש האט פארבויגען דעם גראבען האריגען ווייז פינגער פון דער לינקער האנד): „דער אוריאדניק האט דאס פולע רעכט אכטונג צו געבען, אז אלע גאטספארכטיגע איינוואוינער זאלען געהן אין גאט'ס טעמפעל, און זאלען זיך דארטען האלטען רוהיג"... איצטער פרעג איך אייך, צי געהט זי... ווי הייסט זי דארטען... מאנויליכע, צי ווי?... איז געהט זי ווען ניט ווען אין קלויסטער?

איך האב געשוויגען א פארוואונדערטער פון דער ניט ערווארטער ווענדונג וואס דער געשפרעך האט אנגענומען. ער האט

אויף מיר א קוק געטאן ווי א זינער און האט פארבויגען א צוויי־טען פינגער.

— דער צווייטער פונקט: „עס איז אומעדום פארבאטען דאס פאלשע פאראויסזאגען און די פאלשע נביאות"... איצטער פילט איהר עס? דערנאך קומט דער דריטער פונקט, יא: „ עס איז פארבאטען דאס ארויסגעבען זיך פאר א מכשף אדער פאר א כשוף מאכער און צו באנוצען זיך מיט עהנליכע אפנארערייי". וואס ווילט איהר זאגען מכח דעם? און ווי ווען דאס זאל זיך אויפ־דעקען, אדער דאס זאל דערגעהן אויף א זייטיגען אופן צו די הע־כערע? ווער וועט דארפען אפגעבען חשבון? — איך. וועמען ט'מען געבען איבער'ן הימעל און אוועק פון אמט? —מיך. איז זעהט איהר, וואס פאר אן עסק'ל דאס איז...

ער האט זיך באקוועמער ארייגעזעצט אין שטול. זיינע אויגען אויפגעהויבענע ארויף האבען צושטרייטע געבלאנדזשעט איבער די וועגד פון מיין צימער, און זיינע פינגער האבען הילכיג גע־פויקט איבער'ן טיש.

— נו, און אז איך וועל אייך עפעס בעטען, יעוופסיכי אפריי־קאנאוויטש, — האב איך ווידער אנגעהויבען מיט א ווייכען בע־טענדיגען טאן. — פארשטעהט זיך, אייערע פליכטען זיינען שווע־רע און פארדרעהטע, אבער א הארץ האט איהר, ווי איך וויים, א גוטע, א גאלדענע. וואס פאר א ווערט האט עס ביי אייך, אז איהר זאלט מיר צוזאגען, אז איהר וועט לאזען צו רוה דיביידע פרויען?

דעם אוריאדניק'ס אויגען האבען זיך פלוצלינג אפגעשטעלט איבער מיין קאפ.

— א וואויל ביקסעל ז'ביי אייך, — האט ער נאכלעסיג א זאג געטאן, ניט אויפהערענדיג צו פויקען מיט די פינגער. — א פיין ביקסעל. פריהערדיגען מאל ווען איך בין צו אייך פארפאה־רען, און האב אייך ניט דערוויסט אין דער היים, האב איך די גאנצע צייט געקוקט אויף איהם... א וואונדערליך ביקסעל!

איך האב אויך א קעהר געטאן דעם קאפ און האב א קוק געטאן אויף דער ביקס.

— יא, ניט קיין שלעכטע, — האב איך א בארים געטאן די ביקס. — דאס איז פון די אלטע ביקסען, פון גאסטין־רעננעט׳ס פאבריק. איך האב זי ערשט פאראיאהרען אויף א צענטראלען איבערגעמאכט. קוקט זיך נאר גוט איין אויף די רעהרען.

— אודאי, אודאי, ווי זשע אנדערש... אויף די רעהרען טאקע האב איך יעמאלט געקוקט מיט אזא פארגעניגען... ס׳איז א וואונדער זאך... ממש, מ׳קען זאגען, אז ס׳איז א גאנצער אוצר...

אונזערע אויגען האבען זיך באגעגענט, און איך האב דערזעהען, ווי אין די ווינקלען פון דעם אוריאדניק׳ס ליפען האט א ציטער געטאן א לייכטער, נאר א פילדרייטיגער שמייכעל. איך בין אויפגעשטאנען פון ארט, האב פון וואנד ארונטערגענומען די ביקס און בין מיט דעם צוגעגאנגען צו יעווסיכי אפריקאנאוויטשען.

— ביי די טשערקעסען איז פאראן זעהר א ליבער מנהג צו שיינקען דעם גאסט אלץ, וואס דער גאסט נעמט לויבען, — האב איך ליבליך געזאגט. — איך און איהר, כאטש מיר זיינען ניט קיין טשערקעסען, יעווסיכי אפריקאנאוויטש, אבער איך בעט אייך צו נעמען פון מיר אויף אן אנדענק אט די זאך...

דער אוריאדניק האט געמאכט אן אנשטעל ווי ער וואלט זיך פארשעמט.

— געהט שוין געהט, אט אזא פיינע זאך! גייך, נייך, דאס איז שוין א צו פרייגעביגער מנהג!

פונדעסטוועגען האט מיר ניט גענומען לאנג איהם איינצורייד׳ן. דער אוריאדניק האט צוגענומען די ביקס, און האט זי פארזיכטיג אוועקגעשטעלט צווישען זיינעביידע קניע און מיט ליבע ארומגעווישט מיט זיין ריינער נאזטיכעל דעם שטויב וואס איז געלעגען צווישען די אייזענס. איך האב זיך אביסעל בארוהיגט, זעהענדיג, אז מיין ביקס איז כאטש אריינגעפאלען אין די הענד, פון א ליבהאבער און א מבין, יעווסיכי אפריקאנאוויטש איז

תיכף אויפגעשטאנען און האט זיך גענומען איילען אוועקצופאהר־רען.

— די זאך ווארט ניט, און איך האב זיך דא מיט אייך פאר־שמועסט, — האט ער געזאגט קלאפענדיג איבער'ן דיל מיט די האלב אנגעטאנענע קאלאשען. — ווען איהר'ט זיין אין אונזערע מקומות, פארבעטען מיר אייך צו מיר.

— נו, און וואס הערט זיך וועגען דער מאנויליכע, יעווסיכי אפריקאנאוויטש? — האב איך איידעל דערמאנט.

— מיר וועלען זעהען, מיר וועלען א קוק טאן... — האט יעוו־פסיכי אפריקאנאוויטש ניט אויף באשטימט א בורטשע געטאן,— אט, איך האב געוואלט אייך נאך עפעס בעטען... דאס רעטאכעל איז ביי אייך אן אויסערגעוויינליכעס!

— אליין געלאזט וואקסען...

— א וואונדערליך רעטאכעל! ווייסט איהר, ביי מיר, מיין בעסערע העלפט איז א מורא'דיגע פארעהרעריז פון יעדען סארט גרינס. איז אזוי, אויב ס'איז מעגליך נאר... איינאיינציג בינטעלע נאר.

— מיט גרויס פארגעניגען, יעווסיכי אפריקאנאוויטש. כ'וועל עס אננעמען פאר א כבוד... היינט וועל איך עס אוועקשיקען מיט א מענשען א גאנצען קיישעל. און פוטער'ל אויך, ערלויבט מיר, פאר איינוועגס... פוטער איז ביי מיר, אז ס'איז א זעלטענקייט...

— נו, זאל זיין פוטער'ל אויך... — האט דער אוריאדניק איינ־געשטימט, — נו, און יענע דארט... די ווייבער, איז גיט זיי דארטען א צייכען, אז ביז וואס ווען, וועל איך זיי צו רוה לאזען. אבער זיי זאלען וויסען זיין, — האט ער פלוצלינג אויפגעהויבען דעם קול, — אז ניט מיט א דאנק אליין קען מען זיך פון מיר ארויסדרעהען. און איצטער ווינש איך אייך א גוטען. נאך אמאל מערסי פאר דער מתנה'לע און פאר'ן כבוד...

ער האט אויפ'ן מיליטערישען שטייגער א קלאפ געטאן מיט די קנאפעל, און מיט דעם שווערען גאנג פון א זאטען אנגעזעהע־נעם מענשען איז ער ארויס צו זיין עקיפאזש, ארום וועלכען עס

זיינע שוין געשטאנען אהן היטלען אין אנגעצויגענע פאזעס, דער סאטסקי, דער עלטסטער פון דארף און יארמאלע.

9

עוופסיכי אפריקאנאוויטש האט געהאלטען זיין ווארט און אויף אז אונבאשטימטער צייט האט ער צורוה געלאזען די איינוואוינער פונ׳ם שטיבעל אויף די הינערשע פיסלאך. נאר מיינע באציהונגען מיט אלעסיען האבען זיך שארף און מאדנע געענדערט. אין איהר האלטען זיך צו מיר איז אפילו קיין סימן ניט פארבליבען פון דער פריהערדיגער פארטרויליכער נאאיווער צערטליכקייט. פון דער פריהערדיגער לוסטיגקייט אין וועלכער עס האט זיך אזוי ליב צונויפגעמישט די קאקעטעריי פון א שעהנער מיידעל, מיט דער הייטערער קינדערשער שטיפערדיקייט. אין אונזערע געשפרעכען האט זיך באוויזען עפעס אן אומבאשטימטע, אומהיימליכע געצאמקייט... מיט אן אומרוהיגער שרעקעדיגקייט פלעגט אלעסיע אויסמיידען די לעבעדיגע טעמען, וואס האבען אונז פריהער געגעבען אזא אומבאגרענעצטע פרייקייט פאר אונזער נייגעריגקייט.

אין מיין אנוועזענהייט פלעגט זי זיך א פארטאגענע און אן אנגעשטרענגטע אפגעבען אין גאנצען צו דער ארבייט. נאר ניט איינמאל פלעג איך זעהן, ווי אין מיטען פון דער ארבייט פלעגען פלוצלינג איהרע הענד ארונטערפאלען אפגעלאזענע איבער דער לענג פון איהר קניע, און די אויגען פלעגען מיד און אונבאשטימט ארונטערלאזען זיך און קוקען ארונטער, צום דיל. אויב איך פלעג אין אזא מינוט אנרופען אלעסיען ביי׳ם נאמען, אדער איך פלעג זיך ווענדען צו איהר מיט עפעס א פראגע, פלעגט זי אויפציטערען און פלעגט לאנגזאם אויסדרעהען צו מיר דאס געזיכט, אין וועלכען עס פלעגט זיך אפשפיגלען שרעק און אנשטריינגונג צו פארשטעהן דעם זין פון מיינע ווערטער. אפטמאל פלעגט זיך מיר דאכטען, אז עס מאכט איהר שווער און ענג

מיין געזעלשאפט, אבער דאס וואס מיר האט זיך געדאכט האט זיך ניט געשטימט מיט יענעם גרויסן אינטערעס, וואס זי האט געפונען ערשט מיט עטליכע טעג צוריק, אין מיין יעדער באמער־קונג און אין מיין יעדער פראזע... מיר איז נאר פארבליבן צו טראכטן, אז אלעסיע וויל מיר ניט מוחל זיין פאר מיין אריינ־מישן זיך אין דעם עסק מיט'ן אוריאדניק, ווייל איהר פרייע און אומאפהייגיגע נאטור איז דא אנגעריהרט געווארן... אבער אט דאס געפיל האט מיך ניט צופרידן געשטעלט: אין דער אמת'ן, ווי קומט עס צו א פראסטער מיידעל וואס איז אויסגעוואקסן אין וואלד, אזוי פיל אויסגעזוכטער שטאלץ?

דאס אלץ האט געדארפט קלאר ווערן, נאר אלעסיע האט א פארביסענע אויסגעמידן יעדע בעסטע געלעגענהייט וואס האט זיך געמאכט, פאר אן אפענהארציגן געשפרעך. אונזערע שפא־צירען אין די וועלדער האבן אויפגעהערט. אומזיסט האב איך יעדן טאג, קלייבענדיג זיך אוועקגעהן, געווארפן אויף אלע־סיען מיינע בעטענדיגע, פילריידענדיגע אויגן, — זי האט גע־מאכט אן אנשטעל, אז זי פארשטעהט גאר ניט זייער באדייטונג. די אנוועזענהייט פון דער אלטער, ניט קוקענדיג אויף איהר טויב־קייט, האט מיך באאומרוהיגט.

אפטמאל בין איך ביין געווארן אנטקעגען מיין אייגע־נער שוואכקייט און אויך אנטקעגען דער געוואוינשאפט, וואס האט מיך יעדן טאג געצויגן צו אלעסיען. איך האב גאר אליין ניט פארדעכטיגט, מיט וועלכע דינע, שטארקע, ניט זעהענדיגע פעדים מיין הארץ איז צוגעבונדען געווארן צו אט דער שעהנער מיידעל, וואס איז פאר מיר אזוי ניט פארשטאנדיג. איך האב נאך ניט געטראכט וועגען ליבע, אבער איך האב שוין איבערגע־לעבט יענעם אומרוהיגן פעריאד, וואס קומט פאר דער ליבע, א פולען מיט אומבאשטימטע פיינליך־טרויעריגע געפילען. וואו איך האב זיך ניט געפונען, און וויפיל איך האב זיך ניט באמיהט צו זיין רוהיג, און צושטרייען זיך, — זיינע אלע מיינע געדאנקען פארנומען געווען מיט אלעסיעס געשטאלט, מיין גאנצער וועזען

האט געצויגען זיך צו איהר, יעדע ערינערונג וועגען איהר, וועגען איהר קלענסטען געזאגטען ווארט, וועגען איהרע באוועגונגען און שמייכלען, האבען צוזאמענגעדריקט מיין הארץ מיט א שטילען און זיסען וועהטאג. נאר דער אווענד פלעגט קומען, און איך פלעג לאנג לאנג זיצען לעבען איהר אויפ'ן נידעריגען שאקלענדיגען ביינקעלע, און אין אומעט פלעג איך זיך פילען וואס ווייטער אלץ שטילער, אלץ שוויינענדיגער און פארלוירענער.

איינמאל האב איך אין אזא צושטאנד פארבראכט ארום אלעסיען א גאנצען טאג. פון פרימארגען נאך האב איך זיך געפילט ניט גוט, כאטש איך האב נאך ניט געקענט באשטימען ריכטיג צי איך בין טאקע קראנק. אין אווענד איז מיר געווארען ערגער. מיין קאפ איז שווער געווארען, אין די אויערען האט מיר געקלונגען, און די שלייפען האב איך געפילט א טעמפען וועהטאג, — ווי אימיצער וואלט זיי כסדר געדריקט מיט ווייכע, אבער שטארקע הענד. אין מויל איז מיר טרוקען געווען, און איבער'ן גאנצען לייב האט אהן אן אויפהער איבערגעגאסען זיך עפעס א פוילע, מידע שלאפקייט, פון וועלכער עס פלעגט זיך וועלען גענעצען און ציהען זיך. אין די אויגען האב איך געפילט אזא וועהטאג, אזוי ווי איך וואלט אקארשט געקוקט אנגעשטריינגט און נאהענט אויף א בליציגען פינטעל.

און שפעט אין אווענד, ווען איך בין געגאנגען אהיים, האט מיך אין מיטען וועג פלוצלינג אנגעכאפט און אויפגעטרייסעלט א שטורעמדיגער אנפאל פון פיבער. איך בין געגאנגען, כמעט ניט זעהענדיג פאר זיך דעם וועג, כמעט ניט דערקענענדיג, וואוהין איך געה, וואקלענדיג זיך ווי א שכור'ער, און אין מויל האט מיר אלץ אפטער און הילכיגער געקלאפט א צאן אן א צאן.

איך ווייס נאך ביז איצט ניט, ווער עס האט מיך דערפירט אהיים... גאנצע זעקס טעג אהן אויפהער האט מיך געמאטערט די שרעקליכע פאלעסיער קדחת. בייטאג פלעגט די חלאת אביסעל אפלאזען און דער באוואוסטזיין פלעגט צו מיר צוריקקומען. יעדעמאלט, אין גאנצען אן אויסגעמאטערטער, פלעג איך קוים־קוים

ארומשלעפּען זיך איבער'ן שטוב פּילענדיג א וועהטאג און א שוואכקייט אין די קניע; ביי יעדער שטאַרקערער באוועגונג פלעגט דאס בלוט א גאס טאן זיך צום קאפ, ווי א הייסע כוואַליע און פלעגט מיט א פינסטערניש פארשפּרייטען די אלע זאכען וואס זיינען מיר געשטאַנען פאר די אויגען.

אין אוועגד אבער, ארום זיבען אזייגער, פלעגט ווי א שטורם באפאלען מיך די חלאת, און איך פלעג אויפ'ן געלעגער דורכמאכען א שרעקליכע נאכט, א לאנגע ווי א יאהרהונדערט אין אן אומער־טרעגליכער היץ. קוים נאָר דער דרימעל פלעגט מיך לייכט אנריה־רען, אזוי פלעגען באלד די משונה'דיגסטע אומגעלומפּערטע, פיינ־ליך־לויטערע חלומות נעמען פארנאנדער שפּילען זיך אין מיין פארנאנדערגעברענטען מארך. אלע מיינע חלומות זיינען געווען פול מיט קליינינקע מיקראסקאפּישע איינצעלהייטען, וואס האָ־בען זיך ארויפגעוואָרפען און האבען זיך צוזאמענגעמישט איינע אויף דער צווייטער, איינע מיט דער צווייטער אין א משונה'דיגען געדרענג. אט האט זיך מיר געדאכט, אז איך נעם פארנאנדער עפּעס א סך, א סך קעסטלאך פון פארשידענער פארב און פאר־שידענער פארם, און אז איך נעם ארויס די קלענערע קעסטעלאך פון די גרעסערע, און פון די קלענערע נאך מעהר קלענערע און איך קען בשום אופן ניט אויפהערען אט די אומענדליכע ארבייט, וועל־כע איז מיר שוין לאנג לאנג מיאוס געווארען. און אט האבען פאר מיינע אויגען געשווינדעלט מיט א משוגענער פלינקייט עפּעס לאנגע העלע פאסען פון שפּאַליער, און אויף זיי, אנשטאט קוויי־טען, האב איך מיט א וואונדערליכער דייטליכקייט געזעהען גאנ־צע הירליאנדען פון מענשליכע געזיכטער — אפּטמאל שעהנע, גוטע און שמייכלענדיגע, און אפּטמאל אזעלכע, וואס מאכען שרעקליכע הויות, רוקען ארויס די צונגען, שטשירען מיט די ציין און דרעהען מיט די גרויסע ווייסלען פון די אויגען. דערנאך פלעג איך מיט יארמאלען אריינטרעטען אין עפּעס אן אויסערגעוויינליכען פארוויקעלטען טיפען דיספּוט. מיט יעדער מינוט פלעגען די ארגו־מענטען, וואס מיר פלעגען ברייננען איינער אנטקעגען צווייטען,

אלע דינגער און טיפזיניגער ווערען; די באזונדערע ווערטער און אפילו די זילבען פון די ווערטער פלעגען ווערען סודות'דיגער און פון אויסערגעוויינליכער וויכטיגקייט. און אין דער זעלבער צייט פלעגט מיך אלץ שטארקער ארומכאפען א שרעק פון עקעל צו עפעס אן אומבאוואוסטען און אן אומנאטירליכען כח, וואס האט ארויסגעצופט פון מיין קאפ איינעם נאכ'ן אנדערן די משונה'־דיגע סאפיזמען, און האט מיר ניט ערלויבט איבערצורייסען דעם דיספוט וואס האט שוין מיר לאנג דערעסען.

דאס איז געווען עפעס א קאכעדיגער וויכער פון מענשליכע און חיה'שע געשטאלטען, ליידענשאפטען און געגענשטאנדען פון די וואונדערליכסטע פארמען און פארבען, ווערטער און פראזען, וואס זייער באדייטונג האב איך פארנומען מיט אלע מיינע גע־פילען... נאר — עס איז מאדנע, אין דער זעלבער צייט, האב איך ניט אויפגעהערט צו זעהען אויפ'ן באלקען א גלייכען ליכטיגען קרייז, וואס האט זיך געהויבען פון דעם לאמפ מיט'ן גרינעם ארומגעברענטען אבאזשור. און איך האב ווי געוואוסט, אז אין אט דעם רוהיגען קרייז מיט די ניט שארף ארומגעשטרייכטע ברע־גען, האט זיך באהאלטען א שווייגענדיגער, איינגעשטאלטיגער, געהיימער און גרויזאמער לעבען, אז אנגסטליכער און א דריקענ־דיגער, נאך מעהרער און שווערער ווי דער משוגענער כאאס פון מיינע חלומות.

דערנאך פלעג איך זיך אויפכאפען, בעסער געזאגט, איך פלעג זיך גאר ניט אויפכאפען, נאר פלוצלינג פלעג איך זיך דערוויסען א וואכעדיגען. דער באוואוסטזיין פלעגט זיך כמעט צו מיר צוריק־קעהרען. איך פלעג פארשטעהן, אז איך ליג אויפ'ן געלעגער, אז איך בין קראנק, אז איך האב אט ערשט גע'חלומ'ט אין היץ, נאר דער ליכטיגער קרייז אויפ'ן טונקעלען באלקען האט פון דעסטוועגען מיך געשראקען מיט א פארבאהאלטענער און בייזער ווארנונג. מיט א שוואכער האנד פלעג איך זיך צוציהען צום זייגער, פלעג קוקען אויף דער צייט, און מיט טרויער און ער־שטוינונג פלעג איך זיך איבערצייגען, אז דער גאנצער אונענד־

ליכער פלאנטער פון מיינע משונה'דיגע חלומות, האט געדויערט
ניט מעהר פון צוויי אדער דריי מינוט. „גאט מיינער! ווען וועט
שוין טאג ווערען!" פלעג איך טראכטען א פארצווייפעלטער,
ווארפענדיג מיט'ן קאפ איבער דער הייסער קישען און פילענדיג,
ווי מיין אייגענער קורצער הייסער אטהעם ברענט מיר די ליפען...
נאר אט פלעגט מיך ווידער באפאלען א לייכטער דינער דריי־
מעל, און מיין מארך פלעגט ווידער ווערען א שפילכעל פאר דעם
לויטערען קאשמאר, און אין צוויי מינוט ארום פלעג איך זיך
ווידער אויפכאפען אין טויט שרעק...

אין זעקס טעג ארום האט מיין קראפטיגע נאטור, מיט דער
הילף פון בינע און טרוקענע מאלינע, בייגעקומען מיין חלאת.
איך בין אויפגעשטאנען פונ'ם געלעגער אין גאנצען א צובראכע־
נער, קוים וואס איך האב זיך געהאלטען אויף די פיס. מיין גע־
זונד האט זיך געבעסערט מיט יעדער רגע. דער קאפ, און אויסגע־
מאטערטער פון דעם זעקסטאגיגען קדחת'דיגען קאשמאר, האט
איצטער געפילט א פוילע, אנגענעמע פוסטקייט פון געדאנקען.
דער אפעטיט איז צוויי מאל אזוי גרויס געווארען און מיין לייב
האט זיך געשטארקט מיט יעדער שעה, אריינזאפענדיג אין זיך
מיט יעדען טהייל אלץ מעהרער געזונד און פרייד פון לעבען. אין
דער זעלבער צייט האט מיך אויפסניי אלץ שטארקער א ציה
געטאן אין וואלד, צו דעם איינזאמען איינגעבויגענעם שטיבעל.
מיינע נערוועזן האבען זיך נאך ניט פארריכט אין גאנצען, און
יעדעס מאל ווען איך פלעג פאר זיך אין מיין זכרון ארויסרופען
אלעסיע'ס געזיכט און קול, פלעג איך דערפילען אזא צערטליכע
פרייד, אז מיר פלעגט זיך וועלען וויינען.

## 10

עס זיינען אריבער נאך פינף טעג, און איך בין שוין אויף אזוי
פיל שטארק געווארען, אז איך בין צופוס, ניט מיך ווערענדיג,
דערגאנגען צום שטיבעל אויף די היהנערשע פיסלאך. ווען איך

ביז ארויף אויפ'ן שוועל, האט דאס הארץ אין מיר אומרוהיג געגומען קלאפען. כמעט צוויי וואכען האב איך ניט געזעהען אלע־סיען, און ערשט איצטער האב איך קלאר פארשטאנען, ווי ליב און ווי נאהענט זי איז מיר. האלטענדיג זיך פאר'ן הענטעל פון דער טיר, בין איך עטליכע רגע'ס געשטאנען און האב קוים געקענט איבערכאפען דעם אטהעם. א ניט זיכערער, האב איך אפילו צו־געמאכט די אויגען אויף א ווײלע, איידער איך האב אן עפען געטאן די טיר.

דעם איינדרוק וואס איך האב באקומען ווען איך בין אריין אין שטיבעל, איז שווער איבערצוגעבען. קען מען דען געדענקען א ווארט, וואס עס ווערט ארויסגעזאגט אין די ערשטע רגע'ם ווען עס באגעגענען זיך א מוטער מיט א זוהן, א מאן מיט א ווייב, אדער צוויי פארליבטע? עס ווערען ארויסגערעדט אזוינע פשוט'ע, אזוי וואכעדיגע ווערטער, אז ווען מען וואלט עס אנגעשריבען אויף פאפיר, וואלט מען דאך אפילו געלאכט פון זיי. אבער דא איז יע־דעס ווארט אויף אן ארט, און ליב און טייער, שוין דערפאר אליין, ווייל דאס ווערט ארויסגעזאגט פון דעם ליבסטען און נאהענט־סטען מענשען אויף דער וועלט.

איך געדענק, זעהר דייטליך געדענק איך נאר דאס, אז צו מיר האט זיך געשווינד א קעהר געטון אלעסיעס בלייך געזיכט, און אז אויף דעם שעהנעם, און פאר מיר נייעם געזיכט, האט זיך אין א רגע אפגעשפיגעלט בייטענדיג איינס דאס צווייטע, שטוי־נונג, שרעק, אומרוה, און א צערטליכער שיינענדיגער שמייכעל פון ליבע... די אלטע האט עפעס געקוימט, שארענדיג זיך ארום מיר, נאר איך האב ניט געהערט איהרע באגריסונגען. אלעסיע'ס קול האט זיך צו מיר דערטראגען ווי א זיסע מוזיק:

— וואס איז מיט אייך געשעהן? איהר זייט קראנק געווען? אך, ווי איהר זייט מאגער געווארען, ארימער מיינער.

א לענגערע צייט האב איך איהר גאר ניט געקענט ענטפערען, און שווייגענדיג זיינען מיר געשטאנען איינער אנטקעגען צווייטען, האלטענדיג זיך פאר די הענד, גלייך קוקענדיג טיעף און פריידיג

איינער דעם צווייטען אין די אויגען. די עטליכע שווייגענדיגע רגע'ס האלט איך שטענדיג פאר די גליקליכסטע פון מיין גאנצען לעבען.
— קיינמאל, קיינמאל, ניט פריהער און ניט שפעטער האב איך ניט איבערגעלעבט אזא ריינע, אזא פולע פארכאפענדיגע פרייד. און ווי פיל איך האב געלייענט אין אלעסיע'ס טונקעלע אויגען: סיי אויפרעגונג פון דער באגעגניש, סיי פארוואורף פאר מיין לאנגער אבוועזענהייט, און הייסע ערקלערונג אין ליבע... איך האב דער־פילט, אז אינאיינעם מיט איהר בליק גיט מיר אלעסיע אוועק מיט פרייד און אהן באדינגונגען איהר גאנצען וועזען.

זי האט די ערשטע איבערגעריסען דעם פאר'כשופ'טען מא־מענט, באווייזענדיג מיט א לאנגזאמער באוועגונג פון די אויגען אויף דער אלטער מאנויליכע'ן. מר האבען זיך געזעצט איינע נעבען צווייטען, און אלעסיע האט גענומען פארנאנדערפרעגען מיך מיט אלע איינצעלהייטען, וועגען דעם גאנג פון מיין חלאת, וועגען די רפואות, וואס איך האב איינגענומען, וועגען די ווערטער און מיינונגען פון'ם דאקטאר (וואס איז צוויי מאל געקומען צו מיר פון'ם שטעדטעל). וועגען דעם דאקטאר האט זי מיך גענויט אי־בערצודערצעהלען עטליכע מאל נאכאנאנד, און איך האב אפטמאל באמערקט אויף איהרע ליפען א לויפענדיגען שפאטישען שמייכעל.

— אך, פאר וואס האב איך ניט געוואוסט, אז איהר זייט קראנק געווארען! — האט זי אויסגעשריען מיט אונגעדולד און פארדרוס.
— אין איין טאג וואלט איך דאך אייך אויף די פיס געשטעלט...
נו, ווי קען מען זיי פארטרויען, אז זיי פארשטעהען לחלוטין גאר־ניט? ווארום האט איהר ניט געשיקט נאך מיר?

איך האב ניט געוואוסט וואס צו זאגען.

— זעהסט דאך, אלעסיע... דאס האט מיט מיר געטראפען אזוי פלוצלינג... און דערצו האב איך מורא געהאט באאונרוהיגען דיך. דו ביזט די לעצטע צייט צו מיר געווארען אזא מאדנע, אזוי ווי דו וואלסט אויף מיר אלץ ברוגז געוועזען, אדער איך בין דיר נמאס געווארען... הער זיך איין, אלעסיע, — האב איך צוגענגעבען מיט א

נידעריגען קול, — איך האב דאך אזוי פיל, אזוי פיל צו ריידען מיט דיר... אבער מיט דיר אליין... פארשטעהסט?

זי האט שטיל ארונטערגעלאזען די ברעמען אין א צייכען פון צושטימונג. דערנאך האט זי שרעקענדיג א קוק געטאן אויף דער באבען און האט געשווינד א שעפטשע געטאן:

— יא... כ'האב עס אליין אויך געוואלט... שפעטער א ווייל... ווארט צו...

ווי נאר די זון איז פארגאנגען, האט אלעסיע מיך גענומען איי־לען אהיים.

— געהט שוין אהיים, קלייבט זיך גיכער, — האט זי געזאגט שלעפענדיג מיך פון בענקעל פאר דער האנד. — אויב די פייכקייט פון דער לופט וועט אייך איצטער ארומנעמען, וועט איהר ווידער קראנק ווערען.

— און דו, אלעסיע, וואוהין געהסטו?—האט מאנויליכע פלוצ־לינג א פרעג געטאן, זעהענדיג אז איהר אייניקעל האט אויף זיך ארויפגעווארפען אויפ'ן קאפ א גרויסע, גרויע וואלענע שאל.

— כ'וועל געהן... כ'וועל באלייטען אביסעל, — האט אלעסיע געענטפערט.

זי האט עס ארויסגערעדט גלייכגילטיג, קוקענדיג ניט אויף דער באבען, נאר אויפ'ן פענסטער, און אין איהר קול האב איך אויפ־געכאפט א קוים מערקליכען שאטען פון אויפרעגונג.

— וועסט טאקע געהן?! — האט מיט באטאנונג די אל־טע איבערגעפרעגט.

אלעסיע'ס אויגען האבען אויפגעבליצט און האבען זיך אפגע־שטעלט גלייך אויף מאנויליכע'ס געזיכט.

— יא, כ'וועל געהן! — האט זי אז אנגעצונדענע געענטפערט.

— וועגען דעם איז שוין גערעדט געווען און גע'טענה'ט געווען... ס'איז מיין זאך און איך וועל באצאלען.

— עך דו!... — האט די אלטע אויסגעשריען מיט פארדרוס און פארוואורף. זי האט נאך עפעס געוואלט צוגעבען, אבער זי האט א מאך געטאן מיט דער האנד און האט זיך אוועקגעשלעפט

מיט איהרע וואקלענדיגע טריט צום ווינקעל, און, קרעכצענדיג, האט זי זיך גענומען שארען איבער עפּעס אן אלטען קויש.

איך האב פארשטאנען, אז אט דער געשווינדער פיינדליכער געשפּרעך, פון וועלכען איך בין אקארשט געווען אן עדות, מוז דיי־נען פאר א שטענדיגען לאנגען גענענזייטיגען קריג, וועלכער קומט אפּט פאר צווישען זיי.

קומענדיג מיט אלעסיע׳ן צום וואלד, האב איך א פרעג גע־טאן:

— די באבע וויל ניט, אז דו זאלסט געהן מיט מיר שפּאצי־רען? יא?

אלעסיע האט מיט פארדרוס א פיהר געטאן מיט די אקסלען.

— איך בעט אייך, זאל דאס אייך ניט ארען. נו יא, זי וויל ניט... איז וואס! בין איך דען ניט פריי צו טאן אלץ וואס מיר געפעלט?

אין מיר האט זיך פּלוצלינג אויפגעהויבען א שטארקער פאר־לאנג צו מאכען אלעסיע׳ן פארוואורפען פאר איהר פריהערדיגער בייזקייט צו מיר.

— הייסט עס, אז פריהער, נאך איידער איך בין קראנק גע־ווארען, האסטו אויך געקענט, נאר דו האסט ניט געוואלט בלייבען מיט מיר אויג אויף אויג... אך, אלעסיע, ווען דו וואלסט געוואוסט, ווי שטארק דו האסט מיר וועה געטאן... איך האב אזוי געווארט, איך האב אזוי געווארט יעדען אווענד, אז אט וועסטו ווידער מיך געהן באלייטען... און דו, דו ביזט יעמאלט געווען אזא פרעמדע, אזא אומעדיגע און בייזע. א, ווי דו האסט מיך געמאטערט, אלע־סיע!

— נו, הערט שוין אויף, ליבינקער... פארגעסט עס אין גאנ־צען, — האט אלעסיע זיך געבעטען, מיט א ווייכקייט און הארציג־קייט אין איהר קול.

— ניין, איך רייד דיר דאס ניט אויס, — ס׳איז נאר אזוי צו רייד געקומען... איצטער פארשטעה איך, פארוואס דאס איז אזוי געווען... אבער אין אנהויב — ס׳איז מיר אפילו מיאוס צו דער־

מאַנען זיך — האָב איך געמיינט, אַז דו האָסט מיך זעהר שטאַרק געמאַטערט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דו רעכענסט מיך פאַר אַזאַ יווייטען און פרעמדען מענשען, אַז אפילו אַ פשוט'ע חבר'שע טובה איז דיר שווער צו נעמען פון מיר... דאָס האָט מיר זעהר פאַרדראָ־סען... כ'האָב דאָס אפילו ניט פאַרדעכטיגט, אַלעסיע, אַז דאָס אַלץ איז איבער דער באַבען.

אַלעסיע'ס געזיכט האָט זיך פּלוצלינג אָנגעצונדען און איז רויט געוואָרען.

— ס'איז גאָר ניט איבער דער באַבען!... אַליין האָב איך דאָס ניט געוואָלט! — האָט זי מיט היץ אַ געשריי געטאָן.

איך האָב אויף איהר אַ קוק געטאָן פון דער זייט, אַזוי אַז איך האָב דערזעהן איהר ריינעם צאַרטען פּראָפיל און איהר לייכט אָנ־געבויגענעם קאָפּ. ערשט איצטער האָב איך באַמערקט, אַז אַלעסיע איז אַליין אויך מאָגערער געוואָרען פאַר דער צייט, און אַז אַרום איהרע אויגען האָבען זיך אויסגעלייגט טונקעל־בלויע שאָטענס. דערפילענדיג מיין בליק, האָט אַלעסיע אַ וואָרף געטאָן אויף מיר איהרע אויגען, נאָר תיכף האָט זי זיי אַרונטערגעלאָזען און האָט זיך אָפּגעקעהרט מיט אַ שעמעוודיגען שמייכעל...

— פאַרוואָס האָסטו ניט געוואָלט, אַלעסיע? פאַרוואָס? — האָב איך געפרעגט מיט אַן אָפּגעריסענעם קול פון אויפרעגונג, און אָנכאַפּענדיג אַלעסיען ביי דער האַנד, האָב איך זי גע־צוואונגען צו בלייבען שטעהן. אין דער צייט האָבען מיר זיך אַקוראַט געפונען אויפ'ן מיטען פון דעם לאַנגען, שמאָלען און גלייכען ווי אַ פייל, שטילען שטעגעל, וואָס האָט זיך געצויגען דורכ'ן וואַלד. די הויכע, שלאַנקע סאָסנעס האָבען אונז אַרומגערינגעלט פוןביידע זייטען, און עס האָט אויסגעזעהען ווי מיר שטעהען אין אַ לאַנגען גרויסען קאָרידאָר, אונטער אַ דאַך פון דופטיגע געפלאָכטענע צווייגען. די נאַקעטע, אָפּגעשיילטע שטאַמען זיינען געפאַרבט געווען פון דעם פלאַמענדיגען אָפּשיין פון דער פאַרגעהענדיגער זון...

— פאַרוואָס? פאַרוואָס? אַלעסיע... — האָב איך שעפּטשענדיג

געפרעגט נאכאנאנד, און האב אלץ שטייפער צוזאמענגעדריקט איהר האנד.

— איך האב נים געקענט... איך האב מורא געהאט, — האט אלעסיע ארויסגערעדט קוים וואס מען האט געקענט הערען. — כ'האב געמיינט, אז מ'קען אוועק פון'ם מזל... און איצטער... און איצטער...

איהר האט פארכאפט דער אטהעם, ווי עס וואלט איהר גע־פעלט לופט, און פלוצלינג האבען איהרע הענד פלינק און שטארק מיך ארומגעכאפט ארום האלז, און אלעסיע'ס איילענדיגער ציטערי־גער שעפטשען האט זיך א ברען געטאן מיינע ליפען:

— איצטער איז מיר אלץ איינס... אלץ איינס! ווארים איך האב דיך ליב, טייערער מיינער, שעהנער מיינער, גליק מיינס...

זי האט זיך צו מיר צוגעטוליעט אלץ מעהר און שטארקער, און איך האב געפילט, ווי אונטער מיינע הענד האט געציטערט איהר שטארק געזונט הייס ליבּ, און ווי אפט עס האט איהר הארץ ארום מיין ברוסט געקלאפט, איהרע ליידענשאפטליכע קושען האבען זיך אריינגעגאסען ווי שטארקער ווייַן אין מיין קאפ, וואס איז פון דער קרענק נאך שוואך געווען, און מיט אלע כחות האב איך זיך קוים באהערשט.

— מען דארף ניט, אלעסיע, מ'דארף ניט... לאז מיך אפ,—האב איך געשעפטשעט, פארנאנדערנעמענדיג איהרע הענד, — איצ־טער האב איך אויך מורא... כ'האב מורא פאר זיך אליין.. לאז מיך אפ, אלעסיע...

זי האט אויפגעהויבען איהר געזיכט, און עס האט אויפגע־לויכטען מיט א מיעדען איידעלען שמייכעל.

— ליבינקער, האב קיין מורא נים, — האט זי ארויסגערעדט מיט אן אויסערגעוויינליכען אויסדרוק פון צערטליכקייט און ריהר־רענדיגער געוואגטקייט. — כ'וועל דיר דאס קיינמאל ניט אויפוואר־פען, כ'וועל צו קיינעם ניט זיין אייפערזיכטיג... זאג מיר נאר: האסט מיך ליב?

— איך האב דיך ליב, אלעסיע. שוין לאנג אז איך האב דיך

ליב, און שטאַרק האָב איך דיך ליב. נאָר... קוש מיך מעהר ניט... איך ווער שוואַך... מיר דרעהט זיך דער קאָפּ, איך בין איצטער פאַר זיך ניט פאַראַנטוואָרטליך...

איהרע ליפּען האָבען ווידער לאַנג און פּיינליך זיך צוגעדריקט צו מיינע, און איך האָב ניט דערהערט, נאָר גיכער געטראָפען איהרע ווערטער:

— נו, איז האָב קיין מורא ניט, און טראַכט מעהר פון גאָר ניט... היינט איז אונזער טאָג און קיינער וועט איהם ביי אונז ניט אַוועקנעמען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און די גאַנצע נאַכט האָט זיך אויסגעגאָסען ווי עפּעס אַ וואונדערליכער צויבער, די לבנה איז אויפגעגאַנגען, און איהר ליכט האָט סודות׳דיג, לויטער און וואונדערליך באַשיינט דעם וואַלד, און האָט זיך געלייגט דורך דער פינסטערניש ווי בלוי־בּלייכע פלעקען אויף די ווילדע גרויע שטאַמען, אויף די אויסגעדרעהטע צווייגען און אויפ׳ן מאָד, וואָס איז געלעגען ווי אַ ווייכער פּלושענער קאָווער. די דינע שטאַמען פון די ווייסע בעריאָזעס האָבען זיך שאַרף און בולט אַרויסגעצייכענט, און אויף זייערע שיטערע בלעטער האָט זיך געדאַכט, זיינען געלעגען זילבערנע, דורכזיכטיגע, טיולעווע שלייערען. ערטערווייז האָט דאָס ליכט אין גאַנצען ניט דורכגעבראָכען אונטער דעם געדיכטען דאַך פון די סאָסנע צווייגען. דאָרטען איז געשטאַנען אַ געדיכטע, פאַרגליווערטע פינסטערניש, נאָר פון דער רעכטער פינסטערניש האָט פון ערגעץ אַ שיין געטאָן אַ שטראַל ליכט, און פּלוצלינג האָט ער העל באַלויכטען די לאַנגע רייהע בוימער און האָט אַ וואַרף געטאָן אויף דער ערד אַ שמאָלען גלייכגעצייכענטען שטעגעל, — אַזאַ ליכטיגען, פאַרפּוצטען און שעהנעם, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַן אַלעע, אַ פאַרפּוצטע פון עלפען לכבוד דעם יום טוב׳דיגען צוג פון אָבעראָנען און טיטאַנען. און מיר זיינען געגאַנגען, געאַרעמט, אין מיטען פון אָט דער שמייכלענדיגער, לעבעדיגער לעגענדע, שוויינגענדיגע, געדריק־

טע פון אונזער אייגענעם גליק און פון דעם אומהייליכען שוויי־גען פון׳ם וואלד.

— טייערער מיינער, און איך האב זיך גאר פארגעסען, אז דיר איז נויטיג צו געהן אהיים, — האט זיך אלעסיע א כאפ געטאן. — אט ס׳ארא שלעכטע איך בין! ביזט ערשט געזונד געווארען, און איך פארהאלט דיך ביז איצטער אין וואלד.

איך האב זי ארומגענומען און האב אראפגעשארט די שאל פון איהרע געדיכטע טונקעלע האר און, אנבויגענדיג זיך צו איהר׳ אויער, האב איך זעהר שטיל א פרעג געטאן:

— דיך פארדריסט ניט, אלעסיע? האסט ניט חרטה?

זי האט פאמעלעך א שאקעל געטאן מיט׳ן קאפ.

— ניין, ניין... וואס ס׳זאל נאכדעם ניט פאסירען, וועט מיך ניט פארדריסען, מיר איז אזוי גוט...

— און עפעס מוז טאקע פאסירען?

אין איהרע אויגען האט א פינקעל געטאן דער אפשיין פון דעם מיסטישען שרעק, וואס איך האב שוין ביי איהר ניט איינמאל געזעהען.

— א, יא, ס׳מוז פאסירען... געדענקסט, איך האב דיר דערצעהלט וועגען דער דאמע פיק? יענע דאמע פיק — דאס בין איך דאך, און אן אונגליק וועט עס מיט מיר געשעהן, ווי די קארטען האבען דער־צעהלט... ווייסט, כ׳האב דאך דיך יעמאלט געוואלט בעטען, אז דו זאלסט אינגאנצען אויפהערען קומען צו אונז... און דא ביזטו גאר קראנק געווארען, און גאנצע צוויי וואכען האב איך דיך ניט געזעהען... און דא האט מיך א בענקשאפט נאך דיר ארומגענו־מען, אזא אומעט, אז כ׳וואלט, דאכט זיך, אלץ אויף דער וועלט אוועקגעגעבען, אבי כ׳זאל מיט דיר אין איינעם כאטש א רגע׳לע זיין... און טאקע יעמאלט האב איך ביי זיך אפגעמאכט... זאל זיין, טראכט איך, וואס ס׳וועט זיין, נאר איך וועל מיין פרייד קיינעם ניט אוועקגעבען...

— ס׳און אמת, אלעסיע. דאס זעלבע איז מיט מיר אויך גע־ווען, — האב איך געזאגט באריהרענדיג מיט די ליפען איהר שטע־

דען. — ביז יעמאָלט האָב איך ניט געוואוסט, אַז כ'האָב דיך ליב, ביז איך האָב זיך מיט דיר געשיידט. ניט אומזיסט, אַ פּנים, האָט אימיצער געזאָגט, אַז די שיידונג פאַר דער ליבע איז דאָס זעלבע, וואָס דער ווינד פאַר דעם פייער; אַ קליינינקע ליבע פאַרלעשט זי, און אַ גרויסע בלאָזט זי נאָך שטאַרקער פאַרנאַנדער.

— וואָס האָסטו געזאָגט? זאָג נאָך אַמאָל, זאָג נאָך אַמאָל, איך בעט דיך, — האָט זיך אָלעסיע פאַראינטערעסירט.

איך האָב נאָך אַמאָל ווידערהאָלט דאָס ווערטעל, וואָס כ'האָב ניט געוואוסט וועמעס דאָס איז. אָלעסיע האָט זיך פאַרקלערט, און איך האָב דערזעהן אין דער באַוועגונג פון איהרע ליפּען אַז זי חזר'ט איבער מיינע ווערטער.

איך האָב זיך נאָהענט צוגעקוקט צו איהר אויף הינטען פאַר־וואָרפענעם בלייכען געזיכט, צו איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען, וואָס לבנה ליכט און לבנה שאָטענס האָבען אין זיי געגלאַנצט, — און אַ ניט קלאָרער פאַרנעבעלטער פאַרגעפיל פון אַ נאָהענטען אומגליק, איז מיט אַ פלוצלינגער קעלט אַריינגעקראָכען אין מיין נשמה.

## 11

במעט אַ גאַנצען חודש האָט זיך געצויגען די אומשולדיגע צויבער מעשה'לע פון אונזער ליבע, און ביז'ן היינטיגען טאָג, אינ־איינעם מיט אָלעסיע'ס שעהנעם אַנבליק, לעבען נאָך ניט פאַר־וועלקטע אין מיין נשמה, די פלאַמענדיגע אָוונד־שטערען, די טויאיגע, מיט האָניג און לאַנדישען דופטענדיג פריהמאָרגענס, פולע מיט שטאַרקענדיגער פרישקייט און קלינגענדיגען פייגעל גע־רויש, און די הייסע, טונקעלע, פוילע יוני טעג... ניט די לאַנגוויי־ליגקייט, ניט די מידקייט, ניט מיין אייביגע ליידענשאַפט צום וואַנדער־לעבען, האָבען אין יענער צייט קיין איין מאָל ניט אָנגע־ריהרט מיין נשמה. איך, אַזוי ווי דער געצענדינערישער גאָט אָדער ווי אַ יונגע, קראַפטיגע חיה, האָב הנאה געהאַט פון דער ליכטיג־

קייט, ווארעמקייט, און באוואוסטזיניגער פרייד פון לעבען, און פון דער רוהיגער, געזונטער, פילענדיגער ליבע.

די אלטע מאנויליבע איז נאך מיין געזונד ווערען אזוי אונער־טרעגליך אפשטויסענדיג געווארען, און פלעגט מיך באגעגענען מיט אזא אפענער שנאה, און אין דער צייט וואס איך פלעג זיצען אין'ם שטיבעל, פלעגט זי מיט אזא בייזען געדרויש רוקען די טעפּ אין אויווען, אז איך מיט אלעסיען האבען געפונען פאר בעסער צו טרע־פען זיך יעדען אווענד אין וואלד... און די גרויסארטיגע גרינע שעהנ־קייט פון וואלד, האט ווי א זעלטענע טייערע פאסונג באשעהנט אונזער רוהיגע ליבע.

יעדען טאג האב איך אויך מיט אלץ מעהר חידוש אויסגעפו־נען, אז אלעסיע — א מיידעל וואס איז אויסגעוואקסען אין מיטען וואלד, וואס קען אפילו ניט לייענען — האט אין א סך זייטען פון לעבען ארויסגעוויזען אזוי פיל איידעלען דינעם געפיל און איינ־געבארענע מאס. אין דער ליבע — אינ'ם גלייכען, גראבען זין — זיינען אלע מאל פאראן שרעקליכע זייטען אזעלכע, וואס פארשא־פען פיין און חרפה פאר די נערוועזישע קינסטלערישע נאטורען. נאר אלעסיע האט עס געקענט אויסמיידען מיט אזא נאאיווער גאנצ־קייט און ריינקייט, אז קיין איין מאל האט ניט געטראפען, אז עפעס א מיאוסער פארגלייך אדער א ציגישער מאמענט זאל בא־ליידיגען אונזער נאהענטען צוזאמענלעבען.

דערווייל האט זיך דערנעהענטערט די צייט פון מיין אוועק־פאהרען. אייגענטליך, האבען זיך שוין אין פערעבאדאד אלע פליכ־טען פון מיין דינסט געענדיגט, און איך האב אומיסטנע פאר־צויגען די צייט פון מיין צוריקקעהר אין שטאדט.

וועגען דעם האב איך נאך מיט אלעסיען קיין ווארט ניט גע־רעדט, מורא האבענדיג אפילו צו פארשטעלען זיך, ווי אזוי זי וועט אויפנעמען אזא נייעס.

אין אלגעמיין האב איך זיך געפונען אין א שווערער לאגע. די געוואוינהייט האט שוין צו טיפע ווארצלען אריינגעלאזען אין מיר. זעהען אלעסיען אלע טאג, הערען איהר ליבען קול און קלינגענדיגען

געלעכטער, פילען די גאהענטע פרייד פון איהרע צערטליכקייטען — איז פאר מיר געווארען מעהר ווי א נויטווענדיגקייט. אין די זעלטענע טעג, ווען דער שלעכטער וועטער האט אונז געשטערט צו טרעפען זיך, האב איך זיך געפילט ווי א פארלארענער, ווי עפעס דאס בעסטע און דאס וויכטיגסטע פון מיין לעבען וואלט מיר געפעלט. יעדע באשעפטיגונג איז מיר איבערדריסיג און איבעריג געווען, און מיין גאנצער וועזען האט זיך געצויגען אין וואלד, צו ליכט, צו ווארעמקייט, צו אלעסיע'ס ליבען באקענטען געזיכט.

דער געדאנק פון חתונה האבען מיט אלעסיען איז מיר אלץ אפטער און אפטער געקומען אין קאפ. אין אנהויב האט מיר אזא געדאנק אויסגעזעהען ווי נאר א מעגליכער אין לעצטען פאל, אן עהרליכער אויסוועג פאר אונזערע באציהונגען. איין זאך האט מיר נאר געשראקען און מיר אפגעהאלטען: איך האב ניט געוואגט אפילו פארצושטעלען זיך, א וועלכע וועט אלעסיע אויסזעהן, ווען זי וועט אנטאן א שטאדטישען קלייד, און ווי אזוי וועט זי פאר ברענגען אין די זאלען מיט די ווייבער פון מיינע קאלעגען, א ארויסגעריסענע פון דעם פאר'כשופ'טען ראהם פון'ם אלטען וואלד, וואס איז פול מיט לעגענדען און געהיימע כחות?

אבער וואס נעהענטער עס איז געקומען די צייט פאר מיין אפפאהרען, אלץ גרעסער איז געווארען מיין שרעק פון איינזאמקייט, און אלץ א גרעסערער טרויער האט מיך באהערשט. דער געדאנק פון חתונה האבען מיט אלעסיען, איז מיט יעדען טאג שטארקער געווארען אין מיין נשמה, און צום סוף האב איך שוין אין דעם אויפגעהערט צו זעהען דעם געוואגטען ארויסרוף צו דער געזעלשאפט. „עס האבען דאך חתונה גוטע און געלערענטע מענשען מיט נייטארינס און מיט דינסטען", — האב איך זיך געטראכט, און זיי לעבען צווישען זיך זעהר גוט, און ביז'ן סוף פון זייער לעבען בענשען זיי זייער מזל וואס האט זיי אנגעשטויסען אויף אזא שריט. אין דער אמת'ן, פאר וואס זאל איך זיין אומגליקליכער פון אנדערע?"

איינמאל, אין א אווענד, אין מיטען יוני, בין איך ווי אלע מאל

געשטאנען און געווארט אויף אלעסיען אויף דעם בויג פון׳ם שמא־לען וואלד שטעגעל, צווישען בליהענדיגע בושען. פון דער ווייטען נאך האב איך דערקענט דעם לייכטען פלינקען רויש פון איהרע טריט.

— גוט׳ן אווענד, ליבינקער מיינער, — האט אלעסיע ארוים־געזאגט ארומנעמענדיג מיך און אטהעמענדיג שווער. — ס׳מסתמא לאנג געווארט? און איך האב זיך קוים מיט כחות ארויסגעריסען... כ׳האב זיך דאס אלץ מיט דער באבען ארומגעריסען.

— זי איז נאך אלץ ניט בעסער געווארען?

— וואו בעסער? „דו, זאגט זי, ווערסט איבער איהם פארלארען געהען... ער׳ט זיך אויסלאכען פון דיר און וועט דיך אוועקווארפען. אז ער האט דיך ניט ליב אפילו...“

— דאס רעדט זי אזוי וועגען מיר?

— וועגען דיר, טייערינקער... איך גלויב דאך סיי ווי סיי ניט וואס זי רעדט.

— און זי ווייס אלץ?

— איך קען ניט זאגען אויף זיכער... נאר דאכט זיך, אז זי ווייס... כאטש איך דערצעהל איהר גאר ניט וועגען דעם — זי פאר־שטעהט אליין. אבער לאמיר וועגען דעם ניט טראכטען... קום.

זי האט אראפגעריסען פון א בוש א גאנצען צווייגעל מיט ווייסע בלומלאך, וואס האט אויסגעזעהען ווי א קיילעכדיגער פאר־גאנדערגעבליהטער נעסט, און האט עס זיך אריינגערוקט אין די האר. מיר זיינען פאמעלאך אוועקגעגאנגען איבער׳ן שטעגעל, וואס האט זיך קוים־קוים געדרויטעלט פון דער פארגעהענדיגער זון.

נאך נעכטען ביינאכט האב איך ביי זיך אפגעמאכט, אז וואס עס זאל ניט זיין, נאר היינטיגען אווענד זאל איך פאר אלעסיען אלץ דערצעהלען. אבער א מאדנע שרעקעדיגקייט האט שווער גע־מאכט מיין צונג. איך האב געקלערט: אויב איך זאל אלעסיען דער־צעהלען וועגען מיין פאהרען און וועגען אונזער חתונה האבען, וועט זי מיר גלויבען? צי וועט זיך איהר ניט אויסווייזען, אז מיט מיין פארשלאג, געה איך נאר פארקלענערען און פארגרינגערען דעם

ערשטען וועהטאג פון דער אנגעטראגענער וואונד? אט אז מיר וועלען צוקומען צו יענעם בוים מיט דעם ארומגעריסענעם שטאם, „וועל איך תיכף אנהויבען“, האב איך ביי זיך אפגעמאכט אין גע־דאנק. מיר זיינען שוין צוגעקומען צום בוים, און איך, ווערענדיג בלייך פון רעגונג, האב שוין איבערגעכאפט דעם אטהעם, כדי צו אנהויבען ריידען, נאר פלוצלינג איז מיין גאנצער מוט אפגעשוואכט געווארען און איך האב דערפילט א נערוועאיש, קרענקליך קלא־פען פון'ם הארץ און א קעלט אין מויל. „זיבען און צוואנציג, איז מיין טרויעריגע צאהל, — האב איך געטראכט מיט עטליכע מינו־טען שפעטער — וועל איך אפצעהלען ביז זיבען און צוואנציג, און יעמאלט וועל איך אנהויבען“, און איך האב גענומען צעהלען אין געדאנק, נאר אז איך בין דערגאנגען ביז זיבען און צוואנציג, האב איך דערפילט, אז דאס אלץ וואס איך האב ביי זיך אפגע־מאכט, איז אין מיר נאך ניט צייטיג געווארען. — „ניין„ — האב איך צו זיך געזאגט, — איך וועל שוין בעסער צעהלען ביז זעכציג, — אזא צאהל וועט אקוראט צונויפשטעלען א גאנצע מינוט, — און יעמאלט וועל איך שוין אויף זיכער, אויף זיכער...“

— וואס איז דאס היינט מיט דיר אזוינס? — האט אלעסיע פלוצלינג א פרעג געטאן. — דו טראכסט פון עפעס א שלעכטע זאך. וואס האט מיט דיר געטראפען?

יעמאלט ערשט האב איך אנגעהויבען ריידען, נאר איך האב אנגעהויבען ריידען מיט אזא מיאוסען טאן, מיט עפעס אן אנגע־צויגענער, ניט נאטירליכער נאכלעסיגקייט, אזוי ווי איך וואלט דאס גערעדט פון עפעס א לייכטע נארישע זאך.

— געוויס, אלעסיע, ס'איז דא א קליינע אונאנגענעמליכקייט... האסט געטראפען... פארשטעהסט א מעשה, מיין דינסט האט זיך דא געענדיגט, און מ'רופט מיך ארויס אין שטאדט.

פון דער זייט האב איך פלינק א קוק געטאן אויף אלעסיען און איך האב דערזעהען, ווי די פארב איז איהר אראפ פון'ם געזיכט און ווי איהרע ליפען האבען אויפגעציטערט. נאר זי האט מיר מיט קיין ווארט ניט געענטפערט. א לענגערע צייט זיינען מיר שוויי־

גענדיג געגאַנגען איינער לעבען צווייטען. אין׳ם גראָז האָבען היל־
כיג געשריען די גרילען און פון ערגעץ פון דער ווייט האָט זיך
דערטראָגען דאָס איינטאָניגע אָנגעשטרענגטע זעגען פון אַ היישע־
ריק.

— דו פאַרשטעהסט דאָך אַליין אויך, אַלעסיע, — האָב איך
ווידער אָנגעהויבען, — אַז מיר איז ניט אַזוי באַקוועם צו פאַר־
בלייבען דאָ, און מיט מיין דינסט אַרומוואַרפען זיך טאָר מען אויך
ניט...

— ניין... וואָס איז... פון דעם איז גאָר קיין רייד ניטאָ, — האָט
זיך אַלעסיע אָפּגערופען כמעט אַ רוהיגע אויפ׳ן אויסזעהן, נאָר
מיט אַזאַ טויבען פאַרשטיקטען קול, אַז מיר איז אומהיימליך גע־
וואָרען, — אויב די דינסט, איז פאַרשטעהט זיך, אַז מ׳מוז פאָה־
רען...

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אַרום אַ בוים און האָט זיך אָנגע־
שפּאַרט מיט׳ן רוקען אויף זיין שטאַם, אין גאַנצען אַ בלייכע, מיט
שוואַכע אַרונטערגעלאָזענע הענד, מיט אַ פאַרלאָרענעם פיינליכען
שמייכעל אויף די ליפּען. איהר בלייכקייט האָט מיך דערשראָקען.
איך האָב זיך אַ וואָרף געטאָן צו איהר און האָב שטאַרק צוזאַמענ־
געדריקט איהרע הענד.

— אַלעסיע... וואָס איז מיט דיר... טייערע מיינע!...

— ס׳איז גאָרניט... אַנטשולדיגט מיר... דער קאָפּ ט׳זיך מיר
פאַרדרעהט

זי האָט זיך אָנגעטאָן אַ כוח און האָט געוואָלט געהן, ניט אָפּ־
נעמענדיג ביי מיר איהר האַנד.

— אַלעסיע, איצטער טראַכסטו פון מיר שלעכטס, — האָב איך
מיט פאַרוואָורף געזאָגט, — שעהם זיך! ווי קענסטו גאָר אַ טראַכט
טאָן, אַז איך קען אַוועקפאָהרען און אַוועקוואַרפען דיך? ניין, מיין
טייערע. איך האָב דאָך דערפאַר אָנגעהויבען אַזוי ריידען, ווייל
איך וויל היינט טאַקע געהן צו דיין באָבען און זאָגען איהר, אַז
דו וועסט ווערען מיין ווייב.

גאר אומערווארטעט פאר מיר, האבען מיינע ווערטער כמעט ווי ניט איבערראשט אלעסיען.

— דיין ווייב ? — האט זי לאנגזאם און טרויעריג א מאך געטאן מיט'ן קאפ. — ניין, ליבער מיינער, טייערער מיינער, דאס קען ניט זיין!

— פארוואס, אלעסיע, פארוואס ?

— ניין, ניין... פארשטעהסט דאך אליין אויך, אז וועגען דעם איז נאריש אפילו צו טראכטען. נו וואסארא ווייב בין איך דיר אין דער אמת'ן ? דו ביזט א פריץ, ביזט א קלוגער, א געבילדעטער, און איך ? איך קען אפילו ניט לייענען, און וויים ניט וואוהין א טראט געבען... די שאנד אליין וואס דורך מיר וועסטו האבען, וועט דיר שווער זיין...

— דאס אלץ זיינען נארישקייטען, אלעסיע! — האב איך היים פראטעסטירט. — אין א האלב יאהר ארום וועסטו זיך אליין ניט דערקענען, דו קענסט זיך גאר אליין ניט פארשטעלען, וואס פאר אן איינגעבוירענעם לעבעדיגען שכל דו האסט. מיר וועלען ביידע אינאיינעם דורכלייענען א סך גוטע ביכער, מיר וועלען זיך באקענען מיט גוטע און קלוגע מענשען, מיר וועלען אינאיינעם דערזעהן די גרויסע ברייטע וועלט, אלעסיע... מיר וועלען זיך ביידע עלטערען, ביז דעם טאג פון אונזער טויט וועלען מיר געהן אינאיינעם האנד אין האנד, אט אזוי ווי מיר געהען איצטער, און ניט שעהמען וועל איך זיך, נאר שטאלץ וועל איך זיין מיט דיר און אייביג וועל איך דאנקען דיר!...

אויף מיינע הייסע רייד האט אלעסיע געענטפערט מיט א נאהענטען דריק מיט דער האנד, אבער ווי פריהער, האט זי זיך געהאלטען ביי דאס איהריגע.

— איז דען נאר דאס אליין ?... אפשר ווייסטו נאך ניט אלץ?... כ'האב דאך דיר נאך ניט דערצעהלט... איך האב דאך קיין טאטען ניט... איך בין אן אומגעזעצליכע...

— הער אויף, אלעסיע... דאס שטעלט מיך אפ ווינציגער ווי אלץ. וואס ארט מיך פאר דיין משפחה, אז דו אליין ביזט מיר

טייערער פון דעם טאטען מיט דער מאמען, טייערער פון דער גאנצער וועלט! ניין, דאס אלץ זיינען קליינינקייטען, דאס אלץ איז נאר א פוסטער אויסרייד!...

אלעסיע האט מיט א שטילער נאהענטער צערטליכקייט צו־געטוליעט זיך מיט איהר אקסעל צו מיינעם.

— ליבער מיינער... בעסער וואלטען מיר פון דעם אין גאנצען ניט אנגעהויבען ריידען... ביזט א יונגער, א פרייער... צי וואלט איך דעם מוט געהאט פארבינדען דיר די הענד מיט די פיס אויפ'ן גאנצען לעבען? נו, און אז דיר וועט שפעטער א צווייטע געפעלען ווערען? וועסט דאך יעמאלט מיך ניט קענען אנקוקען, וועסט דאך פארשעלטען דעם טאג און די שעה, וואס איך האב איינגעוויליגט חתונה האבען מיט דיר. זיי ניט אין כעס, טייערער מיינער! — האט זי מיט געבעט אויסגעשריען, זעהענדיג אויף מיין געזיכט, אז איהרע ווערטער זיינען מיר ניט אנגענעהם. — איך וויל דיך ניט באליידיגען. איך טראכט נאר פון דיין גליק. און דערנאך האסטו גאר פארגעסען וועגען מיין באבען. נו, איז גיב נאר א טראכט, איז דאס פיין פון מיין זייט, אז איך זאל זי לאזען אליין?

— וואס איז?... אויך פאר דער באבען וועט זיך ביי אונז געפינען ארט. (דעם אמת זאגענדיג, האט דער געדאנק וועגען דער באבען מיך שטארק אן ערגער געטאן). און אז זי וועט ניט וועלען וואוינען מיט אונז, זיינען אין ערגסטען פאל פאראן אין שטאדט אזעלכע הייזער... זיי רופען זיך היימען פאר אלטע... וואו אזעלכע אלטיטשקע געפינען רוה און מען באהאנדעלט זיי גוט...

— ניין, וואס רעדסטו! זי וועט פון וואלד אין ערגעץ ניט וועלען געהן. זי'ט מורא פאר מענשען.

— נו, אלעסיע, איז טראכט שוין דארט אליין צו, ווי ס'איז בעסער. דיר וועט אויסקומען אויסקלייבען צווישען מיר און דער באבען. נאר איין זאך זאלסטו וויסען — אז אהן דיר וועט מיין לעבען מיר נמאס זיין.

— ליכטיגער מיינער! — האט אלעסיע מיט א טיעפער צערט־

ליכקייט ארויסגערעדט. — שוין פאר די ווערטער אליין פיל איך א דאנק צו דיר... האסט דערוואַרעמט מיין האַרץ... נאָר חתונה האבען מיט דיר וועל איך ניט. כ'וועל שוין בעסער מיט דיר געהן אזוי, אויב דו וועסט מיך ניט אוועקטרייבען... נאָר אייל זיך ניט אזוי שטארק, איך בעט דיך, ניט אייל מיך אזוי... גיב מיר א צוויי טעג צייט, און איך וועל דאָס אלץ, אלץ גוט ארומקלערען... און מיט דער באבען דאַרף מען דאָך אויך ריידען.

— הער, אלעסיע, — האָב איך א פרעג געטאָן, א באַלויכטענער פון א נייעם געדאַנק. — און אפשר האסטו ווידער... מורא פאַר'ן קלויסטער?

עס קען זיין, אז פון אט דער פראגע האט מען טאקע גע־דאַרפט אנהויבען. כמעט יעדען טאג האב איך מיט אלעסיען גע־האט א ויכוח און האב אנגעווענדט אלע מיינע כוחות, איבערצו־צייגען זי אין דער פאלשקייט, וואס אויף איהר שטאם איז גע־לעגען דעם מזל'ס קללה און וואס ער באַזיצט די כוחות פון כשוף. אין דער ווירקליכקייט, ליגט אביסעל אין יעדען רוסישען אינטעלי־גענט די נייגונג צו זיין אן אויפקלערער. דאָס איז אין אונזער בלוט, דאָס איז אין אונז אריינגעפלאַנצט געוואָרען פון דער גאַנצער רו־סישער בעלעטריסטיק פאַר די לעצטע צעהנדליג יאהר. נאָר ווער ווייס? — אויב אלעסיע וואָלט געגלויבט טיף, און וואָלט שטרענג אפגעהיט אלע תעניתים און וואָלט קיין איין מאָל ניט פאַרפעלט צו געהן אין קלויסטער, — קען מעגליך זיין, אז יעמאָלט וואָלט איך גענומען איראָניזירען (נאָר זעהר ליכט, ווייל איך בין פון שטענדיג אן געווען א גלויביגער מענש) איבער איהר גלויביגקייט, און וואָלט גענומען אנטוויקלען אין איהר א קריטישע נאָכפאָר־שונג פון שכל. נאָר זי האָט מיט א פעסטער און נאַאיווער איבער־צייגונג גערעדט פון איהר נאָהענטער שייכות מיט די פאַרבאָר־גענע כוחות און פון איהר אפגעפרעמדקייט פון גאָט, וועגען וועל־כען זי האט אפילו מורא געהאַט ריידען.

אומזיסט האָב איך געפרופט צוטרייסלען אלעסיע'ס אבערגלוי־בען. אלע מיינע לאָגישע ארגומענטען, און אז אנדערש מאָל, מיין

גראבער בייזער שפאַט, דאָס אַלץ איז צוקלאַפּט געוואָרען אַז איהר געהאַרכזאַמער איבערצייגונג אין איהר געהיימען באַשערטען באַרוף.

— האָסט מורא פאַר'ן קלויסטער? — האָב איך ווידערהאָלט.

זי האָט אַ כאַפּ געטאָן מיינע הענד און האָט זיי גענומען קו־שען, אַט איינע און אַט די צווייטע.

— טייערער מיינער... ס'אַרא וואוילער דו ביזט! ס'אַרא גו־טער דו ביזט! — האָט זי גערעדט מיט אַ ציטערדיגען קול. — איך בין אַקאָרשט געגאַנגען און געקלערט: ווי שטאַרק דו האָסט מיך־ליב!... און ווייסטו, מיר ווילט זיך שטאַרק טאָן פאַר דיר עפּעס אַ זעהר, זעהר גוטע זאַך...

— אַלעסיע... ליכטיגע מיידעלע מיינע, באַרוהיג זיך...

— הער, זאָג מיר, — האָט זי ניט אויפגעהערט, — וואָלסט שטאַרק צופרידען געווען, אויב איך וואָלט ווען ניט איז געגאַנגען אין קלויסטער?

איך האָב זיך פאַרטראַכט. ביי מיר אין קאָפּ האָט פּלוצלינג דורכגעבליצט אַן אַבערגלויביגער געדאַנק: וועט פון דעם ניט גע־שעהן עפּעס אַן אומגליק?

— וואָס זשע שווייגסטו? נו זאָג שוין גיכער, וואָלסט זיך געפרעהט פון דעם, אָדער דיר איז אַלץ איינס?

— ווי זאָל איך דיר זאָגען, אַלעסיע? — האָב איך אָנגעהויבען מיט אַ פאַרהאַלטונג. — נו, יאָ... פון מיינטוועגען, וואָלט דאָס מיך געפרעהט. איך האָב דאָך דיר אַ סך מאָל געזאָגט, אַז אַ מאַנסביל קען ניט גלויבען, קען צווייפלען, קען אפילו לאַכען פון אַלץ. נאָר אַ פרוי... אַ פרוי מוז זיין אַ גלויביגע, טאָר אפילו ניט צווייפלען... אין יענער פּשוט'ער צערטליכער פאַרטרויליכקייט, מיט וועלכער אַ פרוי גיט זיך אָפּ אונטער דער השגחה פון גאָט, פיל איך אַלע מאָל עפּעס ריהרענדיגעס, ווייבליכעס און שעהנעס...

איך בין אַנטשוויגען געוואָרען. אַלעסיע האָט זיך אויך ניט אָפּגערופען, טוליענדיג דעם קאָפּ אַרום מיין ברוסט.

— צוליב וואָס האָסטו דאָס וועגען דעם ביי מיר געפרעגט? — בין איך נייגעריג געוואָרען.

זי האט זיך פלוצלינג א טרייסעל געטאן.

— אזוי זיך... כ׳האב עס גלאט אזוי א פרעג געטאן... טראכט גאר ניט פון דעם... נו, זיי געזונד, טייערער. קום צוגעהן מארגען.

זי איז פארשוואונדען. לאנג בין איך נאך געשטאנען און געקוקט אין דער פינסטערניש, צוהערענדיג זיך צו איהרע אייליגע דערווייטערטע טריט. פלוצלינג האט מיך ארומגעכאפט א פארגעפיל פון שרעק. מיר האט זיך פארוואלט און עס האט מיך א ציה געטאן נאכלויפען נאך אלעסיען, דעריאגען און פרעגען זי, בעטען זיך ביי איהר, פאדערען אפילו, אויב עס איז נויטיג, אז זי זאל ניט געהן אין קלויסטער. נאר איך האב איינגעהאלטען מיין פלוצלינגען געפיל און אפילו — איך געדענק — ווען איך האב זיך געלאזען געהן אהיים, האב איך ארויסגערעדט אויפ׳ן קול: דאכט זיך אז איהר אליין, מיין טייערער פריינד, אז איהר אליין האט זיך אנגענומען מיט אבערגלויבען.

א, גאט מיינער! פאר וואס האב איך זיך יעמאלט ניט צוגעהערט צו דעם ניט קלארען געפיל פון הארצען, וועלכער — איצטער גלויב איך אז צווייפעל אין דעם! — מאכט קיינמאל קיין טעות ניט אין זיינע פלוצלינדיגע געהיימע אהנונגען.

## 12

אויפ׳ן צווייטען טאג נאך אט דעם טרעפען זיך אין וואלד, איז אקוראט אויסגעקומען דער יום טוב פון דעם ה י י ל י ג ע ן ד ר י י ל י נ ג, וואס איז אויסגעפאלען אין דעם יאהר אין׳ם טאג פון דעם גרויסען מארטירער טימאפעי, ווען, נאך די פאלקס מעשיות, באווייזען זיך געהיימע סמנים פאר א ניט גערעטעניש. דאס דארף פערבאראד האט זיך מיט׳ן קלויסטער גערעכענט פאר א צוגעשריבענעם, ד. ה. דאס דארף האט אפילו געהאט אן אייגענעם קלויסטער, נאר קיין באזונדערען גלח האט איהם ניט גע־קומט, נאר ווען ניט ווען, אין א גרויסען יום טוב, פלעגט אהין אנפארען דער גלח פון דעם דארף וואלטש.

אין דעם זעלבען טאג איז מיר אויסגעקומען, אז איך האב געמוזט אין די אינטערעסען פון מיין דינסט, אריבערפאהרען אין דעם שכנה'שען שטעדטעל, און אהין בין איך ארויס רייטענדיג א זייגער אכט אין דער פריה, ווען עס איז נאך געווען קיהל. צוליב מיין ארומפאהרען האב איך שוין לאנג פאר זיך געקויפט א היבש פערדעל, וואס איז אלט געווען א יאהר זעקס־זיבען, און האט געשטאמט פון דעם ארטיגען שטארקען מין, נאר וואס איז מיט א סך ליבע און זארגפעליגקייט ערצויגען געווארען פון'ם פריהערדיגען באלעבאס, דעם ערד מעסטער פון דער נאהענטער שטאדט. דאס פערדעל האט מען גערופען טאראנטשיק. איך האב זיך שטארק צוגעבונדען צו אט דער ליבער חיה מיט דער באוואקסענער גריווע, אונטער וועלכער עס האבען אהן צוטרוי, און בייז ארויסגעקוקט פייערדיגע אויגלאך מיט שטארקע ענערגישע צונויפגעדריקטע ליפען. ער איז געווען פון א גאנץ זעלטענעם און קאמישען קאליר: אין גאנצען א גרויער ווי א מויז, נאר אויף זיין הינטען האבען זיך געשפרייט בולט'ע, ווייסע און שווארצע פלעקען.

מיר איז אויסגעקומען דורכצופאהרען דעם גאנצען דארף. דער גרויסער אפענער גרינער פלאץ, וואס ציהט זיך פון'ם קלויסטער ביז'ן שענק, איז אין גאנצען פארנומען געווען מיט לאנגע רייהען וועגענס אין וועלכע די פויערים מיט זייערע ווייבער און קינדער זיינען דאס געקומען אויף יום טוב פון די ארומיגע דערפער וואלאש, זולני, און פעטשלאווקע. מענשען האבען זיך שוין ארומגעדרעהט שכור'ע צווישען די וועגענס. ניט קוקענדיג אויף דער פריהער שעה און אויף די שטרענגע געזעצען (אין דעם יום טוב און שפעט אין די אווענדען פלעגט דער געוועזענער שענקער סרול פארקויפען בראנפען בגנבה). דער מארגען איז געווען א שטיקענדיגער אהן א ווינטעל. די לופט איז פייכט געווען, און דער טאג האט צוגעזאגט צו זיין זעהר א הייסער. אויפ'ן פארנאנדערגעגליהטען און ווי מיט א זילבערנעם שטויב לייכט פארהילטען הימעל, האט זיך ניט באוויזען קיין איין איינציג וואלקענדעל.

ווען איך בין פארטיג געווארען מיט אלץ וואס איך האב גע־

דארפט אין שטעדטעל, האב איך אויף גיך איבערגעביסען אין אן אכסניה אידישע געפילטע העכט, האב עס פארטרונקען מיט זעהר שלעכטען, מוטנעם ביער און האב זיך געלאזט אהיים. נאר דורכפאהרענדיג פארביי א שמיד, האב איך זיך דערמאנט, אז שוין א לענגערע צייט ווי די פאדקאווע אויף טאראנטשיק'ס לינקער פאדערשטער פוס איז אפגעשטאנען, האב איך זיך אפגעשטעלט אונטערשמידען דעם פערד. דאס האט ביי מיר גענומען נאך אן אנדערהאלבען שעה צייט, אזוי, אז ווען איך בין צוגעפאהרען צום פערעבאראדער פלאץ, איז שוין געווען דער זייגער צווישען פיער און פינף מיטאג צייט.

דאס גאנצע פלאץ האט געקאכט און געזאדען מיט די שרייענדיגע שכור'ע פויערים. די קונים האבען ממש פארשאטען דעם גאניק און דעם אריינגאנג פון'ם שענק, שטופענדיג און דריקענדיג איינער דעם צווייטען. די פערעבאראדער פויערים האבען זיך צונויפגעמישט מיט די אנגעפארענע, פארנאנדערזעצענדיג זיך אויפ'ן גראז, אין דעם שאטען פון די וועגענס. אומעדום האבען זיך געזעהען פארווארפענע קעפ אויף הינטען און אויפגעהויבענע פלעשלאך. קיין איין ניכטערער מענש איז שוין ניט געווען. די אלגעמיינע פאר'שכור'קייט איז שוין דערגאנגען ביז יענער גרענעץ, ווען דער פויער הויבט אן רוישיג און באריהמעריש פארגרעסערען זיין בארוישונג, ווען אלע זיינע באוועגונגען באקומען אן אפגעשוואכטע שווערע צואווארפענקייט, ווען אנשטאט דעם, צום ביישפיל, ער זאל א מאך טאן מיט'ן קאפ אויף יע, זעצט ער זיך אפ ארונטער מיט זיין גאנצען קערפער, בייגט איין די קניע און, פלוצלינג פארלירענדיג די גלייכגעוויכט, טוט ער זיך א וואקעל אויף הינטען. די קינדער האבען זיך געשארט און געקוויטשעט צווישען די גרויסע, אונטער די פיס פון די פערד, וועלכע האבען גלייכגילטיג געקייט היי. אויף אן אנדער ארט, האט א פויערטע, קוים וואס זי האט זיך אליין געהאלטען אויף די פיס, מיט קולות און געוויין געשלעפט אהיים פאר'ן ארבעל איהר איינגעשפארטען מיאוס שכור'ן מאן. אין דעם שאטען פון א פלויט, האבען א מענ־

שען צוואנציג, פויערים און פויערטעס, ארומגעזעצט זיך אין א געדיכטען רעדעל ארום א בלינדען לירע שפילער, און זיין ציטער־דיגער, פארשטיקטער טענאר, אין דער באלייטונג פון דעם קלינגענ־דיגען איינטאניגען אינסטרומענט, האט זיך שארף ארויסגעטיילט פון דעם ארומיגען טומעל פון דער מאסע. פון דער ווייטען האב איך שוין דערקענט די באקאנטע ווערטער פון דער „דומקע“ — געדאנק.

א! געהט אויף דער אווענד שטערען,
אויף פאטשאיעוו בלייבט ער שטעהן.
אי, קומט אן דעם טערק׳ס חילות,
ווי די כמארעס טוען געהן...

ווייטער ווערט דערצעהלט אין דער דומקע, פון דעם ווי די טערקען האבען ניט געקענט בייקומען דעם פאטשאיעווער מאנאס־טיר מיט שטורם, האבען זיי אפגעמאכט צו נעמען מיט פאלש־קייט. צוליב דעם צוועק האבען זיי אוועקגעשיקט, ווי א מתנה דעם מאנאסטיר, אן אומגעהויער גרויסע ליכט, אן אנגעפילטע מיט פולווער. מען האט געבראכט צופיהרען דאס ליכט אויף צוועלף פאר אקסען, און די דערפרעהטע מאנאכען האבען שוין געוואלט אנצינדען דאס ליכט פאר דעם פאטשאיעווער בילד פון גאט׳ס מא־מען, נאר גאט האט ניט דערלאזען דאס אזא פארטראכטע רציחה זאל דורכגעפיהרט ווערען:

חלום׳ט זיך דעם עלטסטען מאנאך:
מען זאל דאס ליכט ניט נעמען, —
פיהרט מען עס ארויס אין׳ם ווייסען פעלד,
מען זאל מיט העק עס צוהאקען.
און די אינגערע מאנאכען
פיהרען עס ארויס אינ׳ם ווייסען פעלד,
נעמען מיט העק עס האקען,

און די קוילען און די פאטראָנעס,
נעמען — העט! פארנאנדערוואָרפען...

די שטיקענדיגע הייסע לופט, האָט זיך געדאַכט, איז אָנגע־זאַפּט געוואָרן מיט אַן עקעלדיגען געמישטען ריח פון בראָנפען, צי־בעלעס, שאַפענע פעלצען, שטאַרקען מאַכאָרקע־טאַבעק און מיט אַנגעוואָרעמטע שווייסיגע אומריינע מענשליכע לייבער.

דורכשלאָגענדיג זיך פּאַרזיכטיג צווישען די מענשען און מיט גרויס מיה איינהאַלטענדיג טאַראַנטשיקען, וואָס האָט געטרייסעלט מיט׳ן קאָפּ, האָב איך ניט געקענט באַמערקען, אַז פון אַלע זייטען האָבען מיך באַלייט אַרויסרופענדיגע, נייגעריגע און פיינדליכע בלי־קען. געגען דער געוואוינהייט, האָט קיין איין מענש ניט אַרונטער־גענומען דאָס היטעל, נאָר דער גערויש איז ווי שטילער געוואָרען מיט מיין ערשיינונג. פּלוצלינג האָט ערגעץ פון דער געדיכטער מאַסע פאַרנאַנדערגעטראָגען זיך אַ שכור׳ער, הייזיגער אויסגע־שריי, וועלכען איך האָב דייטליך ניט געקענט פאַרנאַנדערהערען, נאָר באַלד האָט אויף אַן ענטפער פאַרנאַנדערגעגעבען זיך אַן איינ־געהאַלטענער געלעכטער. עפּעס אַ קול פון אַ פויערטע האָט דער־שראָקען גענומען איינגעמען דעם שרייער:

— שטילער, דו, נאַר גרויסער... וואָס רייסטו זיך! ער׳ט דער־הערען...

— איז וואָס, אַז ער׳ט דערהערען? — האָט דער אויפגערייצטער פויער ניט אויפגעהערט. — וואָס איז ער מיר, אַן עלטסטער, צי וואָס? ער שלעפּט זיך נאָר אַרום איז וואַלד צו זיין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַן אַפּשייליכע, לאַנגע, שרעקליכע פּראָזע איז געבליבען הענ־גען אין דער לופטען אין איינעם מיט אַן אויסברוך פון ווילדען געלעכטער. איך האָב געשווינד אויף צוריק אַ קעהר געטאָן דאָס פערד און ציטערדיג האָב איך אַ נעם געטאָן דאָס הענטעל פון דער בייטש, פאַרכאַפּט פון יענעם ווילדען צאָרן, וועלכער זעהט

גארניט און טראַכט גאַרניט און האָט פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט. און פּלוצלינג האָט אין קאָפּ מיר דורכגעבליצט אַ מאָדנער, קראַנקליכער, טרויעריגער געדאַנק: „דאָס אַלץ איז שוין פאַר־געקומען אין מיין לעבען אַמאָל, אַמאָל מיט פיל, פיל יאָהרען צו־ריק... אויך יעמאָלט האָט די זון געברענט ווי איצטער... און ווי איצטער, איז דאָס גרויסע פּלאַץ אָנגעשאָטען געווען מיט אַזאַ טומ־לענדיגען אויפגעברויזטען עולם... אויך יעמאָלט האָב איך אַ קעהר געטאָן זיך אויף צוריק אין אַן אָנפאַל פון ווילדען צאָרן... אָבער וואו איז דאָס געווען? און ווען? ווען?...“ איך האָב אַרונטערגע־לאָזען די בייטש און מיט גאַלאָפּ זיך געלאָזט אַהיים.

יאַרמאָלע איז לאַנגזאַם אַרויסגעקומען פון קיך, האָט ביי מיר צוגענומען דאָס פערד און האָט גראָב געזאָגט:

— דאַרטען, פּאַניטש, אין אייער צימער וואַרט דער קאָנטאָר־שציק פון דעם מאַרינאָווען פּוּלוואַרק.

מיר האָט זיך אָפּגעדאַכט, אַז ער וויל מיר נאָך עפּעס איבער־געבען, זעהר וויכטיגעס פאַר מיר און זעהר אונאַנגענעמעס. מיר האָט זיך אפילו אָפּגעדאַכט, דאָס איבער זיין געזיכט האָט זיך אַ גליטש געטאָן אַ לויפענדיגער אויסדרוק פון בייזען שפּאָט. איך האָב זיך אומיסטנע פאַרהאַלטען אין טיר און מיט אַן אַרויסרוף אַ קוק געטאָן אויף יאַרמאָלען. נאָר ער האָט שוין, ניט קוקענדיג אויף מיר, געשלעפּט פאַר'ן צוים דאָס פערד, וואָס האָט אויסגעצויגען דעם האַלז פאָראויס און פאָרזיכטיג און פּאַמעלאַך געביטען מיט די פיס.

אין מיין צימער האָב איך געטראָפען דעם קאָנטאָרשציק פון דעם שכנה'שען פּוּלוואַרק — ניקיטע נאַזאַראָוויטש מישצענקאָ. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ גרויען פּידזשאַק מיט גרויסע געלע קעסטלאַך, אין שמאַלינקע הויזען פון פיאַלעטענע קאָליר און מיט אַ פלאַמעדיג־רויטען שניפּס, מיט אַן אָנגעפּאָמאַדיעטען שרינט איבער'ן מיטען קאָפּ, אין גאַנצען אַ שמעקענדיגער פון פּערסישען מאַיי־בליטה. דערזעהענדיג מיך, איז ער אויפגעשפּרונגען פון שטול און האָט זיך גענומען דרעהען, ניט אַזוי ווי ער וואָלט זיך גויגען,

נאר עפעס ברעכען זיך מיט דער מיט פון דעם רוקען, און האט גע־שמייכעלט, ארויסווייזענדיג דאס אינעווייניגסטע בלייכע פלייש פון זיינע ציין.

— כ'האב די עהרע צו גריסען אייך, — האט ניקיטא זאכארא־וויטש ליבענסווירדיג גענומען שיטען מיט רייד. — זעהר, זעהר אנגענעם צו זעהען זיך... און איך ווארט שוין דא אויף אייך זינט מ'איז ארויס פון קלויסטער. כ'האב שוין אייך לאנג ניט געזעהן, כ'האב זיך אפילו פארבענקט נאך אייך. פאר וואס קומט איהר צו אונז ניט אריין אמאל? אונזער סטעפאניער פריילינס לאכען אפילו פון אייך.

און פלוצלינג, באהערשט פון א פלוצלינדיגער ערינערונג, האט ער אויסגעשאסען אין א ווילדען געלעכטער.

— אט וועל איך אייך דערצעהלען א קאמישע מעשה, וואס איז היינט געשעהן! — האט ער אויסגעשריען, ווערגענדיג זיך און שפייענדיג. — כא, כא, כא, כא... כ'האב שוין מיינע זייטען צו־ריסען פון געלעכטער!...

— וואס איז? וואס פאר א מעשה? — האב איך א פרעג גע־טאן גראב, ניט באהאלטענדיג מיין אונצופרידענקייט.

— נאר'ן קלויסטער איז דא פארגעקומען א סקאנדאל, — האט ניקיטא זאכאריטש ווייטער גערעדט, איבעררייסענדיג זיינע רייד מיט אן אנפאל פון געלעכטער. — די פערעבאראדער שיקסעס האָ־בען אויפ'ן פלאץ דא געכאפט א מכשפה... דאס הייסט, פאר־שטעהט זיך, זיי האלטען זי פאר א מכשפה נאך זייער פויער־שער ניט געבילדעטקייט... נו, איז האבען זיי דאס זי מכבד גע־ווען א ביסעל!... מ'האט איהר געוואלט מיט דיעגאכץ אויסשמי־רען, נאר זי האט זיך ארויסגעדרעהט ווי ניט איז און איז אנט־לאפען...

א שרעקליכער געדאנק האט מיר א בליץ געטאן אין קאפ. איך איך האב זיך אווארף געטאן צום קאנטארשציק און, ניט געדענ־קענדיג זיך פון אויפרעגונג, האב איך איהם פעסט אנגענומען פאר'ן אקסעל.

— וואס דערצעהלט איהר! — האב איך צארנדיג אויסגע־שריען. — און הערט שוין אויף הירזשען, דער טייוועל זאל אייך נעמען! ווענען וועלכער מכשפה דערצעהלט איהר דא!

ער האט פלוצלינג אויפגעהערט לאכען און האט אויף מיר אנ־געשטעלט א פאר קיילעכדיגע דערשראקענע אויגען.

— איך.. איך.. ווייס אליין ניט, — האט ער גענומען פלאפלען א פארלארענער... — דאכט זיך, אז עפעס א סאמויליכע... מאנוי־ליכע... אדער...ווארט צו... עפעס מאנויליכעס א טאכטער? דא האבען די פויערים עפעס אזוינס געפלוידערט.נאר איך האב פאר־געסען, דעם אמת זאגענדיג...

איך האב איהם גענויט צו דערצעהלען מיר מיט אן ארדנונג אלץ, וואס ער האט געהערט און געזעהן. ער האט גערעדט ניט דייט־ליך, ניט בינדענדיג, פלאנטערענדיג זיך אין די איינצעלהייטען, און איך האב איהם יעדע ווייל איבערגעשלאגען מיט אומגעדולדיגע פראגען, מיט אויסגעשרייען, כמעט מיט זידלעריי. פון זיין דער־צעהלען האב איך זעהר ווינציג געקענט ארויסנעמען, און ערשט אין צוויי חדשים ארום איז דער גאנצער אמת פון אט דער פאר־שאלטענער געשעהעניש פאר מיר קלאר געווארען פון די רייד פון דעם וואלד־אויפזעהער׳ס וויב, וועלכע איז אין יענער צייט אין קלויסטער געווען און האט עס אליין בייגעוואוינט.

מיין פארגעפיל האט מיך ניט אפגענארט. אלעסיע האט אין זיך איבערגעבראכען דעם שרעק און איז געקומען אין קלויסטער, און כאטש זי איז געקומען אין מיטען דער גאטעס דינסט און האט זיך אוועקגעשטעלט אין פארהויז פון׳ם קלויסטער, פון דעסט־וועגען איז זי באמערקט געווארען פון אלע פויערים וואס האבען זיך געפונען אין קלויסטער. אין דער גאנצער צייט פון דער גאטעס דינסט האבען זיך די פויערטעס גע׳סוד׳עט צווישען זיך, און האבען זיך אומגעקוקט אויף הינטען.

פון דעסטוועגען האט אלעסיע געפונען אין זיך גענוג כח, אז זי זאל דערזיין ביז׳ן סוף פון דער גאטעס דינסט. אפשר האט זי

ניט פארשטאנען דעם אמת'ן זין פון די ארומיגע פיינדליכע בליקען, אפשר פון שטאלץ האט זי זיי פאראכט. נאר ווען זי איז ארויסגעגאנגען פון קלויסטער, זיינען ביי דעם צאם פון קלויסטער הויף געשטאנען א סך פויערטעס און מיט יעדער מינוט זיינען פון אלע זייטען אנגעקומען אלץ מעהרער און מעהרער און האבען אלץ ענגער און ענגער ארומגערינגעלט אלעסיען. אין אנהויב האבען זיי נאר שווייגענדיג און דורכדרינגענדיג געקוקט אויף דער מיידעל, וואס האט דערשראקען און הילפלאז געקוקט אין אלע זייטען. דערנאך האבען זיך גענומען שיטען שפאטישע, גראבע, מיאוסע ווערטער, קללות, באלייט פון גראבען געלעכטער, דערנאך האבען די באזונדערע, איינצעלנע אויסגעשרייען צונויפגעגאסען זיך אין אן אלגעמיינעם דורכדרינגענדיגען גוואלד־געשריי פון ווייבער, איז וועלכען מען האט גארנישט ניט געקענט פארנאנדערקלייבען און וועלכער האט נאך מעהרער פארנאנדערגעשרויפט די נערוועז פון דעם ווילד געווארענעם עולם. אלעסיע האט עטליכע מאל געפרופט דורכגעהן דורך דעם שרעקליכען לעבעדיגען רינג, נאר יעדעם מאל איז זי אפגעשטופט געווארען צוריק אויפ'ן מיטען. פלוצלינג האט עפעס אן אלטער קוויטשענדיגער קול א געשריי געטאן פון הינטער דעם עולם: „מיט דיעגאכץ אויסשמירען זי, די נבלה...“ (עס איז באוואוסט, אז אין אוקראינע איז דאס שמירען מיט דיעגאכץ דעם טויער אפילו, וואו עס וואוינט א מיידעל, א גרויסע אייביגע שאנד). און כמעט אין דער זעלבער רגע, איבער די קעפ פון די צואווילדעטע פויערטעס, האט זיך באוויזען אן עמער מיט דיעגאכץ און א קוואטש, און עס האט גענומען איבערגעהן פון האנד צו האנד.

יעמאלט האט אלעסיע, אין אן אנפאל פון צארן, שרעק און פארצווייפלונג, א ווארף געטאן זיך אויף דער ערשטער פון איהרע פייניגערינס מיט אזא אימפעט, אז יענע איז געפאלען פון די פיס. תיכף האט אויף דער ערד פארקאכט זיך א קנויל פון צונויפגעמישטע צעהנדליגער לייבער אין אן אלגעמיינער שרייענדיגער מאסע. נאר אלעסיען איז עפעס ווי דורך א וואונדער געלונגען

ארויסצוגליטשען זיך פון אט דעם קנויל, און ווי א פייל פון בויגען איז זי אוועקגעלאפען אויפ'ן וועג — אהין א שאל, אין די צוריסענע צופליקטע קליידער, פון וועלכע עס האט זיך פון א סך ערטער ארויסגעזעהן איהר נאקעטע לייב. באלד נאך איהר, האבען זיך גע־נומען שיטען קללות, געשרייען, געלעכטער און שטיינער. פון דעסט־וועגען האבען זיך נאך איינציגע נאכגעיאגט נאך איהר, אבער אויך יענע זיינען באלד אפגעשטאנען... אפלויפענדיג א פופציג טריט, האט זיך אלעסיע אפגעשטעלט, האט א קעהר געטאן צו דעם ווילדען עולם איהר בלייך, צוראצט, פערבלוטיגט גע־זיכט, און האט א געשריי געטאן אזוי הילכיג, אז איהר יעדעס ווארט האט זיך געהערט אויפ'ן פלאץ:

— גוט, גוט!... איהר וועט דאס ביי מיר געדענקען! איהר וועט נאך אלע האבען וואס צו קלאגען!

איהר בייזע ווארנונג, ווי עס האט מיר שפעטער דערצעהלט דעם וואלד אויפזעהערים ווייב, איז ארויסגערעדט געווארען מיט אזא טיעפען האס, מיט אזא אנטשלאסענעם נביא'ישען טאן, אז אויף א רגע איז דער גאנצער עולם ווי א פארגליווערטער געבלי־בען שטעהן, אבער נאר אויף א רגע, וויל תיכף האט זיך ווידער אנגעהויבען א נייער אויסברוך פון קללות.

איך ווידערהאל, אז א סך איינצעלהייטען פון אט דער געשע־העניש האב איך ערשט שפעטער באקומען. איצט האב איך ניט געהאט קיין כח און געדולד אויסצוהערען מישצענקא'ס אלע רייד. איך האב זיך פלוצלינג דערמאנט, אז יארמאלע האט נאך מסתמא ניט פארנאנדערגעזאטעלט דאס פערד, און, ניט זאגענדיג דעם איבעראשטען קאנטארשציק קיין ווארט, ביז איך ארויסגעלאפען געשווינד אויפ'ן הויף. יארמאלע האט טאקע ארומגעפיהרט טא־ראנטשיקען איבער'ן הויף ביים פלויט. איך האב געשווינד פאר־צוימט דאס פערד, האב פארשטייפט דעם זאטעל און פאהרענדיג ארום, איך זאל ווידער ניט דארפען דורכפאהרען פארביי דעם שכור'ן עולם, האב איך זיך אוועקגעלאזט אין וואלד.

13

מען קען נאר נים באשרייבען יענעם צושטאנד, אין וועלכער איך האב זיך געפונען אין דער צייט פון מיין ווילדען פליהען צום וואלד. ס'זענען געווען רגע'ס ווען איך האב אין גאנצען פארגעסען וואו־הין און צו וואס איך פאהר, אין מיר איז בלויז פארבליבען א נעבעל־דיגער באוואוסטזיין, אז עס האט געטראפען עפעס שרעקליכעס און משונה'דיגעס, וואס פאריכטען דאס קען מען שוין נים, — א באוואוסטזיין, פון א שווערער אומרוה, וואס באפאלט אהן אז ארזאך אין א צושטאנד פון פיבערדיגען קאשמאר. און אין דער זעלבער צייט — ווי מאדנע דאס איז! — אין מיין קאפ האט נים אויפגע־הערט ציטערען, אין דעם טאקט פון דעם פערד'ס גאלאפ, דעם בלינדען לירע־שפיעלער'ס הייזעריגער, צובראכענער קול:

„אי, קומט אז דעם טערק'ס חילות
ווי די כמארעס טוען געהן..."

צוקומענדיג ביז'ן שמאלען שטעגעלע, וואס פיהרט גלייך צו מאנויליכע'ס שטיבעל, בין איך אראפגעקראכען פון טאראנטשיקען, — ארום די ברעגען פון דעם שוויים־געוואנד און אויף יענע ערטער, וואס האבען זיך אנגעריבען פון'ם זאטעל, האבען ביי איהם ארויסגעשפארט גאנצע הויפענס געדיכטער ווייסער שוים, — און איך האב איהם געפיהרט פאר'ן צוים. פון דער גרויסער טאגיגער היץ און פון דעם געשווינדען פאהרען, האט דאס בלוט מיר גע־רוישט אין קאפ, ווי א גרויסער פאמפ וואלט איהם אהן אפשטעל געקוועטשט

איך האב צוגעבונדען דאס פערד צום פלויט, און בין אריין אין שטיבעל. אין אנהויב האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז אלעסיע איז ניטא אין דער היים, און אין מיין ברוסט און אין מויל איז מיר פון שרעק אזש קאלט געווארען. נאר אין א רגע ארום, האב איך זי דערזעהן ווי זי ליגט אויפ'ן געלעגער, מיט'ן געזיכט צו דער

וואנד און דעם קאפּ פאַרגראַבען אין קישען. זי האָט זיך אפילו ניט א קעהר געטאָן אויפ'ן רויש פון דער געעפענטער טיר.

מאַנויליכע, וועלכע איז דאָ דערביי געזעסען אויף דער ערד, האָט זיך מיט אַלע כחות אַ הויב געטאָן אויף די פיס, און האָט זיך פאַרמאַסטען אויף מיר מיט איהרע פויסטען.

— שטילער! רויש ניט אַזוי, פאַרשאָלטענער דו, — האָט זי אַ בייזע אַ שעפּטשע געטאָן, האַרט צוקומענדיג צו מיר. און, אַריינ־קוקענדיג מיר גלייך אין די אויגען מיט איהרע אָפּגעקראַכענע, קאַל־טע אויגען, האָט זי בייז אַ זאָג געטאָן:

— וואָס? האָסט זיך דערשפּילט, פייגעלע מיינס?

— הער אויס באַבע, — האָב איך איהר בייז אָפּגעענטפערט,

— ניט איצטער איז די צייט צו רעכענען זיך און אויסצואוואַרפען! וואָס איז מיט אלעסיע'ן?

— שאַ... שטילער! זי ליגט אַ גע'חלש'טע, אָט וואָס מיט אַלע־סיען איז... ווען דו וואָלסט ניט געקראַכען וואוהין דו דאַרפסט ניט און וואָלסט דער מיידעלע ניט אָנגעפּלוידערט דיינע נאַרישקייטען, וואָלט גאָר אַזאַ אומגליק ניט געטראָפען... און איך, אַזאַ אַלטער נאַר. האָב דאָס אַלץ צוגעקוקט און געמאַכט זיך ניט זעהענדיג... אָבער מיין האַרץ האָט געפילט אַן אומגליק... עס האָט דערפילט עפּעס שלעכטס פון יענעם טאָג אָן, ווען דו האָסט זיך אַריינגעריסען כמעט מיט גוואַלד אין אונזער הויז. וואָס? ווערסט אפשר זאָגען, אַז דו האָסט איהר ניט צוגערעדט צו שלעפען זיך אין קלויסטער?

— האָט זיך די אַלטע מיט אַ פאַרקרימטען געזיכט פון האַס, אויף מיר פּלוצלינג אַרויסגעוואָרפען. — אפשר ניט דו, דו פּריצ'ל פאַר־שאָלטענער? דו לייג מיר נאָר ניט — און ניט דרעה מיט'ן פוקסען עק, דו אומפאַרשעמטער! צו וואָס איז דאָס דיר נויטיג געווען צו פאַרנאַרען זי אין קלויסטער?

— איך האָב זי ניט פאַרנאַרט, באַבעשי, איך גיב דיר מיין עהרליכען וואָרט, זי האָט עס אַליין געוואָלט.

— אַך, וועה איז מיר, וועה איז מיר! — האָט מאַנויליכע פאַרבראָכען די הענד. — ז'איז געקומען צולויפען פון דאָרטען —

אהן אַ פּנים, דאָס גאַנצע העמד איז אויף שטיקער צוריסען... אהן אַ שאַל אויפ'ן קאָפּ... זי דערצעהלט, וואָס דאָרטען איז פּאַרגעקו־מען, און אַליין... אָט לאַכט זי און אָט וויינט זי... נו אָט, ווי אַ קרעהענדיגע הוהן... זי האָט זיך געלייגט אין בעט... און האָט אַלץ געוויינט, דערנאָך גיב איך אַ קוק און זעה, ווי זי וואָלט איינגע־שלאָפען. און איך, דער אַלטער נאַר, האָב זיך שוין דערפרעהט: אָט קלער איך, אַלץ וועט איבערגעהן מיט'ן שלאָף. איך זעה, איהר האַנד הענגט אַרונטער, קלער איך: מ'דאַרף זי אויפהויבען, זי קען נאָך מיט בלוט פאַרלויפען... ווי כ'האָב נאָר מיין טייבעלע, אָנגע־נומען פאַר דער האַנד, ערשט איך זעה זי ברענט אין גאַנצען ווי אַ פייער... הייסט עס, אַז זי האָט באַקומען היץ... און אפשר אַ גאַנצע שעה אהן אַן אויפהער, האָט זי גערעדט אַזוי גיך־גיך און אַזוי וויי־נענדיג הארציג... אָט נאָר וואָס איז זי אַנטשוויגען געוואָרען אויף אַ רגע'לע... וואָס האָסטו דאָס אויפגעטאָן? וואָס האָסטו דאָס אויפגעטאָן מיט איהר? — האָט די אַלטע אויסגעשריען אין אַ גייעם אַנפאַל פון פאַרצווייפלונג.

און פּלוצלינג האָט זיך איהר טונקעל־ברוין געזיכט צונויפ־געקנייטשט אין אַ משונה'דיגער אפשטויסענדיגער גרימאַסע פון געוויין: איהרע ליפּען האָבען זיך פאַרנאַנדערגעצויגען און האָבען זיך נידעריג אַרונטערגעלאָזען אין די ווינקלען, אַלע געזיכטס מוס־קולען האָבען זיך אָנגעצויגען און אויפגעציטערט, די ברעמען האָ־בען זיך פאַררויסען אַרויף, דער שטערען האָט זיך צונויפגענומען אין טיפע קנייטשען, און פון די אויגען האָבען זיך געשווינד גע־נומען קייקלען טרערען, היבשע און קיילעכדיגע ווי אַרבעס. אַרומ־כאַפּענדיג דעם קאָפּ מיט די הענד, און אָנגעלעהנט די עלענבויגענס אויפ'ן טיש, האָט זי זיך גענומען וויגען, ווי זי וואָלט געזונגען אויף אַ האַלבען קול:

— טאָכטער'ל מיינע! אייניקעל ליבינ—קער!... אָך, וועה איז מי—ר, ווינד איז מי—ר!...

— דו רעווע ניט אַזוי, אַלטע, — האָב איך מאַנויליכען גראָב איבערגעריסען. — וועסט זי אויפוועקען!

די אלטע איז אנטשוויגען געווארען, נאר מיט דער זעלבער גרימאסע אויפ'ן געזיכט. האט זי נאך אלץ פארטגעזעצט וויגען זיך הין און הער. און די גרויסע טרערען זיינען געפאלען אויפ'ן טיש... אזוי האט געדויערט א מינוט צעהן. איך בין געזעסען לעבען מאנוי־ליכען און מיט טרויער האב איך זיך צוגעהערט, ווי א פליג האט איינטאניג און כסדר געזשומט, און געצאפעלט זיך אויף דער פענסטער שויב...

— באבעשי, — האט זיך פלוצלינג דערהערט אלעסיע'ס שוואכער, קוים הערבארער קול. — באבעשי, ווער איז דא ביי אונז?

מאנויליכע האט איילענדיג צוגעהונקען צום בעט און האט ווידער אנגעהויבען וואיען:

— אך, אייניקעל מיינס, מיין לייבליכעס! אך, וועה איז מי—ר, אך, ווינד איז מי—ר...

— אך, באבעשי, הער שוין אויף! — האט אלעסיע געזאגט מיט וויינענדיגען געבעט און מיט ליידען אינ'ם קול. — ווער זיצט ביי אונז אין שטוב?

איך בין פארזיכטיג, אויף די שפיץ פינגער, צוגעגאנגען צום בעט מיט יענעם ניט אנגענעמען, שולדיגען באוואוסטזיין פון'ם אייגענעם געזונד און פון דער אייגענער גראבקייט, וועלכען מען פילט שטענדיג ווען מ'איז ארום א קראנקען.

— דאס בין איך, אלעסיע, — האב איך געזאגט מיט א שטילען קויל. — איך בין אקארשט געקומען צופאהרען רייטענדיג פון דארף... אין דעם גאנצען פארמיטאג בין איך געווען אין שטאדט... דו פילסט ניט גוט, אלעסיע?

ניט אוועקנעמענדיג דאס געזיכט פון די קישענס, האט זי פארווארפען אויף הינטען איהר נאקעטע האנד, אזוי ווי זי וואלט עפעס געזוכט אין דער לופט. איך האב פארשטאנען איהר באוועגונג און האב אנגענומען איהר הייסע האנד אין מיינע הענד. צוויי גרויסע בלויע צייכענס, איינער איבער'ן עלענבויגען און דער צווייטער אויפ'ן ארעם, האבען זיך שארף ארויסגעוויזען אויף דער ווייסער צארטער הויט.

— טייערער מיינער, — האט אלעסיע אנגעהויבען ריידען לאנגזאם מיט גרויס מאטערניש, אפטיילענדיג איין ווארט פון דעם צווייטען. — מיר ווילט זיך... א קוק געבען אויף דיר... נאר איך קען דאס ניט... זיי האבען מיך אין גאנצען... צו׳נהרג׳ט... גע־דענקסט... מיין געזיכט... איז דיר זעהר געפעלען געווארען?... ס׳איז דאך אן אמת, טייערער, אז עס איז דיר... געפעלען געווא־רען? און דאס האט מיך שטענדיג אזוי געפרעהט... און איצטער וועט דיר נמאס זיין... קוקען אויף מיר... נו, אט בין איך... ניין, איך וויל ניט...

— אלעסיע, זיי מיר מוחל, — האב איך א שעפטשע געטאן, אנבויגענדיג זיך הארט צו איהר אויער.

איהר ברענענדיגע האנד האט לאנג און פעסט צוגויפגעדריקט מיין האנד.

— וואס איז מיט דיר!... וואס איז דיר, ליבער מיינער? ווי שעמסטו זיך גאר ניט צו טראכטען וועגען דעם?... מיט וואס ביזטו אין דעם שולדיג?... דאס האב איך דאך אליין, א נארישע... נו, וואס בין איך געקראכען... איז דער אמת׳ן? ניין, ליכטיגער מיי־נער, באשולדיג זיך ניט אליין...

— אלעסיע, ערלויב מיר נאר... זאג מיר נאר א פריהער צו, אז דו וועסט ערלויבען...

— איך זאג דיר, מיין טייערער... אלץ וואס דו ווילסט...

— ערלויב מיר, איך בעט דיך, שיקען נאך א דאקטאר... איך בעט דיך! נו, אויב דו ווילסט, קענסטו גאר נישט ניט טאן, וואס ער וועט דיר הייסען. נאר שטים צו דעם איין, כאטש צוליב מיר, אלעסיע.

— אך, טייערער, אין וואס פאר א פאסטקע דו האסט מיך גע־כאפט! ניין, ערלויב מיר בעסער ניט צו האלטען דאס ווארט וואס כ׳האב דיר געגעבען. ווען איך װאלט אפילו אויף צו דער אמת׳ן קראנק געווען, ווען כ׳וואלט אפילו געהאלטען ביים שטארבען, וואלט איך אפילו יעמאלט צו זיך ניט צוגעלאזען קיין דאקטאר. און איצטער בין איך דען קראנק? דאס אלץ איז ביי מיר נאר פון

שרעק געווארען, ביז פארנאכט וועט עס דורכגעהן. אויב ניט — וועט מיר די באבעשי געבען אנגעשטעלטע לאנדישען, אדער מאלי־נעס וועט זי מיר פארקאכען אין טשייניק... צו וואס דארף מען דא א דאקטאר? דו ביזט — מיין בעסטער דאקטאר. אך, איין זאך איז מיר גאר ניט גוט: איך וויל א קוק געבען אויף דיר כאטש מיט איין אויג, נאר כ'האב מורא...

מיט צערטליכקייט און כמעט מיט גוואלד האב איך אלעסיע'ס קאפ אוועקגעריסען פון דער קישען. אלעסיע'ס געזיכט האט גע־פלאמט פון פיבערישער רויטקייט, די טונקעלע אויגען האבען גע־גלאנצט ניט נאטירליך העל און די טרוקענע ליפען האבען נערווע־איש געציטערט. לאנגע רויטע ראצען האבען צואקערט איהר שטע־רען, די באקען און דעם האלז. בלויע צייכענס זייגען געווען אויפ'ן שטערען און אונטער די אויגען.

— קוק ניט אויף מיר... איך בעט דיך... א מיאוסע בין איך איצטער. — האט אלעסיע בעטענדיג זיך געשעפטשעט, װעלענדיג מיט דער האנד פארשטעלען זיך דאס געזיכט.

מיין הארץ איז איבערגעפולט געווארען מיט רחמנות. איך בין צוגעפאלען מיט די ליפען צו אלעסיע'ס האנד, וואס איז געלעגען באוועגלאז אויף דער קאלדרע, און האב זי גענומען באדעקען מיט לאנגע שטילע קושען. פריהער פלעג איך ווען ניט ווען איהר קושען די האנד, נאר אלעסיע פלעגט זי אלע מאל אוועקנעמען פון מיר מיט אן איילענדיגען שעמעוודיגען שרעק. נאר איצטער האט זי זיך ניט געווערט געגען אט דער צערטליכקייט און מיט דער צווייטער, פרייער האנד האט זי שטיל געגלעט מיר איבער די האר.

— ווייסט אלץ? — האט זי שעפטשענדיג מיך געפרעגט.

איך האב שווייגענדיג אנגענויגט דעם קאפ. דער אמת איז, אז איך האב ניט אלץ פארשטאנען פון ניקיטא נאזאראוויטש'עס רייד. מיר האט זיך גאר ניט געוואלט, אז אלעסיע זאל זיך אויפרעגען דערמאנענדיג זיך אויף דער פאסירונג ביים קלויסטער. נאר פלוצ־לינג ביי דעם געדאנק פון דער באליידונג, וואס אלעסיע איז אויס־

געשטאַנען, האָט מיט אַמאָל אַ גאַס געטאָן זיך אויף מיר אַ כוואַ־ליע פון ברויזיגען צאָרן.

—אַ! וואָרום בין איך דאַרטען ניט געווען אין יענער צייט!
— האָב איך אויסגעשריען, אויסגלייכענדיג זיך, צונויפדריקענדיג די פויסטען. — איך וואָלט... איך וואָלט...

— נו, גענוג שוין... גענוג... רעג זיך ניט אויף טייערער, — האָט אַלעסיע מיך שטיל איבערגעריסען.

איך האָב שוין מעהר ניט געקענט איינהאַלטען די טרערען, וואָס האָבען פון לאַנג שוין געשטיקט מיר אין האַלז און געברענט אין די אויגען. צופאַלענדיג מיט'ן געזיכט צו אַלעסיע'ס אַקסעל, האָב איך זיך שטיל און ביטער פאַרנאַנדערגעוויינט, טרייסלענדיג זיך מיט'ן גאַנצען קערפּער.

— וויינסט? וויינסט? — האָט זיך אין אַלעסיע'ס קול דער־הערט פאַרוואונדערונג, צערטליכקייט און מיטלייד. — טייערער מיינער... הער שוין אויף... פּייניג זיך ניט, ליי־בינקער... מיר איז דאָך אַזוי גוט לעבען דיר. לאָמיר ניט וויינען, כל זמן מיר זיינען אינאיינעם. לאָמיר כאָטש די לעצטע טעג פאַר־ברענגען פרעהליך, אַז אונז זאָל ניט שווער זיין צו שיידען זיך.

איך האָב מיט איבעררשונג אויפגעהויבען דעם קאָפּ. אַ ניט דייטליכער פאַרגעפיל האָט פּלוצלינג לאַנגזאַם צונויפגעדריקט מיין האַרץ.

— די לעצטע טעג, אַלעסיע? וואָס עפּעס — די לעצטע? וואָ־רום זאָלען מיר זיך צושיידען?

אַלעסיע האָט פאַרמאַכט די אויגען און עטליכע רגע'ס האָט זי געשוויגען.

— מיר מוזען זיך צושיידען, מיין טייערער, — האָט זי אָנגע־הויבען מיט זיכערקייט ריידען. — אַט ווי נאָר איך וועל אַביסעלע געזונד ווערען, איז וועל איך תיכף מיט דער באַבעשין אַוועקפאָה־רען פון דאַנען. מיר טאָרען דאָ לענגער ניט פאַרבלייבען...

— האָסט פאַר עפּעס מורא?

— ניין, מיין טייערער, כ'האָב פאַר גאָר גישט ניט מורא,

אויב ס'וועט נויטיג זיין. אבער צו וואס זאל איך מענשען אריינפירען אין זינד? אפשר ווייסטו ניט... כ'האב דאך דארטען... אין פערעבאראד... פון בייזקייט און שאנד זיי געווארענט... און איצטער, וואס ס'זאל ניט דארטען געשעהן, וועלען זיי דאס באלד ארויפווארפען אויף אונז: סיי די בהמות וועלען נעמען אוים'פגר'ן, סיי ביי אימיצען וועט אפברענען די שטוב, — וועלען מיר אלץ זיין די שולדיגע. באבעשי, — האט זי זיך געווענדט צו מאגויליבען, אויפהויבענדיג דעם קול, — איך זאג דאך אז אמת?

— וואס האסטו געזאגט, מיין טייבעלע? כ'האב ניט גוט געהערט, דעם אמת זאגענדיג, — האט די אלטע גענומען קייען, צוקומענדיג נעהענטער און צולייגענדיג די האנד צום אויער.

— איך זאג, אז איצטער, וואס פאר אן אומגליק עס זאל אין פערעבאראד ניט טרעפען, וועלען זיי דאס אלץ אויף אונז ארויפווארפען.

— אך, ס'אן אמת, אן אמת, אלעסיע, אלץ אויף אונז ארעמינקע וועלען זיי דאס ארויפווארפען... שווער ט'אונז זיין צו לעבען אויף דער ווייסער וועלט, זיי וועלען פון אונז מאכען א תל, זיי וועלען פון אונז אין גאנצען א תל מאכען, די פארשאלטענע... און יעמאלט ווען זיי האבען מיך פון דארף ארויסגעטריבען... איז וואס? ס'איז דען ניט געווען די זעלבע זאך? כ'האב נאר פון הארצוועהטאג, אזוי זיך, א ווארען געטאן איינער א נארישער פויערטע, און ביי איהר — זעה — א קינד שטארבט אוועק. דאס הייסט, אז די שולד איז אויף קיין הארעלע דאך ניט מיינע געווען, און זיי, די פארשאלטענע, זיי האבען דאך מיך יעמאלט שיער ניט דער'הרג'עט... מיט שטיינער האבען זיי גענומען שלאגען... כ'אנטלויף פון זיי, און דיך נאר, קליינינקע, היט איך אפ... נו, טראכט איך, זאלען זיי טרעפען מיך, אבער פאר וואס זאל מען שלעכטס טאן א קליין אונשולדיג קינד? מיט איין ווארט — גזלנים, רוצחים מיאוסע!...

— וואוהין וועט איהר פאהרען? איהר האט דאך אין ערגעץ ניט קיין קרובים און קיין באקאנטע... און דערנאך דארף מען דאך האבען געלד, אנצוהויבען אויף א נייעם ארט.

— מיר׳ל׳ן ווי עס איז אויסקומען, — האָט אָלעסיע ווי פאַר־בייגעהענדיג אַ זאָג געטאָן. — און געלד וועט זיך ביי דער באָבען אויך געפינען, אביסעל האָט זי אָנגעגרייט...

— נו, ס׳איז אויך מיר געלד! — איז דער אַלטער ניט גע־פעלען געוואָרען, און אַפּגעהענדיג פון בעט האָט זי געזאָגט. — גראָשענס יתומה׳שע, מיט טרערען באַגאָסענע...

— אָלעסיע, און וואָס מיט מיר? וועגען מיר ווילסטו אפילו ניט אַ טראַכט טאָן? — האָב איך אויסגעשריען, דערפילענדיג, אַז אין מיר הויבט זיך אויף אַ ביטערע, קראַנקע און בייזע טענה אַנט־קעגען אָלעסיען.

זי האָט זיך אויפגעהויבען, און ניט שעמענדיג זיך פאַר דער באָבען, וואָס איז דערביי געשטאַנען, האָט זי מיט די הענד אָנגע־נומען מיין קאָפּ און עטליכע מאָל נאָכאַנאַנד האָט זי מיך גע־קושט אין שטערען און אין די באַקען.

— מעהר פון אַלץ טראַכט איך וועגען דיר, מיין טייערער... אָבער... זעהסט דאָך, אַז ניט באַשערט איז אונז צו זיין אינאיי־נעם... אַט וואָס! געדענקסט, כ׳האָב וועגען דיר געוואָרפען אויף קאַרטען? ס׳איז דאָך אַלץ מקויים געוואָרען, וואָס זיי האָבען מיר יעמאָלט געזאָגט. דאָס הייסט, אַז דער מזל וויל ניט אונזער ביי־דענס גליק... און ווען ניט דאָס, מיינסטו דען, אַז מיך וואָלט עפּעס אָפּגעשראָקען?

— אָלעסיע, הויבסט שוין ווידער אָן מיט דיין מזל? — האָב איך אומגעדולדיג אויסגעשריען. — איך וויל אין איהם ניט גלוי־בען... און כ׳וועל קיינמאָל ניט גלויבען!

— אַך, ניין... ניין... דו רייד דאָס ניט, — האָט אָלעסיע אַ דערשראָקענע גענומען שעפּטשען. — ניט פאַר זיך, נאָר פאַר דיר האָב איך דאָס מורא, טייערינקער.

— ניין, שוין בעסער אַז דו זאָלסט וועגען דעם גאָר ניט אָנ־הויבען צו ריידען אפילו.

אומזיסט האָב איך זיך געמאַטערט איבערצוצייגען אָלעסיען, אומזיסט האָב איך פאַר איהר געמאָלען בילדער פון אונזער ביי־

דענס רוהיגען גליק, וואס ניט דער ניט פארגינענדיגער מזל און ניט די גראבע, בייזע מענשען וועלען אונז ניט שטערען. אלעסיע האט נאר געקושט מיינע הענד און האט געמאכט מיט'ן קאפ אויף „ניין".

— ניין... ניין... ניין... איך וויים, איך זעה, — האט זי נאר איינגעשפארט גערעדט. — אויסער אומגליק, וועלען מיר גאר נישט ניט האבען... גאר נישט ניט... גאר נישט ניט...

א פארלארענער און א צוטומעלטער פון דער אבערגלויביגער איינגעשפארטקייט, האב איך צום סוף א פרעג געטאן:

— אבער דו וועסט דאך מיר לאזען וויסען דעם טאג, ווען איהר'ט אוועקפאהרען?

אלעסיע האט זיך פארטראכט. פלוצלינג איז א שווארער שמייכעל דורכגעפלויגען איבער איהרע ליפען.

— אויף דעם וועל איך דיר דערצעהלען א קליין־קליין מעשה'לע... איינמאל איז א וואלף געלאפען איבער'ן וואלד, באגעגענט ער א העזעלע, און ער זאגט צום העזעלע: „העזעלע, העזעלע, איך וויל דיך דאך אויפעסען." נעמט זיך בעטען דאס העזעלע: „האב רחמנות, וועלפעל, איך וויל נאך לעבען אביסעל, כ'האב קליינע קינדערלאך אין דער היים." דער וואלף וויל גאר ניט הערען. זאגט צו איהם יעמאלט דאס העזעלע: „נו איז שענק מיר כאטש נאך דריי טעג צו לעבען אויף דער וועלט, נאכדעם וועסטו מיך אויפעסען, מיר וועט יעמאלט זיין גרינגער צו שטארבען." שענקט איהם דער וואלף די דריי טעג לעבען, ער עסט איהם ניט, אבער ער היט איהם די גאנצע צייט. געהט אוועק איין טאג, געהט אוועק נאך א טאג, אזוי ענדיגט זיך שוין דער דריטער טאג.

„נו איצטער מאך זיך גרייט, — זאגט דער וואלף, — באלד הויב איך דיך אן עסען." דא האט זיך מיין העזעלע פארנאנדערגעוויינט מיט ביטערע טרערען. „אך, וועלפעל, ווארום האסטו מיר געשענקט דריי טעג לעבען! וואלסט מיך בעסער אויפגעגעסען מיט אמאל, באלד ווי דו האסט מיך דערזעהן. ווארים איך האב אין די גאנצע דריי טעג ניט געלעבט, נאר געמאטערט זיך!" טייערער

מיינער, יענער העזעלע האט דאך געזאגט דעם אמת. ווי מיינסטו?

איך האב געשוויגן, א פארטראכטער פון א טרויעריגן פאר־געפיל פון דער נאהענטער איינזאמקייט. אלעסיע האט זיך פלוצלינג אויפגעהויבן און האט זיך אנידערגעזעצט אין בעט. איהר געזיכט איז מיט אמאל געווארען ערנסט.

— טייערער מיינער, — האט זי אנגעהויבען מיט א ציטער־רענדיגען קול: — זאג מיר: ביזטו גליקליך געווען, פאר דער צייט וואס דו ביזט געווען מיט מיר? דיר איז גוט געווען?

— אלעסיע! און דו פרעגסט נאך?

— ווארט אויס... דיך האט פארדראסען, וואס דו האסט מיך דערקענט? האסט געקלערט פון אן אנדער פרוי, ווען דו פלעגסט זיך זעהן מיט מיר?

— אפילו קיין רגע ניט! ניט נאר ווען כ'פלעג זיך זעהען מיט דיר, נאר אפילו יעמאלט, ווען איך פלעג פארבלייבען איינער אליין, פלעג איך, אויסער פון דיר, פון קיינעם ניט א טראכט געבען.

— ביזט צו מיר ניט געווען אייפערזיכטיג? ביזט ווען ניט ווען מיט מיר געווען אומצופרידען? דיר איז מיט מיר ניט געווען אומעטיג?

— קיינמאל ניט, אלעסיע, קיינמאל ניט!

זי האט אראפגעלאזט איהרע ביידע הענד אויף מיינע אקסלען און מיט אויסערגעווענליכער ליבע האט זי אריינגעקוקט מיר אין די אויגען.

— טא וויים זשע, מיין געטרייער, אז דו וועסט מיך קיינמאל ניט דערמאנען צום שלעכטען אדער צום בייזען, — האט זי גע־זאגט מיט אזוי פיל איבערצייגונג, גלייך ווי זי וואלט אין מיינע אויגען געלייענט די צוקונפט. — ווען מיר וועלען זיך צושיידען, וועט דיר שווער זיין די ערשטע צייט, אך, ווי שווער וועט דיר זיין... וועסט וויינען, וועסט קיין ארט אין ערגעץ ניט קענען געפינען. דערנאך וועט עס אלץ פארבייגעהן, וועט זיך אלץ אויסגלעטען... און יעמאלט וועסטו שוין אהן אומגליק טראכטען וועגען מיר, נאר גרינג און מיט פרייד.

זי האָט ווידער פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף דעם קישען און האָט אויסגעשעפּטשעט מיט אַן אָפּגעשוואַכטען קול:

— און איצטער פאָהר אוועק, מיין טייערער... פאָהר אוועק אַהיים, מיין ליבער... כ'בין אַביסעל מיד געוואָרען. וואַרט צו... גיב מיך אַ קוש... האָב פאַר דער באָבען קיין מורא ניט... זי ט'לאָזען... וועסט דאָך לאָזען באָבעשי?

— זעגען זיך שוין, זעגען זיך, ווי ס'באַדאַרף צו זיין, — האָט די אַלטע אומצופרידען אַ וואָרטשע געטאָן... — וואָס זאָל מען זיך פאַר מיר היטען, וואָס? כ'ווייס שוין פון לאַנג...

— גיב מיך אַ קוש אָט אַהער, און אָט אַהער... און אָט אַהער, — האָט אַלעסיע געזאָגט, אָנריהרענדיג מיט די פינגער זיך צו די אויגען, צו די באַקען און צום מויל.

— אַלעסיע, דו זעגענסט זיך מיט מיר, אַזוי, ווי מיר וועלען זיך שוין מעהר קיין מאָל ניט זעהן! — האָב איך אויסגעשריען אין טויט שרעק.

— כ'ווייס ניט, כ'ווייס ניט, טייערער מיינער... איך ווייס גאָר נישט ניט. נו, פאָהר שוין, פאָהר געזונטערהייט. ניין, וואַרט צו... נאָך אַ רגע'לע... נויג אַן צו מיר דעם אויער... ווייסט וואָס מיך פאַרדריסט? האָט זי גענומען שעפּטשען, מיט די ליפּען באַריהרענ־דיג מיין באַק, — ס'פאַרדריסט מיך וואָס איך האָב פון דיר ניט קיין קינד... אַך, ווי גליקליך איך וואָלט דאָס זיין!

איך בין אַרויס אויפ'ן גאַניק און מאַנוויליכע איז אויך אַרויס. אַ שוואַרצער וואָלקען מיט שאַרפע געקרויזטע ברעגען האָט פאַר־דעקט אַ האַלבען הימעל, נאָר די זון האָט נאָך געשיינט, נויגענדיג זיך צום מערב, און אין דעם געמיש פון ליכט מיט דער אָנקומענ־דיגער פינסטערניש, האָט זיך געפילט עפּעס אימה'דיגעס. די אַל־טע האָט אַרויפגעקוקט, מיט דער האַנד פאַרדעקענדיג די אויגען, ווי מיט אַ זונען־שירעם, און האָט פילדייטיג אַ מאַך געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— אַ שטורעם וועט הײַנט זיין אין פּערעבראָד, — האָט זי געזאָגט מיט אַ זיכערען טאָן. — און ווער ווייס, אפשר אַ האָגעל אויך...

## 14

איך בין שוין געווען צוגעפאהרען צו פערעבאראד, ווי א פלוצלינגדיגער שטורעם ווינד האט גענומען דרעהען און יאגען איבער'ן וועג גאנצע זיילען שטויב. עס זיינען געפאלען, די ערשטע און שיטערע טראפענס רעגען.

מאנויליכע האט קיין טעות ניט געהאט. דער שטורעם, וואס האט זיך אנגעזאמעלט פאר דעם גאנצען, לאנגען, שטיקענדיגען טאג, האט איצטער אויסגעבראכען מיט אן אויסערגעוויינליכער קראפט אויף פערעבאראד. כמעט אהן אן אויפהער האבען געפינקעלט די בליצען, און פון די דונער קנאלען האבען געציטערט און געקלונגען אלע שויבען פון מיין צימער. ארום אכט א זייגער אין אווענד איז דער שטורעם אויף עטליכע מינוט איינגעשטילט געווארען, ער איז אבער איינגעשטילט געווארען, כדי ער זאל אנהויבען פון דאס ניי מיט א נייערען און ווילדערען כח. פלוצלינג האט עפעס מיט א הילכיגען קנאל א שאט געטאן זיך אויף'ן דאך און אויף די ווענד פון דער אלטער הויז. איך האב זיך א ווארף געטאן צום פענסטער. א גרויסער האגעל, די גרוים ווי א וועלעשענער נוס, איז גלייך געפאלען אויף דער ערד, און איז הויך אפגעשפרונגען צוריק. איך האב א קוק געטאן אויפ'ן בוים, וואס איז געוואקסען נאהענט ארום הויז, און איך האב איהם דערזעהן אין גאנצען א נאקעטען: די שרעקליכע קלעפ פון דעם האגעל האבען ארונטערגעקלאפט זיינע בלעטער... אונטער'ן פענסטער אין דער פינסטער, האט זיך קוים באמערקט יארמאלע'ס געשטאלט, מיט א גראבען מאנטעל פארדעקט דעם קאפ, ווי ער איז ארויסגעלאפען פון קיך פארמאכען די לאדען. נאר עס איז שוין געווען צו שפעט. אין א שויב האט פלוצלינג א גרויסער שטיק אייז א קלאפ געטאן מיט אזא קראפט, אז ער האט עס צושלאגען אין שטיקלאך, און די שטיקלאך זיינען מיט א קלאנג פארנאנדערגעפאלען איבער'ן דיל פון צימער.

איך האב זיך דערפילט שטארק מיד, און ניט אויסטוענדיג זיך

האב איך זיך צוגעלייגט אין בעט. איך האב געמיינט, אז איך וועל די גאנצע נאכט ניט קענען שלאפען און אז בין אין דער פריה וועל איך אין הילפלאזען טרויער דרעהען זיך אויף'ן געלעגער פון איין זייט אויף'ן צווייטען, דערפאר האב איך זיך איינגאנצען ניט גע־וואלט אויסטאן, כדי דערנאך זאל איך קענען זיך איינמאטערען מיט דעם איינטאניגען ארומשפאנען איבער'ן צימער. נאר מיט מיר האט זעהר א מאדנע זאך פאסירט: מיר האט זיך אויסגע־דוכט, אז איך האב נאר אויף א רגע פארמאכט די אויגען; אבער ווען איך האב זיי פארנאנדערגעעפענט, האבען דורך די שפאלטען פון די לאדען געצויגען זיך שוין לאנגע, ליכטיגע זונען־שטראלען, אין וועלכע עס האבען ארומגעטאנצט און געדרעהט זיך גאלדענע שטויבלאך.

איבער מיין בעט איז געשטאנען יארמאלע. זיין געזיכט האט אויסגעדריקט עפעס א בייזע אומרוה און אן אומגעדולדיג ווארטען: א פנים אז ער האט שוין געווארט פון לאנג ביז איך וועל זיך אויפכאפען.

— פאניטש, — האט ער געזאגט מיט זיין פארשטיקטען קול, אין וועלכען איך האב דערהערט אן אומרוהיגקייט. — פאניטש, איהר מוזט פון דאנען אוועקפאהרען.

איך האב ארונטערגענומען די פיס פון בעט און מיט פאר־וואונדערונג א קוק געטאן אויף יארמאלען.

— אוועקפאהרען? וואוהין אוועקפאהרען? ביזט א פנים פון זינען אראפ.

— כ'בין שוין גאר ניט פון זינען אראפ, — האט ער בייז א זאג געטאן. — איהר'ט ניט געהערט, וואס נעכטיגער האגעל האט אנגעטאן? ביי א האלבען דארף איז דער קארען ווי מיט די פיס צוטראטען. ביים קרומען מאקסימען, ביי קאזלען, ביי מוטען, ביי די פראקופשטשיקעס, ביי גארדעי אלעפירען... זי האט טאקע אנגע־שיקט א שאדען, די פינסטערע מכשפה... אז פגר'ן זאל זי!

פלוצלינג, אין איין רגע, האט זיך מיר דערמאנט דער נעכ־

טיגער גאנצער טאג, און אלעסיע'ס ווארנונג ביים קלויסטער, און דערנאך איהר שרעק איבער דעם.

— איצטער בונטעוועט דאס גאנצע דארף, — האט יארמאלע ווייטער גערעדט. — פון באגינען אן האבען זיי זיך ווידער אלע אנגעשכור'ט און ליארעמען... און וועגען אייך, פאניטש, שרייען זיי אויך ניט קיין גוטס... און איהר ווייסט וואס פאר א דארף איז ביי אונז?... אויב זיי וועלען עפעס טאן מיט די מכשפות, איז דאס זעהר רעכט, די מכשפות האבען דא פארדינט זייערס, אבער איהר, פאניטש, כ'וועל אייך זאגען נאר איין זאך — אנטלויפט פון דאנען וואס גיכער.

אזוי איז דאס, אלעסיע'ס שרעק איז מקויים געווארען. וואס גיכער דארף מען זיי אנזאגען וועגען דעם אומגליק וואס עם ווארט אויף זיי. איך האב זיך געשווינד אנגעטאן, האב אויפ'ן וועג א שווענק געטאן זיך דאס געזיכט מיט וואסער, און אין א האלבער שעהר ארום בין איך שוין געפאהרען מיט א פלינקען גאלאפ אויפ'ן וועג צום טייוועלשען קוט.

וואס נעהענטער איך בין צוגעפאהרען צום שטיבעל אויף די היהנערשע פיסלאך, אלץ שטארקער איז אין מיר געוואקסען די אומבאשטימטע, טרויעריגע אומרוה. איך האב זיך אליין פארזי־כערט, אז אט באלד וועט מיך טרעפען עפעס נאך א נייער ניט ערווארטער אומגליק.

כמעט לויפענדיג האב איך זיך דורכגעטראגען איבער'ן שמא־לען שטעגעל, וואס האט זיך געשלענגעלט איבער א בערגעל. די פענסטער פון'ם שטיבעל זיינען געווען אפען, און די טיר איז גע־ווען ברייט פארנאנדערגעפראלט.

— גאט מיינער! וואס איז דא געשעהן? — האב איך גע־שעפטשעט מיט א פארשטארבענעם הארצען, אריינקומענדיג אינ'ם שטיבעל.

דאס שטיבעל איז געווען אין גאנצען פוסט. דארטען האט גע־הערשט יענע טרויעריגע, שמוציגע אומארדנונג, וואס בלייבט אי־בער נאך א געאיילטען ארויסקלייבען זיך. גאנצע בערג מיסט

און אלטע שמאטעס זיינען געלעגען אויפ'ן דיל, און אין ווינקעל איז געשטאנען אן אלטע הילצערנע ראהם פון א בעט... מיט א פאר־קלעמטען הארצען, אז איבערגעפולטען מיט טרערען, האב איך שוין געוואלט ארויסגעהן פון שטיבעל, נאר פלוצלינג האט צוגעצווינגען מיין אויפמערקזאמקייט עפעס א העלע זאך, ווי מען וואלט עס אומיסטנע אויפגעהאנגען אויף דער ראהם פון פענסטער.

דאס איז געווען א שנור וואלוועלע רויטע בוסען, וועלכע טראגען איין פאלעסיע דעם נאמען „קאראלען", — די איינציגע זאך וואס מיר איז פארבליבען צום אנדענקען פון אלעסיען און פון איהר צערטליכער, גרויסמוטיגער ליבע.

# מולה.

## 1.

דער סיגנאַל פון דער פאַבריק האָט אָנגעזאָגט דעם אָנהויב פון'ם אַרבייטס־טאָג. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גערידכטע, הייזעריגע, אָפּגעהאַקטע פייפען טראָגט זיך אַרויס פון אונטער דער ערד און שפּרייט זיך נידעריג איבער איהר פלאַך. דער גרויער פריהמאָרגען פון דעם רעגענדיגען אויגוסט־טאָג, האָט צוגעגעבען דעם פייפען אַ טאָן פון אומעט און פון אָנזאָג אויף עפּעס בייזעס.

דער סיגנאַל האָט דערוויסט דעם אינזשעניער באַבראָוו ביים טהע טרינקען. אין די לעצטע טעג האָט אַנדרעי איליטש זעהר שטאַרק געליטען פון שלאַפלאָזיגקייט. אין אָוועגד, ווען ער פלעגט זיך לייגען אין בעט מיט אַ שווערען קאָפּ, פלעגט ער אַלע ווייל־ע אויפציטערען, ווי ער וואָלט פלוצלונג אינווענינג פון עפּעס געשטויסען געוואָרען; פונדעסטוועגען פלעגט ער באַלד פאַרגעסען זיך אין אַן אומרוהיגען נערוועזען שלאָף, אָבער גאָר־באַגינען פלעגט ער זיך אויפכאַפּען, אין גאַנצען אַ צובראָכענער, אָפּגעשוואַכט און אויפגערעגט.

עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז די שולד פון דעם איז געווען זיין צושטאַרקע פיזישע און גייסטיגע אַנשטרענגונג, און אויך די לאַנגאַניגע געוואוינהייט צו די אונטערהויט־איינשפּריצונגען פון מאָרפין; אַ געוואוינהייט, מיט וועלכער באַבראָוו האָט ערשט אין די לעצטע טעג אָנגעהויבען פיהרען אַ פאַרביסענעם קאַמף.

איצט איז ער געזעסען ביים פענסטער און מיט לאַנגזאַמע זו־פּעלער האָט ער געשלונגען דעם טהע, וואָס באַבראָוו'ן האָט זיך געדאַכט, אַז עס האָט קיין טעם ניט און איז גראָזיג. איבער די

שויבען זיינען אין זיגזאגען ארונטערגערונען די טראפענס רעגען; אויפ'ן הויף האבען די קאליוזשעס געקנייטשט און געבלעזעלט זיך פונ'ם רעגען. דורכ'ן פענסטער האט זיך געזעהן א קליינע, פיער־קאנטיגע אזיערע ארומגערינגעלט אזוי ווי אין א ראם פון ארעמע, באוואקסענע בוימלאך מיט נאקעטע, נידעריגע שטאמען, אין גרויען גרין. ווען עס פלעגט זיך אנפאנגען א ווינט, פלעגען אויף דער פלאך פון דער אזיערע אויפבלאזען זיך און יאגען זיך, ווי אין איי־לעניש, קליינע, קורצע וועלען און די בלעטער פון די בוימלאך פלעגען אויפפלאטערען אין גרויען זילבער; דאס פארוועלקטע גראז איז אונטער'ן רעגען צוגעפאלען נאהענט צו דער נאסער ערד. די הייזער פון נאהענטען דערפעל, די בוימער פון דעם וואלד, וואס האט זיך געצויגען אויפ'ן האריזאנט, ווי א געצאקטע טונקעלע סטענגע, דאס פעלד מיט די שווארצע און געלע פלעקען, דאס אלץ האט זיך ארויסגעצייגט גרוי און ניט־דייטליך, ווי אין א נעבעל.

ווען באבראוו האט אנגעטאן דעם רעגענמאנטעל מיט'ן היטעל, איז שוין געווען זיבען אזייגער אין דער פריה. ווי דאס רוב נערווע־זע מענשען, פלעגט ער זיך פיהלען שלעכט אין די מארגענס: דאס לייב איז שוואך געווען, אין די אויגען האט זיך געפיהלט א טעמפער וועהטאג, ווי אימיצער וואלט זיי געדריקט פון דרויסען, און אין מויל האט זיך געפיהלט א שלעכטער טעם. נאר מעהר פון אלץ האט אויף איהם געווירקט יענע פארבארגענע, גייסטיגע אויפרעגונג, וועלכע ער האט ניט לאנג צוריק אנגעהויבען באמער־קען אין זיך. זיינע חברים, די אינזשעניערען, וועלכע קוקען אויפ'ן לעבען פון א גאנץ פשוט'ן, פרעהליכען און פראקטישען שטאנד־פונקט, וואלטען זיך געוויס אויסגעלאכט פון דעם, וואס פלעגט איהם פארשאפען אזוי פיעל באהאלטענע ליידען; אבער פאר־שטעהן וואלטען זיי איהם זיכער ניט פארשטאנען. און מיט יעדען טאג איז אין איהם געוואקסען אלץ א גרעסערער עקעל, כמעט א שרעק פאר זיין ארבייט אין דער פאבריק.

נאך זיין שכל, כאראקטער, געשמאק און געוואוינהייטען, וואלט פאר איהם געפאסט בעסער אפצוגעבען זיך מיט א פראפעסארישער,

אדער אנדערער קאבינעט־ארבייט, אדער גאר מיט לאנד־באלעבא־
טישקייט.

די ארבייט פון אן אינזשעניער האט איהם ניט צופריעדענ־
געשטעלט, און ווען ניט דער שטארקער פארלאנג פון זיין מאמען,
וואלט ער פארלאזען דעם אינסטיטוט נאך ביים דריטען קורס.

זיין צארטע, כמעט ווייבליכע נאטור האט זעהר שטארק גע־
ליטען פון אלע גראבע באריהרונגען פון דער ווירקליכקייט, מיט
איהרע וואכעדיגע, רויהע און הארטע נויטען. אין דעם פרט פלעגט
ער זיך אליין פארגלייכען צו א מענשען, פון וועמען מען האט לע־
בעדיגערהייט ארונטערגעשונדען די הויט; קלייניגקייטען, וואס
אנדערע באמערקען גארניט, פלעגען איהם אפטמאל פארשאפען
טיעפען צער און וועהטאג.

אן אויסזעהן האט באבראוו געהאט א באשיידענעם, א שטי־
לען... ער איז געווען ניט פון הויכען וואוקס, א מאגערער, אבער
עס האט זיך אין איהם געפיהלט א האפטיגער, נערוועזער כח. דער
גרויסער, ווייסער, שעהנער שטערען האט פריהער פון אלץ צוגע־
צויגען די אויפמערקזאמקייט צו זיין געזיכט. די פאנאנדערגע־
שפרייטע שווארצאפלען, ניט פון איין גרויס, זיינען אזוי גרויס
געווען, אז זיינע גרויע אויגען האבען אויסגעזעהן שווארץ; די
געדיכטע, קרומע ברעמען האבען זיך פאראייניגט אויפ'ן מיטען
נאז, און דאס האט צוגעגעבען די אויגען א שטרענגען, אנגעשטעל־
טען, כמעט אסקעטישען אויסדרוק. די ליפען זיינען ביי אנדרעי
איליטש'ען געווען נערוועזע, דינע, אבער ניט קיין בייזע און אבי־
סעל ניט סימעטריש: דאס רעכטע ווינקעל פונ'ם מויל איז אויס־
געקויכען אביסעל העכער פון דעם לינקען; און א בארד און וואנ־
צען האט ער געהאט קליינע, שיטערע, טונקעל־בלאנדע, כמעט ניט
קארעקטע... דער חן פון זיין ניט שעהנעם געזיכט איז אבער גע־
לעגען בלויז אין זיין שמייכעל. אז באבראוו פלעגט לאכען, פלע־
גען זיינע אויגען ווערען צארט און פרעהלאך און דאס גאנצע געזיכט
פלעגט צוציהען צו זיך.

ווען באבראוו איז אפגעגאנגען א האלבע מייל, האט ער זיך

אויפגעהויבען אויף א בערגעל. גלייך אונטער זיינע פיס האט זיך געעפענט די ריזיגע פאנאראמע פון דער פאבריק, וואס איז געלעגען צעווארפען אויף פופציג קוואדראט מייל. דאס איז גע־ווען ווי אן אמת'ע שטאדט פון רויטען ציגעל, מיט א גאנצען וואלד פון פאררויכערטע קוימענס, וואס האבען ארויסגעשטארט הויך אין דער לופט. א שטאדט, וואס איז דורך און דורך אנגעזאפט מיט'ן גערוך פון שוועבעל און אייזען־רויך, פארטויבט פון א כסדר'־דיגען אייביגען גערודער. פיער דאמענע אויוועגס האבען געהערשט איבער דער פאבריק מיט זייערע משונה'דיגע קוימענס. לעבען די אויוועגס האבען זיך אויפגעהויבען, צוליעב דער צירקולירונג פון דער אנגעווארעמטער לופט, אכט קאופערס, אכט ריזיגע איי־זערנע טורעמס, געקרוינט מיט קיילעכדיגע קופאלען. ארום און ארום די דאמענע אויוועגס האבען זיך פונאנדערגעווארפען די אנ־דערע געביידעס: די ווארשטאטען פאר רעמאנט, דער גיס־הויף, די וואש־לאקאמאטיווען און די רעלסען־אפטיילונגען, די מארטינא־ווער און די פידלינגער אויוועגס און אז. וו.

די פאבריק איז געלעגען ארונטערגעלאזען אויף דריי נאטיר־ליכע, פלאכע, אפענע פלאטפארמעס. קלייניקע לאקאמאטיוועז האבען זיך דורכגעטראגען היז און הער, אין אלע ריכטונגען. זיי פלעגען זיך באווייזען אויפ'ן נידעריגסטען טרעפעל, און מיט א היל־כיגען פייף פלעגען זיי אויף עטליכע סעקונדען פארשווינדען אין טונעלען, פון וואנען זיי פלעגען זיך ווידער ארויסרייסען איינגע־הילט אין א ווייסען דאמף, און פלעגען רודערען אויף די בריקלאך און צום סוף זיך דורכטראגען איבער די וויסטאקאדען, וואו זיי פלעגען פון זיך ארויסווארפען דעם קאקס און דעם ערץ אין דער אפענער רעהר פון דעם דאמענעם אויווען.

ווייטער אוועק, הינטער דער נאטירליכער טעראסע, האבען זיך די אויגען פונאנדערגעלאפען אויף יענעם כאאס, וואס האט מיט זיך פארגעשטעלט די געגענד, וואו עס איז באשטימט געווען אויפצושטעלען דעם פינפטען און דעם זעקסטען דאמענעם אויווען. עס האט זיך געדאכט, אז עפעס א שרעקליכע אונטערערדישע איי־

בערקעהרעניש האט ארויסגעווארפען אויף דער אויבערפלאך אזוי פיעל בערג מיט שפּענצר, שטיינער פון אלערליי פארב און גרויס, זאמדיגע פּיראמידען, בערג מיט פּלאטען, פּלאכעס אייזען און געהילץ. דאס אלעס איז געווען אנגעווארפען, ווי צופעליג און אהן אן ארדנונג. הונדערטער פוהרען און טויזענדער מענשען האבען זיך דא ארומגעדרעהט אזוי ווי מוראשקעס ארום זייער צושטערטען נעסט. א ווייסער, דינער און זיך איינעסענדיגער קאלך־שטויב איז געשטאנען ווי א נעבעל אין דער לופט.

און נאך ווייטער, נידעריג אויפ'ן ברעג פון האריזאנט, האבען זיך ארבייטער ארומגעדרעהט ארום א פראכט־צוג און איהם אויסגעלאדען. איבער אנגעבויגענע ברעטער, וואס האבען זיך ארונטערגעלאזען פון די וואגאנען, האבען זיך געקייקעלט שטיינער אהן אן אויפהער, ווי א שטראם אויף דער ערד: מיט א גערויש און געקלאנג איז געפאלען דער אייזען; דינע ברעטער זיינען געפלויגען און האבען פליהענדיג זיך געדרעהט אין דער לופטען. ליידיגע פוהרען זיינען צוגעפאהרען צום ארייגפאהר און אנדערע האבען זיך פון דארט צוריקגעקעהרט אנגעלאדען ביז ארויף. טויזענדער גערוישען האבען זיך דא צענויפגעמישט אין א לאנגען, ווילדען געטומעל; דינע, ריינע, הארטע קלאנגען פון די שטיינזעגען, קלינגענדיגע קלעפּ פון די נעגעל־קלאפּער, וואס האבען צוגעקלאפּט שטיקער אויף די רעלסען; דער שווערער גערודער פון די דאמף־האמערס, דאס שטארקע אטהעמען און דאס פּייפען פון די קוימענס זיינען פארטויבט געווארען פון די טעמפּע, אונטערערדישע אויפרייסען, וואס האבען אויפגעטרייסעלט די ערד.

דאס איז געווען א שרעקליך און א פארכאפּענד בילד. די מענשליכע ארבייט האט דא געזאדען, ווי א ריעזיגער צונויפגעשטעלטער און רעגעלמעסיגער מעכאניזם. טויזענדער מענשען: אינזשעניערען, מויערער, מעכאניקער, שלאסערס, ערדגרעבער, סטאליארעס און שמידען האבען פון אלע עקען פון דער ערד זיך צונויפגעקליבען אהער, אונטערטעניג צום אייזערנעם געזעץ פון קאמף פאר'ן לעבען, כדי דא אפּצוגעבען זייער געזונט און זייערע

כחות, זייער שכל און ענערגיע, און אלץ נאר צוליעב איין שריט פאר'ן פראגרעס פון האנדעל.

היינטיגען טאג האט באבראוו זיך געפיהלט ערגער ווי־ווען ניט־איז. צייטענווייז, הגם זעהר זעלטען, — דריי אדער פיער מאל אין יאהר פלעגט איהם באפאלען א מאדנע, מעלאנכאלישע און, אין דערזעלבער צייט, אויפגערעגטע שטימונג. כמעט אלע מאל פלעגט דאס מיט איהם טרעפען אין די נעבעלדיגע, הערבסטיגע מארגענס, אדער אין די ווארעמע ווינטערדיגע צווענדען. דאמאלס פלעגט אלץ אין זיינע אויגען באקומען אן אומעטיגען פארבלאזען אויס־זעהן: די מענשליכע געזיכטער האבען איהם אויסגעזעהן גרוי, מאוס און קראנק; די ווערטער האבען געקלונגען ווי פון ערגעץ ווייט, און אויסער אומעט האבען זיי גארניט ארויסגערופען. ווען ער איז היינט ארומגעגאנגען איבער דער רעלסען־אפטיילונג, האבען איהם די ארבייטער מיט די בלייכע געזיכטער, וואס זיינען געווען שווארץ פון קוילען און אנגעברענט פון פייער, באזונדערס אויפגערעגט; ווען ער האט געקוקט אויף זייער איינגעשפארטער אר־בייט, בעת די היץ פון פונאנדערגעברענטען אייזען האט געבאקט זייערע לייבער, און פון די אפענע טירען האט געבלאזען דער שאר־פער הערבסטיגער ווינט, האט ער אין זיך אליין כמעט דערפיהלט א טייל פון זייערע פיזישע ליידען. דאמאלס איז איהם נמאס גע־ווארען זיין אייגען פארפוצט אויסזעהן, זיין דינע העמד און די דריי טויזענד רובעל פון זיין יעהרליכען געהאלט...

.2

ער איז געשטאנען ביים קאך־אויוועז און האט אכטונג געגע־בען אויף דער ארבייט. יעדע מינוט האט זיך ברייט פונאנדער־געעפענט דער ריזיגער פלאמיגער מויל פון דעם אויווען, כדי איינ־צושלינגען איינעם נאכ'ן צווייטען די צוואנציג־פודיגע פאקעטען פונ'ם וויים־צוגליהטען שטאהל, וואס איז אקארשט ארויס פון די פלאם־אויוועגס. אין א פערטעל שעה ארום האבען זיי זיך מיט א שרעקליכען גערודער געצויגען דורך די צעהנדליגע געשטעלען

און אויף דער צווייטער זייט פונ׳ם ווארשטאט האבן זיי זיך שוין אויסגעלייגט אין לאנגע, גלאטע, גלאנציגע רעלסן.

אימיצער האט פון הינטן אנגעריהרט באבראוו׳ן פאר׳ן אק־סעל. ער האט זיך פארדראסיג אומגעקוקט און האט דערזעהן איי־נעם פון זיינע קאלעגן — סוויעזשעווסקי׳ן.

דער סוויעזשעווסקי מיט זיין שטענדיג אביסעל איינגעבויגענער פיגור, וועלכע האט אויסגעזעהן, ווי ער וואלט דורכגעשלייכט בגנבה, אדער זיך געהאלטן אין פארנייגן — מיט זיין אייביגן ביכיקן און רייבן זיך די קאלטע, פייכטע הענט, איז באבראוו׳ן שטארק ניט געפעלן געווען. ווען ער פלעגט מיט אימיצן ריידן, פלעגט ער זיך נערוועז ארומווארפן, און יעדע ווייל פלעגט ער יענעם אנריהרן די אקסלען, די הענט און די קנעפלאך.

— העי, ברודער׳ל, וואס זעהט מען דאס אייך ניט אזוי לאנג?— האט סוויעזשעווסקי א פרעג געטאן; ער האט א ביכיקע געטאן און האט מיטביידע הענט לאנג גערדיקט און געגלעט באבראוו׳ס האנד. — איהר זיצט דאס אלץ, און איהר לייענט זיך ביכער? איהר לייענט דאס אלץ?

— ס׳איז פשוט, איך קרענק אונטער די גאנצע צייט, — האט זיך באבראוו ניט־ווילענדיג אפגערופען און האט אוועקגענומען זיין האנט. — ס׳איז פשוט, איך קרענק אונטער די גאנצע צייט.

— ביי זינענקען האבן זיך אלע פארבענקט נאך אייך, — האט סוויעזשעווסקי פיעלדייטיג ווייטער גערעדט. — פארוואס קומט איהר ניט צו זיי? און דארטען איז אייערנעכטען געווען דער דירעקטאר און האט זיך וועגן אייך פונאנדערגעפרעגט. ס׳איז עפעס געקומען צו רייד וועגן דער דאמענער ארבייט און ער האט זיך וועגן אייך זעהר גוט אפגערופען.

— דאס שמייכעלט מיך זעהר, — האט זיך באבראוו שפאטיש א נייג געטאן.

— ניין... ערנסט. ער האט געזאגט, אז די פארוואלטונג שעצט אייך זעהר פיעל, ווי א גוטען אינזשעניער, וואס ווייס א סך, און דאס איהר, אויב איהר וואלט נאר געוואלט, וואלט איהר געקענט

ווייט אוועק. נאך זיין מיינונג נאך, האבען מיר גארניט געדארפט אוועקגעבען צו די פראנצויזען אויסארבייטען דעם פראיעקט פון דער פאבריק, אויב מיר האבען דא ביי זיך אין דער היים מענשען, וואס ווייסען אזוי פיעל וויפיעל איהר, אנדרעי איליטש. אבער...

— באלד וועט ער זאגען עפעס אומאנגענעהמעס, — האט באבראוו א טראכט געטאן...

— אבער, ער זאגט, אז דאס וואס איהר דערוויטערט זיך פון דער געזעלשאפט איז ניט גוט, און אז איהר מאכט דעם איינדרוק פון א פארשלאסענעם מענשען. מען קען ניט פארשטעהן, וואס פאר א מענש איהר זייט אין דער אמת'ן, און מ'וויים ניט ווי צו האלטען זיך מיט אייך... אך, יא! — האט סוויעזשעווסקי פלוצלונג זיך א קלאפ געטאן אין שטערען, — אט פלוידער איך, און דאס וויכטיגסטע האב איך אייך פארגעסען צו דערצעהלען... דער דירעקטאר האט אלעמען געבעטען אומבאדינגט צו זיין מארגען אויפ'ן וואקזאל צום צוועלף אזייגערדיגען צוג.

— וועלען מיר ווידער אימיצען באגעגענען ?

— זעהר ריכטיג. טרעפט וועמען?

סוויעזשעווסקי'ס געזיכט האט אנגענומען א כיטרען און טריי־אומפירענדען אויסדרוק. ער האט זיך א ריב געטאן די הענט, און האט אפנים איבערגעלעבט א גרויסען פארגניגען, גרייט איבערצוגעבען אן אינטערעסאנטע שטיקעל נייעס.

— דעם אמת געזאגט, וויים איך דאך נים, וועמען... איך, איך בין ניט קיין גרויסער טרעפער! — האט באבראוו געזאגט.

— ניין, ברודער'ל, פרואווט טרעפען, איך בעט אייך... נו, באטש גלאט אזוי, רופט אימיצען אן...

באבראוו האט געשוויגען און מיט אן איבערגעטריבענער אויפ־מערקזאמקייט גענומען אכטונג געבען אויף דער ארבייט פונ'ם דאמף־קראן. סוויעזשעווסקי האט דאס באמערקט און האט זיך גענומען ווארפען נאך מעהר ווי פריהער.

— איהר וועט נאך קיינמאל אין דער וועלט ניט טרעפען... נו,

וועל איך אייך מעהר ניט מאטערען... מ׳ווארט... אויף קוואש־ניג׳ען אליין...

דעם נאמען האט ער ארויסגערעדט מיט אזא אפענהארציגער הכנעה, אז באבראוו האט דערפיהלט אן עקעל.

— וואס פאר א וויכטיגקייט געפינט איהר דא? — האט אנ־דרעי איליטש נאכלעסיג א זאג געטאן.

— וואס הייסט, וואס פאר א וויכטיגקייט? גיט נאר א טראכט. אין דער פארוואלטונג טהוט ער דאך, וואס איהם גלוסט זיך: מ׳הערט זיך דאך צו איהם צו, ווי צו אן אראקעל. אט אפילו איצטער האט איהם די פארוואלטונג אויסגעוועהלט צו פאר־שנעלערען די ארבייט; מיט אנדערע ווערטער הייסט עס, אז ער האט זיך אליין אויסגעוועהלט. איהר וועט שוין זעהן, וואס פאר דונערען און בליצען וועלען זיך ביי אונז אויפהויבען, ווען ער וועט קומען... פאראיאהרען האט ער ארומגעקוקט די געביידע — דאס איז דאכט זיך געווען נאך איידער איהר זייט אהער געקומען? זיי־נען דאמאלס דער דירעקטאר און פיער אינזשעניערען געפלויגען צום טייוועל. און ביי אייך וועט זיך דאס פארלעשען*) באלד ענ־דיגען?

— יא, כמעט פארטיג.

— נו, דאס איז גוט. הייסט עס, אז אין זיין אנוועזענהייט וועלען מיר פייערען די ערעפענונג און דעם אנהויב פון דער שטיין־ארבייט. איהר האט ווען באגעגענט קוואשניג׳ען אליין?

— קיין מאל ניט. דעם נאמען, פארשטעהט זיך, האב איך געהערט...

— און איך האב געהאט דעם פארגעניגען, און איך קען אייך זאגען, אז דאס איז אזא טיפ, וואס איהר וועט שוין אזעלכען ניט אנטרעפען. גאנץ פעטערבורג קאן איהם. ערשטענס איז ער אזא

---

*) דאס פארלעשען פון דעם אויוועו הייסט, דאס פונאנדערוואריטען איהם פאר דער ארבייט ביז דער טעמפעראטור פון שמעלצען ערץ, ביז 1600 גראד. די ארבייט פון דעם אויוועו הייסט קאמפאניע. אפטמאל געדויערט דאס פארלעשען עטליכע חדשים.

דיקער, אַז די הענט זיינע קומען זיך ניט צונויף מיט׳ן בויך. איהר גלויבט ניט? אויפ׳ן עהרען־וואָרט! ער האָט אפילו אַזאַ באַזונדערע קאַרעטע, וואָס אויף דער רעכטער זייט עפענט זי זיך אויף שאַרנירען. דערצו נאָך איז ער פון ריזיגען וואוקס, אַ געלער, און אַ קול האָט ער ווי דער שופר פון יריחו, אָבער אַ קאָפּ האָט ער!... אַך, גאָט מיינער!... ביי אַלע אַקציאָנערע געזעלשאַפטען איז ער אַ מיטגליד אין די פאַרוואַלטונגען... ער באַקומט צוויי הונדערט טויזענד נאָר פאַר זיבען זיצונגען אַ יאָהר! דערפאַר אָבער, ווען מען דאַרף ראַטעווען אַ סיטואַציע אויף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, — קאָן מען שוין קיין בעסערען פון איהם נישט געפינען. די צוויי־פעלהאַפטסטע יעהרליכע רעכענונג וועט ער פאַרלעגען אַזוי, אַז די אַקציאָנערען נעהמען אַן ווים פאַר שוואַרץ; דערנאָך ווייסען זיי אַליין ניט, ווי אויסצודריקען זייער דאַנק צו דער פאַרוואַלטונג. די הויפּט־זאַך: ער איז קיינמאָל ניט באַקאַנט מיט דער זאַך, וועגען וועלכער ער רעדט, נאָר ער נעמט עס אַזוי, מיט אַמאָל, אויף זיכער. איהר וועט איהם הערען מאָרגען, וועט איהר אודאי מיינען, אַז זיין גאַנצען לעבען איז ער נאָר ארומגעגאַנגען ארום די דאַמענע אויוועגס, און אַליין פאַרשטעהט ער אין זיי אַזוי פיעל, וויפיעל איך פאַרשטעה אין דער סאַנסקריטישער שפּראַך.

— נאַ־ראַ־ראַ־ראַם! — האָט באַבראָוו אומיסנע פאַלש און נאַכלעסיג גענומען זינגען, און האָט זיך אָפּגעקעהרט.

— אַט... וואָס דאַרפט איהר בעסער... איהר ווייסט, ווי ער נעהמט אויף מענשען ביי זיך אין פּעטערבורג. ער זיצט אין וואַנע אַ נאַקעטער ביז׳ן האַלז, זיין געלער קאָפּ שיינט נאָר ארויס איבער׳ן וואַסער, — און הערט זיך צו. און עפּעס אַ געהיימראַט שטעהט פאַר איהם הכנעה׳דיג איינגעבויגען און לעגט עפּעס פאַר... און אַ פרעסער איז ער, אַ שרעקליכער! און ער קאָן טאַקע אַריינעסען, און אין אַלע בעסטע רעסטאָראַנען געפינט זיך עפּעס אַ שפּייז אַ־לאַ־קוואַשנין. נו, און וועגען ווייבער איז שוין אָפּגערעדט. מיט אַ יאָהר דריי צוריק האָט מיט איהם פּאַסירט זעהר אַ קאָמישע געשיכטע...

און אז סוויעזשעווסקי האט דערזעהן, אז באבראוו קלייבט זיך אוועקגעהן, האט ער איהם אנגעכאפט פאר א קנעפעל, און האט אנגעהויבען שעפטשען מיט געבעט:

— ערלויבט מיר נאר... דאס איז אזוי קאמיש... ערלויבט מיר... כ'ווער באלד פארטיג... אין א פאר ווערטער... זעהט איהר, ווי ס'איז געווען. מיט דריי יאהר צוריק, אין הערבסט, קומט צו־פאהרען אין פעטערבורג איינער אן ארעמער — עפעס א טשינאוו־ניקעל, צי וואס... איך וויים אפילו זיין נאמען, אבער איך קען זיך איצטער ניט דערמאנען... לויפט ארום דער יונגערמאן משפט'ן זיך וועגען עפעס א ירושה, און יעדען פריהמארגען, ווען ער קעהרט זיך אום פון געריכט, פארגעהט ער אין זומער־גארטען, זעצט זיך אוועק א פערטעל־שעה אפרוהען אויף א בענקעל... גוט, זיצט ער אזוי דריי טעג, פיער טעג און פינף, און ער באמערקט, אז יעדען טאג, אין איין צייט מיט איהם, שפאצירט אין גארטען אום עפעס אן אויסערגעוועהנליך דיקער, געלער הער... זיי באקענען זיך. דער געלער, ווי עס ווייזט זיך ארוים, איז קוואשנין. פרעגט ער ביים יונגענמאן פונאנדער אלע זיינע אומשטענדען, נעהמט אן אנטייל אין איהם, האט מיטלייד מיט איהם. זיין נאמען אבער זאגט ער ניט דעם יונגענמאן. גוט. איינמאל אזוי טוט דער געלער א זאג צום יונגענמאן: ווי וואלט געווען, אז מען זאל אייך גוט באלוי־נען, וואלט איהר איינגעשטימט התונה צו האבען מיט אן אומבא־קאנטער דאמע און מיט איין באדינגונג: תיכף נאך דער חתונה זיך צו שיידען מיט איהר און מעהר קיינמאל מיט איהר זיך ניט צו זעהן? — און דער יונגערמאן איז אקוראט דעמאלט געווען אין אזא צושטאנד, אז ער איז שיער ניט געשטארבען פון הונגער. „איך בין איינשטימיג, זאגט ער, נאר ס'ווענדעט זיך, וואס פאר א לוין, און דאס געלט זאל זיין אין פאראוים". באמערקט נאר, אז אויך דער יונגערמאן וויים, פון וועלכער זייט מען עסט ספארזשע. נו, גוט... זיי ריידען אפ. אין א וואך ארום פוצט דער געלער אוים דעם יונגענמאן אין א פראק און, קוים ווי ס'ווערט טאג, פיהרט ער איהם אוועק ערגעץ אויסער דער שטאדט, אין א קלויסטער. אין

קלויסטער איז קיינער ניטא; די כלה ווארט נאר, אין גאנצען א פארשלייערטע, אבער מ׳זעהט אז זי איז א שעהנינקע און נאך גאר יונג. מ׳נעהמט שטעלען די חופה און דער יונגערמאן באמערקט, אז זיין כלה שטעהט עפעס א פארטרויערטע. פרעגט ער זי אין דער שטיל: „דאכט זיך, אז איהר זייט אנטקעגען אייער אייגענעם ווילען אהער געקומען?“ ענטפערט זי: „דאכט זיך, אז איהר אויך?“ אויף אזא אופן האבען זיי זיך דערוואוסט איינער פון צווייטען. ווייזט זיך ארויס, אז דער מיידעל׳ס אייגענע מאמע האט זי געצוואונגען צו אזא חתונה. גלייך נעהמען און אפגעבען קוואשנינ׳ען די טאכטער, האט דער מאמע׳ן דער געוויסען ניט דערלאזט... הערט זשע ווייטער... אזוי ווי זיי שטעהען זיך, רופט זיך אפ דער יונגערמאן: „לאמיר דא אפטאן אזא שפיצעל: יונג זיינען מיר ביידע, און א סך גוטס שטעהט אונז נאך אפשר פאר אין אונזער לעבען, טא לאמיר דא איבערלאזען קוואשנינ׳ען צום נאר...“ דאס מיידעל איז געוואגט, האט א פלינקע פארשטעלונג. „גוט, זאגט זי, לאמיר...“ נאך דער חופה, אלע געהען ארויס פון קלויסטער, קוואשנין שיינט אזש פון פרייד. און דער יונגערמאן האט דאך פון איהם דאס געלט באקומען אפריהער, און ניט אבי וואסער געלט, ווארים אין אזא פאל רעכענט זיך ניט קוואשנין מיט זיין געלט. נעהט קוואשנין צו צו חתן־כלה, גיט זיי אפ מזל־טוב און לאכט זיי גלייך אין פנים אריין. יענע הערען, דאנקען, רופען איהם מחותן, און פלוצלונג: — ביידע — מיט איין שפרונג אין דער קארעטע. „וואס איז דאס? וואוהין?“ „וואס הייסט, וואר־הין? אויפ׳ן וואקזאל, אויף דער חתונה־רייזע... העי, קוטשער, טרייב!...“ אזוי איז וואסילי טערענטיעוויטש קוואשנין געבליבען שטעהן מיט אן אפענעם מויל... און אט נאך עפעס... איינמאל... וואס? איהר געהט שוין אוועק, אנדרעי איליטש? — האט סוויע־זשעווסקי איבערגעריסען זיין פלוידערען, זעהענדיג, ווי באבראוו האט מיט אן ענטשלאסענעם אויסזעהן פארריכט דעם הוט אויפ׳ן קאפ און האט פארשפילעט די קנעפלאך פון מאנטעל.

— אנטשולדיגט, איך האב קיין צייט ניט, — האט באבראוו

טרוקען געענטפערט, — און וואס איז שייך צו אייער אנעקראט, האב איך איהם שוין ערגעץ פריהער געהערט אדער געלייענט... איך האב די עהרע...

און ער האט זיך אומגעקעהרט מיט'ן רוקען צו סוויעזשעווסקי'ן, וועלכער איז געשטאנען צעטומעלט פון זיין שארפען ענטפער, און איז געשווינד ארויסגעגאנגען פונ'ם ווארשטאט.

.3

באבראוו איז פון דער פאבריק געקומען אהיים, האט אויף גיך אפגעגעסען ווארימעס און איז ארוים אויפ'ן גאניק. דער קוטשער מיטראפאן, וואס האט פון פריהער באקומען א באפעל צו זאטלען פארוואטער'ן, א גניאדען דאנ'ער פערד, האט מיט אנשטרענגונג פארצויגען דעם רימען פונ'ם ענגלישען זאטעל. פארוואטער האט אנגעבלאזען דעם בויך און האט עטליכע מאל פלינק אויסגעדרעהט דעם האלז און געכאפט מיט די צייהן דעם ארבעל פון מיטראפאנ'ס העמד. מיטראפאן האט אויף איהם געשריען מיט א געמאכטען בייזען באס: „נא־א! שפיעל זיך, טייוועל!" און האט געקרעכצט פון אנשטרענגונג: „זעהסטו, פאסקודנע חיה!"

פארוואטער, א פערד פון מיטעלען וואוקס, מיט א מאסיווער ברוסט, א לאנגער מיט א דיקליכען, אביסעל אן אראפגעלאזטען הינ־טען, — האט זיך לייכט און שלאנק געהאלטען אויף זיינע שטארקע, באוואקסענע פיס מיט זיכערע קאפיטעס און דינע קנעכעל. א מבין וואלט ניט צופרידען געווען פון זיין הויקערדיגער מארדע און פון זיין לאנגען האלז מיט'ן שארפען אויסגעבויגענעם קאדיק, נאר באבראוו האט אויסגעפונען, אז פארוואטער'ס שעהנקייט באשטעהט טאקע אין אט די אלע אייגענשאפטען, וואס זיינען כאראקטערים־טיש פאר יעדען דאנ'ער פערד, אפילו אין זיינע קרומליכע קניע און אין די לאנגע, הינטישע אויערען. דערפאר איז אויף דער גאנ־צער פאבריק ניט געווען אזא פערד, וואס זאל קענען פארוואטער'ן אריבעריאגען. מיטראפאן, ווי יעדער גוטער רוסישער קוט־שער האט געהאלטען, אז מיט א פערד דארף מען זיך האלטען

שטרענג. ער האט זיך נישט ערלויבט ארויסצואווייזען וועלכע נישט איז צערטליכקייט ניט צו זיך און ניט צום פערד און פלעגט איהם אנרופען: „קאטארזשאן“, „נבלה“, „גזלן“ און אפילו „כאמלעט“ אויך. פונדעסטוועגען, אין דער טיפעניש פון דער נשמה האט ער פארוואטער'ן שטארק ליעב געהאט. און די ליעבע פלעגט זיך אויסדריקען אין דעם, וואס דער דאנער פערד פלעגט שטענדיג זיין בעסער אויסגערייניגט און פלעגט האבען האבער מעהר ווי באבראוו'ס אנדערע פערד: „לאסטאטשקא“ און „טשערנא־מאר“.

— האסטו איהם געגעבען טרינקען? — האט באבראוו גע־פרעגט.

מיטראפאן האט ניט באלד געענטפערט. ער האט געהאט נאך א מדה פון א גוטען קוטשער: לאנגזאמקייט און געלאסענקייט אין די רייד.

— געגעבען, אנדרעי איליטש, ווי זשע קען מען אנדערש? נור דו קוק זיך ארום, ווילדער! אז איך וועל דיר א דרעה טאן די מארדע! — האט ער בייז א געשריי געטאן אויפ'ן פערד. — ס'א שרעק, פריץ, ווי איהם ווילט זיך דאס היינט געהן אונטער'ן זאטעל. ער האט קיין געדולד ניט.

ווי נאר באבראוו איז צוגעקומען צו פארוואטער'ן און גענומען אין דער לינקער האנט די צוים און האט אנגענומען די גריווע, אזוי האט זיך אנגעהויבען א מעשה, וואס פלעגט זיך ווידערהאלען כמעט אלע טאג. פארוואטער, וואס האט שוין פון פריהער גע־קרימט מיט זיין גרויסען, בייזען אויג אויף באבראוו'ן, האט איצ־טער גענומען טאנצען אויף איין ארט, האט אראפגעבויגען דעם האלז און מיט די הינטערשטע פיס פונאנדערגעווארפען גאנצע הוי־פענס קויט. באבראוו איז ארום איהם ארומגעשפרונגען אויף איין פוס און האט געוואלט ארויפכאפען זיך אויפ'ן זאטעל.

— לאז אפ, מיטראפאן, לאז אפ די צוים, — האט ער א גע־שריי געטאן און האט אנגעכאפט דעם טרעטער, און אין דערזעלבער

רגע א וואָרף געטאָן די פוס איבער'ן רוקען און איז געבליבען זיצען אינ'ם זאָטעל.

ווען פּאַרוואָסער האָט דערפיהלט אויף זיך דעם רייטער, איז ער באַלד רוהיג געוואָרען, האָט עטליכע מאָל געביטען מיט די פיס, האָט געשפּריצט און געטרייסעלט מיט'ן קאָפּ, איז אַרויס פון טויער און האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט אַ ברייטען, פעסטען גאַלאָפּ...

דאָס געשווינדע פאָהרען, דער קאַלטער ווינט, וואָס האָט גע־פייפט אין די אויערען, דער פרישער, לייכטער דופט פון הערבסטי־גען פייכטען פעלד, האָבען איהם גיכען באַרוהיגט און אויפגעלעבט באַבראָוו'ס שלאָפע נערווען. אַ חוץ דעם, יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט פאָהרען צו די זינענקעס, פלעגט ער איבערלעבען אַן אַנגע־נעהמע, אומרוהיגע און געהויבענע שטימונג.

זינענקע'ס הויזגעזינד איז באַשטאַנען פון אַ פאָטער, אַ מוטער און פינף טעכטער. דער פאָטער האָט געדינט אויף דער פאַבריק און האָט פאַרוואַלטעט איבער דער מאַטעריאַל אָפּטיילונג. כאָטש ער איז געווען אַ פּוילער און אויפ'ן אויסזעהן אַ גוטמוטיגער ריז, איז ער אָבער אין דער אמת'ן געווען אַ חנף און אַ קליינליכער מענש. ער האָט געהערט צו יענעם מין מענשען, וואָס קומען זאָגען גראָב יענעם אין די אויגען „דעם ריינעם אמת", נאָר זעהר ליעבליך קומען זיי חנפ'ענען די עלטסטע, באַריידען אָפען זייערע חברים, און מיט די קלענערע פון זיי באַנעהמען זיי זיך אויפ'ן מאָוס'טען דעספּאָטישען אופן. ער האָט ליעב געהאַט צו דיסקוטירען איבער יעדער קלייניגקייט; פלעגט ניט אויסהערען דעם צווייטענס מיי־נונג און פלעגט הייזעריג שרייען. ער האָט ליעב געהאַט גוט אָפּ־עסען און האָט געהאַט אַ שוואַכקייט פאַר אַ כאָר פון מאַלאָרוסישען געזאַנג. דערצו נאָך פלעגט ער פעלשען. אַליין ניט באַמערקענ־דיג, האָט ער זיך שטענדיג געפונען אונטער זיין ווייב'ס פּאַנטאָפעל. אַ פרוי פון קליינינקען וואוקס, אַ קרענקליכע און אַן אַנגעצויגענע, מיט קליינינקע גרויע אויגעלאַך, וואָס זיינען ביז קאָמיזם געשטאַ־נען נאָהענט צו דער נאָז.

די טעכטער האָט מען גערופען: מאַקאַ, בעטאַ, שוראַטשקאַ, נינאַ און קאַסיאַ.

יעדע איינע פון זיי האָט געהאַט אין הויז אַ באַזונדערען שם. מאַקאַ, אַ מיידעל מיט אַ פּראָפיל פון אַ פיש, האָט געהאַט אַ רעפּוטאַציע פון אַ מלאך'שען כאַראַקטער.

— אַ, מאַקאַ, דאָס איז די פשוט'קייט אַליין! — פלעגען די עלטערען ריידען פון איהר אויף די געזעלשאַפטליכע אָוועגדען, אויף די שפּאַצירען, ווען זי פלעגט אין די אינטערעסען פון איהרע אינגערע שוועסטער פאַררוקט ווערען אין הינטערגרונד (מאַקאַ איז שוין געווען אַריבער די דרייסיגער). בעטאַ האָט זיך גערעכענט פאַר אַ חכמה, זי האָט געטראָגען פּענסנע און האָט, ווי מען האָט דערצעהלט, אַפילו געוואָלט אַמאָל געהן אויף קורסען. דעם קאָפּ האָט זי געהאַלטען אַנגעבויגט אַן אַ זייט און אַרונטערגעלאָזען ווי אַן אַלטע שקאַפע, און אַז זי פלעגט געהן, פלעגט זי טוקען אַרויף און אַראָפּ, ביי יעדען טראָט אַזוי. צו די נייע געסט פלעגט זי צושטעהן מיט ויכוחים וועגען דעם, אַז די פרויען זיינען בעסער און עהרליכער פון די מענער, אָדער זי פלעגט אַ פרעג טאָן מיט אַ נאַאיוועער שפּילעוודיגקייט: „איהר פאַרשטעהט דאָך אַזוי גוט די מענשען, זאָגט זשע מיר, וואָס איז מיין כאַראַקטער!" אויב דער געשפּרעך פלעגט אַריבערגעהן אויף איינער פון די קלאַסישע הייםישע טעמאַס: „ווער איז גרעסער, פּושקין אָדער לערמאָנטאָוו?" אָדער „צי העלפט די נאַטור פאַראיידעלערען די זיטען?" — פלעגט מען זי אַרויסרוקען פאַראויס ווי אַ קאַמפּס־העלפאַנט.

די דריטע טאָכטער, שוראַטשקאַ, האָט זיך אויסגעקליבען איהר ספּעציאַליטעט צו שפּילען אין „נאַרעלע" מיט אַלע בחורים אינזשעניערען נאָך דער רייה נאָך. ווי נאָר זי פלעגט זיך דערוויסען, אַז איינער פון איהרע אַלטע פאַרטנער האָלט ביי חתונה האָבען, פלעגט זי פאַרשטיקען אין זיך דעם פאַרדרוס און אויפרעגונג, און פלעגט באַלד אויסקלייבען אַ נייעם פאַרטנער. פאַרשטעהט זיך, אַז ביים שפּילען פלעגט מען זיך דורכוואַרפען מיט האַרציגע ווערטלאַך, מיט לייכטער, רייצענדיגער אַפּנאַרעריי, און מען פלעגט רופען

דעם פּארטנער „שלעכטער“ און קלאַפּען מיט די קארטען איבער די הענט.

נינא האט זיך אין דער הויזגעזינט גערעכענט פאר אלעמענס ליעבלינג. דאס איז געווען א צעבאלעוועט שעהן קינד. זי האט אויסגעזעהן ווי א פרעמדע צווישען איהרע שוועסטער מיט זייערע מאסיווע פיגורען און מיט די גראבע, וואולגארע געזיכטער. אפשר די מאדאם זינענקא אליין וואלט קלאר געמאכט, פון וואנען עס האט זיך גענומען ביי נינא'ן אזא צארטע, איידעלע פיגור, די כמעט אריסטאקראטישע הענט און דאס חנ'עווּדיגע טונקעלע פּנימ'ל אין גאנצען מיט ווארצעלאך, די קליינינקע ראזע אויערלאך, און די שעהנע, דינע, לייכט צעוועהטע האר. די עלטערן האבען אויף איהר געלעגט פיעל האפנונג און דעריבער איז איהר אלץ ערלויבט געווען: איבערעסען זיך מיט קאנפעקטען, ריידען קינדעריש דורך דער נאז, און אפילו אנטאן זיך שעהנער פון די שוועסטער.

דער איינגסטער פון אלע, קאסיא'ן, איז ניט לאנג צוריק גע־ווארען פערצעהן יאהר, נאר דאס פענאמענאלע קינד האט אויף א גאנצען קאפ איבערגעוואקסען די מוטער, און אין דער בולט'קייט פון איהרע פארמען, האט זי ווייט אריבערגעשטיגען איהרע שוועס־טער. איהר פיגור האט שוין פון לאנג צו זיך צוגעצויגען די אנגע־שטעלטע בליקען פון דער יוגענד אויף דער פאבריק; איבער דער ווייטקייט פון דער שטאדט האט די יוגענד געלעבט אפּגעטיילט און ווייט פון דער פרויען־געזעלשאפט און קאסיא פלעגט אויפנעה־מען די אלע בליקען מיט א נאאיווער אומפארשעהמטקייט פון א פריה־צייטגעווארען מיידעלע.

אט די אלע מעלות פון דער הויזגעזינט זיינען גוט באקאנט געווען אויף דער פאבריק, און איין שפּאסטרייבער האט איינמאל א זאג געטאן, אז אויב שוין חתונה האבען מיט זינענקא'ס א מיי־דעל, איז חתונה האבען מיט אלע פינף אויף אמאל. די אינזשע־ניערען און די סטודענטען־פּראקטיקאנטען, האבען געקוקט אויף זינענקא'ס הויז ווי אויף אן אכסניה, און האבען זיך ארומגעדרעהט גארט פון אין־דער־פריה ביז אין־דער־נאכט; האבען א סך גע־

געסען, נאך מעהרער געטרונקען און מיט א מערקווירדיגער גע־שיקטקייט פלעגען זיי זיך ארויסדרעהען פון די שדוכים־נעצען.

באבראוו'ן האט דאס הויז־געזינט ניט שטארק ליעב געהאט. דער פיליסטערישער געשמאק פון דער מאדאם זינענקא, וואס האט יעדע זאך געוואלט אונטערפיהרען אונטער דער ליניע פון דער געשמאקלאזער, גליקליך־לאנגווייליגער, פראווינציעלער האלטונג,— פלעגט יעדעס מאל פון אנדרעי איליטש'ען באליידיגט ווערען. זיינע גאליגע שארפע באמערקונגען, ווען ער פלעגט זיין אין א גוטער שטימונג, פלעגען באגעגענט ווערען מיט ברייט־פונאנדערגע־עפענטע אויגען, און פארקעהרט, ווען ער פלעגט שווייגען גאנצע אווענטען, פון מיעדקייט אדער אויפרעגונג, פלעגט מען איהם חושד זיין, אז ער פארבארגט זיך, אז ער איז שטאלץ, אז ער איראניזירט מיט זיין שווייגען, און אז — א, דאס איז געוועזן שרעקליכער פון אלץ! — „ער שרייבט ערצעהלונגען אין די זשורנאלען און אז צוליעב דעם זאמעלט ער טיפען".

באבראוו האט געפיהלט אט די בלינדע שנאה, וואס פלעגט זיך אויסדריקען אין די נאכלעסיגע באנעהמונגען צו איהם ביים טיש און אין דעם ציהען מיט די אקסלען פון דער מוטער פונ'ם הויזגעזינט, פונדעסטוועגען פלעגט ער ניט אויפהערען קומען צו די זינענקא'ס. האט ער ליעב געהאט נינא'ן? — דאס וואלט ער ער אליין ניט געקאנט ענטפערען. ווען ער פלעגט דריי אדער פיער מעת־לעת ניט קומען אין זייער הויז, פלעגט די עראינערונג וועגען איהר לאזען קלאפען זיין הארץ מיט א זיסען און אומרוהיגען טרויער. ער פלעגט זיך פארשטעלען איהר גראציעזע, שלאנקע פי־גור, דער שמייכעל פון איהרע טונקעלע, מיט א שאטען ארומגעריג־געלטע אויגען, און דעם דופט פון איהר לייב, וואס פלעגט איהם גאר דערמאנען דעם דופט פון די יונגע קלעפיגע קנאספען פון די טאפאלען.

אבער ווען ער פלעגט זיין ביי די זינענקא'ס דריי אווענדען נאכאנאנד, פלעגט ער מיעד ווערען פון זיין גאנצער געזעלשאפט, פון זייערע פראזען, — אלע מאל און אומעטום איינע און די זעל־

בע, — און פון די שאבלאנע און ניט נאטירליכע אויסדרוקען פון זייערע געזיכטער. צווישען די פינף „פריילײנס" מיט זייערע „פאר־עהרער", די „קאוואליערען" (אלטעגליכע ווערטער פון זינענקא'ס הויז), זיינען איינמאל פאר אלע מאל איינגעפיהרט געווען גע־שמאקלאזע, שטיפערישע באציהונגען. סיי די פריילײנס, סיי די קאוואליערען, האבען געמאכט דעם אנשטעל, ווי זיי וואלטען גע־ווען צוויי פיינדליכע לאגערען. ווי דער שטייגער איז, פלעגט איי־נער פון די קאוואליערען אויף א שפאס, אוועק'גנב'ענען פון א פריי־ליין עפעס א זאך און פלעגט פארזיכערען, אז ער וועט עס ניט אוועקגעבען; די פריילײנס פלעגען זיך בלאזען, פלעגען זיך סוד'ען צווישען זיך, פלעגען דעם שפאסטרייבער רופען „שלעכטער" און די גאנצע צייט פלעגען זיי לאכען מיט א הילצערנעם, הילכיגען, ניט־אנגענעהמען געלעכטער. און אזוי פלעגט זיך דאס ווידערהאַ־לען יעדען טאג, היינט, מיט די זעלבע ווערטער און מיט די זעלבע באנעהמונגען, וואס נעכטען. באבראוו פלעגט אוועקגעהן פון די זינענקא'ס מיט א קאפ־וועהטאג און מיט אנגעמאטערטע נערווען פון זייערע פראווינציעלע שטיק.

אויף אזא אופן האט אין באבראוו'ס נשמה געביטען זיך, אט די בענקשאפט נאך נינא'ן, נאכ'ן נערוועזען דרוק פון איהרע שטענ־דיג הייסע הענט, און אט דער עקעל צו דער לאנגווייליגקייט און צו דער מאנירליכקייט פון איהר הויזגעזינט. עס זיינען געווען מי־נוטען, ווען ער איז שוין גרייט געווען שדכנ'ען זיך צו איהר. יע־מאלט וואלט איהם ניט אפגעשטעלט אפילו דער באוואוסטזיין, אז זי, מיט איהר קאקעטעריי פון א שלעכטען טאן און מיט איהר פוסטקייט, וואלט פון זייער פאמיליענלעבען געמאכט א גיהנום, און אז ער און זי ריידען און טראכטען אויף פארשיידענע לשונות. נאר ער האט זיך ניט אנטשלאסען, און האט געשוויגען.

איצטער, ווען ער איז צוגעפאהרען צו שעפעטאווקע, האט ער שוין פון פריהער געוואוסט, וואס און ווי אזוי מען וועט דארטען ריידען אין אזא אדער אין אן אנדער פאל, און ער האט זיך אפילו פארגעשטעלט דעם אויסדרוק פון זייערע געזיכטער. ער האט גע־

וואוסט, אז ווען מען וועט איהם דערזעהן פון דער טעראסע ריי־טען אויפ'ן פערד, וועט אין אנהויב צווישען די פריילייגס, וועלכע ווארטען אלע מאל אויף דעם קומען פון די „אנגענעהמע קאוואַ־ליערען“, אויפהויבען זיך א דעבאַטע וועגען דעם, ווער עס פאהרט דאָס. ווען ער וועט צוקומען נעהנטער וועט די, וואס האט גע־טראָפען, אנהויבען אונטערשפרינגען, פאטשען מיט די הענט, קנאַ־קען מיט'ן צונג און רייצען זיך און אויסשרייען: „נו, וואס? נו, וואס? איך האָב געטראָפען, איך האָב געטראָפען!“ דערנאָך וועט זי אוועקלויפען צו אננא אפאנאסיעוונא'ן: „מאַמע, באַב־ראוו קומט, איך האָב די ערשטע געטראָפען!“ און די מאַמע, וועל־כע וועט פויל איבערווישען דאָס געפעס, וועט זיך ווענדען צו נינא'ן מיט אזא טאָן, אזוי ווי זי וואלט איהר דערצעהלט עפּעס קאָמישעס און אומגעריכטעס: „נינישע, ווייסט, באבראוו קומט“, און נאָכ־דעם, ווען זיי וועלען דערזעהן באבראוו'ן אריינקומען, וועלען זיי אלע צוזאמען זעהר הילכיג און הויך איבערראשט ווערען.

4.

פּאַרוואַטער איז געגאַנגען, האט הילכיג געפּאַרסקעט און האט אנגעצויגען די רימענס פון צוים. פון דערווייטען האָט זיך דער־זעהן דאָס הויז פון די שעפּעטאָווקער גיטער. די ווייסע ווענט און דער רויטער דאַך האָט זיך קוים ארויסגעזעהן דורכ'ן גרינס פון די מאַי־בוימער און די אַקאַציען־בוימער. אונטער'ן באַרג האט זיך א היבש טייכעל בולט ארויסגעהויבען פון די ארומיגע גרינע ברע־גען. אויפ'ן גאַניק איז געשטאַנען א פרויען־געשטאַלט. באבראוו האט פון דער ווייטען אין איהר דערקענט נינא'ן, נאָך דער העל־געלער בלוזע וואס האט אזוי שעהן אפּגעשאַטענט דאָס טונקעלע פאַרב פון איהר געזיכט, און תיכף האט ער איינגעהאלטען פּאַרוואַ־טער'ן פאַר'ן צוים, האט זיך אויסגעגלייכט, און האט באפּרייט די שפּיץ פיס, וואס זיינען ווייט פאַרקראָכען אין די טרעטער פונ'ם זייטעל.

— איהר זייט ווידער געקומען צו רייטען אויף אייער אוצר?

נו, אַט, איך קען איהם פראָסט ניט אַנקוקען, אַ־דעם מנוול! — האָט נינאַ פון גאַניק אַ געשריי געטאָן מיט אַ פרעהליכען און קאַפּ־ריזנעם קול פון אַ צעבאַלעוועט קינד. ביי איהר איז שוין פון לאַנג אַריין אין אַ געוואוינהייט צו רייצען באַבראַוו'ן מיט זיין פערד, צו וועלכען ער איז געווען אַזוי שטאַרק צוגעבונדען. בכלל פלעגט מען אין זינענקאַ'ס הויז אַלע מאָל אימיצען רייצען מיט עפּעס.

באַבראַוו האָט אַ וואָרף געטאָן די צוים צום פאַבריק־קוטשער, וואָס איז אונטערגעלאָפען, האָט אַ פּאַטש געטאָן דעם פערד איבער'ן האַלז, וואָס איז טונקעל געוואָרען פון שוויים און איז נאָך נינאַ'ן אַריינגעקומען אין גאַסט־זאַל. אַננאַ אַפאַנאַסיעוונאַ, וואָס איז געזעסען ביים סאַמאָוואַר, האָט געמאַכט אַן אַנשטעל, ווי זי איז זעהר שטאַרק איבערראַשט פון באַבראַוו'ס קומען.

— אַ־אַ־אַ! אַנדרעי איליטש! ענדליך זיים איהר צו אונז געקומען! — האָט זי אויסגערופען מיט אַ נגון.

און ווען ער האָט זיך מיט איהר באַגריסט, האָט זי איהם אַ שפּאַר געטאָן די האַנט גלייך אין די ליפּען, און האָט מיט איהר הילכיגען קול געפרעגט דורך דער נאָז:

— טהע, מילך, עפּעל? — זאָגט וואָס איהר ווילט.

— מערסי, אַננאַ אַפאַנאַסיעוונאַ.

— יע מערסי, אָדער נישט מערסי?

עהנליכע פראַנצויזישע פראַזען פלעגען זיך שטענדיג אַרומ־דרעהען אין זינענקאַ'ס הויז. באַבראַוו האָט זיך פון אַלץ אָפּגעזאָגט.

— נו, טאָ געהט זיך אויף דער טעראַסע, דאָרטען האָט די יוגענד אָנגעהויבען שפּילען אין פאַנדען, אָדער וואָס, — האָט די מאַדאַם זינענקאָ וויכהאַרציג ערלויבט.

ווען ער איז אַרויס אויפ'ן באַלקאָן, האָבען די אַלע פיער שוועס־טער אויף אַמאָל אויסגעשריען פּונקט מיט דעם זעלבען טאָן און דורך דער נאָז, ווי זייער מאַמע:

— אַ־אַ־אַ! אַנדרעי איליאיטש? אַט, ווערמען מען האָט אַזוי לאַנג ניט געזעהן! וואָס זאָל מען אייך ברענגען? טהע? מילך? עפּעל? — איהר ווילט ניט? ניין, איהר ווילט טאָקע ניט? און

אפשר ווילט איהר? נו, אויב אזוי, טא זעצט זיך אוועק און נעהמט אן אנטייל.

מען האט געשפיעלט אין „די פריצ׳טע האט צוגעשיקט הונ־דערט רובעל״, אין „מיינונגען״ און נאך עפעס אין א שפיעל, וואס קאסיא, וועלכע פלעגט ריידען מיט׳ן צונג, פלעגט אנרופען „שפי־לען אין געפעש״. פון די געסט זיינען דא געווען: דריי סטודענ־טען־פראקטיקאנטען, וועלכע פלעגען די גאנצע צייט אויסשטעלען די ברוסט, פלעגען אננעהמען פלאסטישע פאזען, פלעגען אויס־שטעלען פאראויס א פוס און פלעגען פארלייגען א האנט אין דער הינטערשטער קעשענע פונ׳ם פראק; דא איז געווען דער טעכניק — מילער, וואס האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין שעהנקייט, נאריש־קייט און מיט זיין וואונדערליכען באריטאן, און נאך איינער, עפעס א שוויגענדיגער הער אין גרויען, וואס האט אויף זיך ניט געצויגען קיינעמס אויפמערקזאמקייט.

דאס שפיעל האט זיך ניט געקלעפט. די מענער זיינען אפגעקו־מען זייערע פאנדען מיט א לאנגוויילינגען אויסזעהן; די מיידלאך האבען זיך אינגאנצען אפגעזאגט אויסצופאלגען, האבען זיך גע־סוד׳עט און אנגעשטרענגט געלאכט.

עס איז פינסטער געווארען. פון הינטער די דעכער פון דעם נאהענטען דארף האט זיך לאנגזאם באוויזען א גרויסע רויטע לבנה.

— קינדער, קומט אין די צימערען, — האט אננא אפאנאסיעוו־נא א געשריי געטאן פון עס־צימער, — בעט מילער׳ן ער זאל אונז עפעס זינגען.

אין א מינוט ארום האבען זיך שוין אין די צימערען געהערט די שטימען פון די מיידלאך, — אונז איז זעהר פרעהלאך געווען, — האבען זיי געפלאפלעט ארום דער מאמע׳ן, — מיר האבען אזוי גע־לאכט, אזוי געלאכט...

אויפ׳ן באלקאן זיינען פארבליבען נאר נינא און באבראוו. זי איז געזעסען אויף די פארענטשעס מיט דער לינקער האנט ארום דער זייל, און האט זיך צוגעשפארט צו איהם אין אן אומבאוואוסט־זיניג־שעהנער פאזע. באבראוו האט זיך אנידערגעזעצט אויף א

נידעריגע גאַרטען־בענקעלע האַרט ביי איהרע פיס, און פון אונ־טען אַרויף האָט ער זיך איינגעקוקט אין איהר געזיכט און האָט גע־זעהן די איידעלע שטריכען פון איהר האַלז און גיידער.

— נו, דערצעהלט זשע עפּעס אינטערעסאַנטעס, אַנדרעי איל־איטש, — האָט נינאַ אומגעדולדיג באַפוילען.

— איך ווייס גאָר ניט, וואָס איך זאָל אייך אַזוינס דערצעה־לען! — האָט באַבראָוו געענטפערט. — ס'איז שרעקליך שווער צו ריידען, ווען מען באַשטעלט. איך האָב שוין אויך געטראַכט: צי עס געפינט זיך ניט אַזאַ זאַמעלביכעל פאַר געשפּרעכען ,אויף פאַר־שיידענע טעמען...

— פוי! ס'אַראַ לאַנגווייליגער איהר זייט, — האָט נינאַ אויס־געצויגען, — זאָגט מיר, ווען זייט איהר אין אַ גוטער שטימונג?

— און איהר, זאָגט מיר, פאַרוואָס האָט איהר אַזוי מורא פאַר'ן שווייגען? קוים ווי עס ענדיגט זיך דער געשפּרעך, אַזוי פילט איהר זיך שוין שלעכט... און ס'איז דען שלעכט צו ריידען שוויי־גענדיג?

— „מיר וועלעןביידע שווייגענדיגע זיין"... — האָט נינאַ אַ זינג געטאָן שפּאַטיש.

— געוויס, מיר וועלען שווייגענדיגע זיין. גיט אַ קוק: דער הימעל איז לויטער, די לבנה איז אַ געלע, אַ גרויסע, אויפ'ן באַל־קאָן איז אַזוי שטיל... וואָס זשע דאַרף מען נאָך?

— „און אַט די נאַרישע לבנה, אויף דעם הימעל דעם נאַריי־שען" — האָט נינאַ אַ דעקלאַמיר געטאָן. — נאָך עפּעס: איהר האָט געהערט, אַז זינאַ מאַקאָוואַ ווערט באַלד חתונה האָבען מיט פּראָטאַפּאָפּאָוו'ן? זי האָט טאַקע חתונה! אַ מאָדנער מענש, אַט דער פּראָטאָפּאָפּאָוו. — זי האָט אַ קנייטש געטאָן מיט'ן אַק־סעל. — דריי מאָל האָט איהם זינאַ אָפּגעזאָגט, און ער האָט זיך אַלץ ניט געקענט באַרוהיגען און האָט איהר אַ פערטען מאָל פאַר־געלעגט חתונה צו האָבען מיט איהם. און זאָל עני צו זיך האָבען טענות. זי וועט איהם אפשר אַכטען, אָבער ליעב האָבען — קיין מאָל ניט!

די ווערטער זיינען גענוג געווען, אז עס זאל א קעהר טאן די גאל אין באבראוו'ס נשמה. ער פלעגט אלע מאל אויסער זיך ווערען פון די זינענקא'ס שמאלען פיליסטערישען ווערטערבוך מיט די אויסדרוקען, ווי: „זי האט איהם ליעב, נאר זי אכט איהם ניט", „זי אכט איהם, נאר זי האט איהם ניט ליעב". מיט אזעלכע ווער־טער פלעגט אין זייער באגריף אויסגעשעפט ווערען די טיעפסטע, פארוויקעלטסטע באציהונגען צווישען מאן און פרוי, און כדי צו באשטימען די מאראלע, גייסטיגע אדער פיזישע אייגענשאפטען פון דער און דער פערזענליכקייט, האבען זיי אויך פארמאגט נאר צוויי אויסדרוקען: „ברונעט" און „בלאנדין".

און באבראוו, ווענען עס האט זיך שטארק געוואלט צעשטרייען זיין ביטער געפיהל, האט געפרעגט:

— וואס שטעלט מיט זיך פאר, אט דער פראטאפאפאוו?

— פראטאפאפאוו? — האט זיך נינא פארטראכט אויף א רגע, — ער איז... ווי זאל איך אייך זאגען... ער איז פון גאנץ הויכען וואוקס... א שאטען...

— און מעהר גארניט?

— וואס זשע נאך? אך יא: ער דיענט אין אקציז...

— דאס אלץ? נינא גריגאריעוונא, צו כאראקטעריזירען א מענשען געפינט זיך ביי אייך גארנישט ניט, אויסער דעם, וואס דער מענש איז א שאטען און דיענט אין אקציז! גיט נאר א טראכט: וויפיעל אינטערעסאנטע, טאלענטירטע און קלוגע מענשען באגעגע־נען זיך אונז אין לעבען? און די אלע מענשען זיינען נאר „שאטי־נען" און „אקציזנע באאמטע"? גיט נאר א קוק, מיט וואס פאר א לעבעדיגער נייגעריקייט גיבען דאס אכטונג אויפ'ן לעבען די פּוי־ערשע קינדער, און ווי טרעפענדיג זיי זיינען אין זייערע אורטיילען. און איהר זייט א קלוגע און פיהלענדיגע מיידעל און איהר געהט אלץ פארביי גלייכגילטיג נאר דערפאר, ווייל איהר האט אנגעגרייט א צעהנדליג שאבלאנע פראזען „פון די צימערען". איך וויים, אז אויב אימיצער וואלט עפעס געזאגט ווענען דער לבנה, וועט איהר באלד ארײנשטעלען: „ווי די נארישע לבנה" און אזוי ווייטער.

אויב איך וועל דערצעהלען, לאמיר נעהמען, עפּעס וועגען אן אוי־סערגעוועהנליכען צופאל, ווייס איך שוין פון פריהער, אז איהר וועט באמערקען: „פּריש איז די לעגענדע, נאר עס גלויבט זיך שווער" און אזוי איז אין אלץ, אין אלץ... איך בעט אייך, גלויבט מיר, אז יעדע זעלבסטשטענדיגע, אייגענארטיגע...

— איך בעט אייך, ניט צו לייענען מיר קיין מאראל! — האט זיך נינא שארף אפּגערופען.

ער איז אנטשוויגען געווארען מיט א ביטערען טעם אין מויל, און א מינוט פינף זיינען זיי ביידע געזעסען און האבען זיך ניט א ריהר געטאן. פּלוצלונג האבען זיך פון גאסט־צימער דערטראגען קלינגענדיגע אקארדען, און מילער האט אנגעהויבען זינגען מיט א ביסעל א געריהרטען קול, נאר פול מיט טיפען אויסדרוק:

איך האב אויף א באל דיך געטראפען,
אין אומרוה, אין רויש פון דער וועלט,
איך האב דיך דערזעהן, נאר דיין פּנים,
א סוד האט א טיפער פארשטעלט.

באבראוו האט זיך באלד בארוהיגט און האט איצטער חרטה געהאט פארוואס ער האט אזוי אויפגערעגט נינא׳ן. „צוליעב וואס גיה איך פאדערען אריגינאליטעט פון איהר יונגען, נאאיווען, קינ־דערשען שכל?", האט ער געטראכט. „זי איז דאך ווי א פייגעלע: זי פּיפּטשעט דאס ערשטע וואס עס פאלט איהר אין קאפּ אריין, און ווער קען וויסען, אפשר איז דאס פּיפּטשען א סך מעהר ווערט, איידער געשפּרעכען וועגען עמאנסיפּאציע, וועגען ניטשע׳ן, אדער וועגען דעקאדענטען?"

— נינא גריגאריעוונא, זייט ניט בייז אויף מיר. איך בין צו־וויים אוועק און האב אנגערעדט נארישקייטען. — האט ער געזאגט אין דער שטיל.

נינא האט געשוויגען. זי האט זיך אפּגעקעהרט פון איהם און האט געקוקט אויף דער לבנה. ער האט אין דער פינסטער אויפגע־זוכט איהר האנט, וואס איז אראפּגעהאנגען, האט זי צערטליך א דריק געטאן און האט א שעפּטשע געטאן:

— גינא גריגאריעווגא... איך בעט אייך...

נינא האט זיך פּלוצלונג געשווינד צו איהם א קעהר געטאן און אויף זיין האנט־דרוק האט זי אפּגעענטפערט מיט א פלינקען, נער־ווענע דרוק און האט אויסגעשריען מיט א טאן פון מחילה און פארוואורף:

— בייזער! אלע מאל באליידיגט איהר מיך... איהר באנוצט זיך מיט דעם, וואס איך קען אויף אייך ניט זיין אין כעס!...

און זי האט אפּגעשטופּט זיין האנט, וואס האט פּלוצלונג אויפגעציטערט, האט זיך כמעט ארויסגעריסען פון איהם, איז דורכ־געלאפען דעם באלקאן און איז נעלם און איז געווארען הינטער דער טיר.

...און טרוים איך אין ווייטע חלומות...

איך ווייס ניט, צי האב איך דיך ליעב,

נאר דאכט זיך, אז איך האב דיך ליעב...

האט מילער געזונגען מיט א ליידענשאפטליכען און טרויע־ריגען אויסדרוק.

— נאר דאכט זיך מיר, אז איך האב דיך ליעב! — האט באב־ראוו ווידערהאלט דאס ליעד מיט אן אויפגערעגטען שטילען קול, האט שווער אן אטעם געטאן און האט געדריקט די האנט צו זיין הארץ, וואס האט שטארק געקלאפּט.

— צוליעב וואס, — האט ער געטראכט א געריהרטער, — צו־ליעב וואס מאטער איך זיך מיט אומזיסטיגע חלומות וועגען עפּעס אן אומבאוואוסטען, הויכען גליק, ווען אט־א־דא, ארום מיר, געפינט זיך דאס פּשוט'ע טיפע גליק? וואס קען מען נאך פאדערען פון א פרוי, פון א ווייב, אויב זי פארמאגט אזויפיעל צערטליכקייט, שטילקייט, פיינקייט און אויפמערקזאמקייט? מיר, ארעמע, נער־ווענע, קראנקע מענשען. מיר קענען ניט נעהמען פּשוט פון דעם לעבען אלע זיינע פרײדען, נאר מיר פאר'סמ'ען זיי אומיסטנע מיט'ן סם פון אונזער נויטווענדיגקייט צו גריבלען זיך אהז אן אויפהער אין אונזער יעדען געפיהל, אין אונזער אייגענעם און אין דעם פרעמדענם לעבעדיגען פארלאנג... די שטילע נאכט, די נאהענט־קייט פון א געליעבטער מיידעל, די ליעבע, פּשוט'ע רייד, דער

רגע'דיגער אויסברוך פון צארן, און נאכדעם די פלוצלונגדיגע צערט־ליכקייט — גאט מיינער! באשטעהט דען ניט אין דעם די גאנצע שעהנקייט פון אונזער לעבען?

ער איז אריינגעקומען אין גאסט־צימער אז אויפגעמונטערטער, א מוטיגער, כמעט א יום־טובדיגער. זיינע אויגען האבען זיך באַגעגענט מיט נינא'ס אויגען, און אין איהר לאנגען בליק האט ער דורכגעלייענט א צערטליכען ענטפער אויף אלע זיינע געדאנקען. — „זי וועט זיין מיין ווייב", האט באבראוו א טראכט געטאן, און האט דערפיהלט א רוהיגע פרייד אין דער נשמה.

מען האט גערעדט וועגען קוואשנינ'ען. אננא אפאנאסיעווגא האט מיט איהר קול אנגעפילט דעם גאנצען צימער. זי האט געזאגט, אז זי רעכענט אויך צו פיהרען מארגען „איהרע מיידעלאך" צום וואקזאל.

— עס קען זעהר זיין, אז וואסילי טערענטיעוויטש וועט אונז וועלען מאכען א וויזיט, ווייל די פלימעניצע פון מיין גליעדסשוועס־טער־קינד'ס מאן, ליזא ביעלאקאנסקאיא, האט נאך מיט א חודש צוריק מיר געשריבען וועגען זיין קומען אהער...

— דאס איז, דאכט זיך, די זעלבע ביעלאקאנסקאיא, וועמעס ברודער האט חתונה געהאט מיט דער פירסטין מוראוועצקאיא? — האט דער הער זינענקא אונטערטעניג אריינגעשטעלט די איינ־גע'חזר'טע רעפליק.

— נו יא, דאס איז דיזעלבע, — האט אננא אפאנאסיעווגא נאכ־געביג א שאקעל געטאן צו איהם מיט'ן קאפ. — זי קומט נאך אוים א ווייטע קרובה דורך דער באבע'ן, וועלכע דו קענסט. נו, האט מיר ליזא ביעלאקאנסקאיא געשריבען, אז זי האט זיך באגעגענט ערגעץ אין א געזעלשאפט מיט וואסילי טערענטיעוויטשען, און אז זי האט איהם רעקאמענדירט אונז צו באזוכען, אויב עס וועט איהם אויסקומען וועך־ניט־וועך צו זיין אויף דער פאבריק.

— וועלען מיר איהם קענען אויפנעהמען, ניוסיא? — האט זינענקא פארזארגט א פרעג געטאן.

— ווי נאריש דו רעדסט! מיר וועלען מאכען, אז מיר זאלען

קענען. מיר וועלען דאך סיי־ווי־סיי ניט איבערראשען א מענשען, וועלכער באקומט דריי הונדערט טויזענד א יאהר.

— גאטעניו! דריי הונדערט טויזענט! — האט זינענקא א קרעכץ געטאן. — ס'איז דאך אן אימה צו טראכטען.

— דריי הונדערט טויזענט! — האט נינא, פונקט ווי אן עכא, א זיפץ געטאן.

— דריי הונדערט טויזענט! — האבען אלע מיידלאך פייערליך אויסגעשריען אין א כאר.

— יא, און דאס אלץ פארלעבט ער ביז'ן לעצטען גראשען, — האט אננא אפאנאסיעוונא געזאגט. דערנאך, ענטפערענדיג אויף די טעכטערס ניט ארויסגערעדטען געדאנק, האט זי צוגעגעבען: — ער האט א ווייב. נאר מען דערצעהלט, אז ער האט ניט גליקליך חתונה געהאט. זיין ווייב איז עפעס א צוקראכענער פארשוין און האט גאר קיין פנים ניט. וואס איהר זאלט ניט זאגען, אבער דאס ווייב דארף זיין א שילד אין דעם מאנס געשעפטען.

— דריי הונדערט טויזענט! — האט נינא, ווי פון שלאף, נאך אמאל ווידערהאלט. — וואס קען מען ניט אויפטאן מיט אזוי פיעל געלט!...

אננא אפאנאסיעוונא האט זי א גלעט געטאן איבער די שעהנע האר.

— אט, קינדעלע, ווען פאר דיר זאל זיין אזא מאן, הא?

די דריי הונדערט טויזענט רובעל יעהרליכען איינקונפט האט ווי עלעקטריזירט דעם גאנצען עולם. מיט גלאנצענדיגע אויגען און מיט אויפגעפלאמטע געזיכטער האט מען דערצעהלט און אויסגע־הערט פארשיידענע אנעקדאטען וועגען דעם לעבען פון די מיליא־נערען, מעשיות וועגען לעגענדארע סעודות, וועגען טהייערע, גוטע פערד, וועגען בעלער און וועגען משונה'דיג־ווילדער געלד פארשווענ־דעניש.

— באבראוו'ס הארץ איז קאלט געווארען און האט זיך ביז וועהטאג צונויפגעדריקט. אין דער שטיל האט ער א־יפגעזוכט

זיין הוט און איז פארזיכטיג ארוים אויפ'ן גאניק. זיין אוועקגעהן וואלט סיי־ווי־סיי קיינער ניט באמערקט.

און ווען ער איז מיט א היבשען גאלאפ געפאהרען אהיים, און האט זיך פארגעשטעלט נינא'ס טונקעלע, פאר'חלומ'טע אויגען, בשעת זי האט ווי פון שלאף געשעפטשעט „דריי הונדערט טויזענט!“ האט ער זיך פלוצלונג דערמאנט אויף דעם אנעקדאט, וואס סוויעזשעווסקי האט אין דער פריה דערצעהלט.

— אט א די וועט זיך אויך קענען פארקויפען! — האט ער א שעפטשע געטאן, האט פיבערדיג פארביסען די צייהן און האט א צורייצטער א קלאפ געטאן פארוואטער'ן מיט דער בייטש איבער'ן האלז.

.5

ווען באבראוו איז צוגעפאהרען צו זיין קווארטיר, האט ער באמערקט ווי עס לייכט זיך אין זיין פענסטער. „אפנים, אז דער דאקטאר איז געקומען און וואלגערט זיך אויפ'ן דיוואן און ווארט ביז איך וועל קומען“, האט ער א טראכט געטאן און האט איינגעהאלטען דעם פארשוויצטען פערד. אין באבראוו'ס איצטיגער שטימונג איז דער דאקטאר גאלדבערג געווען דער איינציגער מענש, וועמעס אנוועזענהייט ער האט געקאנט פארטראגען אהן א קרענקליכער אויפרעגונג.

ער האט מיט'ן גאנצען הארצען ליעב געהאט אט דעם זארגלאזען, שטילען דיקען מענשען פאר זיין אייגענארטיגען שכל, פאר זיין איינגעלשער לעבהאפטיגקייט פון כאראקטער און פאר זיין גוטמוטיגער לײדענשאפט צו ויכוחים פון אז אבסטראקטען מין. וואס פאר א פראגע באבראוו זאל ניט באריהרען, פלעגט דער דאקטאר גאלדבערג שטענדיג שטעלען זיך אנטקעגען מיט דעם זעלבען איינטערעס צו דער פראגע און מיט דעם זעלבען ברען. און כאטש צווישען זיי, און זייערע שטענדיגע ויכוחים זיינען ביז אויף היינטיגען טאג פארבליבען ווידערשפרעכונגען, דאך פלעגען זיי זיך לאנגווייליגען איינער אהן דעם צווייטען און פלעגען זיך זעהן כמעט אלע טאג.

דער דאקטאר איז טאקע געלעגען אויפ׳ן דיוואן, פארוואָרפען א פוס אויפ׳ן ווענטעל און האט געלייענט עפעס א בראשורע, האלטענדיג זי נאהענט צו זיינע קורצזיכטיגע אויגען. מיט א פלינקען בליק האט באבראוו א לויף געטאן איבער׳ן רוקען פון דער בראשורע, און האט דערקענט „מעוויאוסעס לעהר־קורס פון מעטא־לורגיע” און האט א שמייכעל געטאן. ער האט גוט געקאנט דעם דאקטאר׳ס געוואוינהייט צו לייענען מיט׳ן זעלבען חשק, און אלע מאל פון מיטען, אלץ, וואס איהם פלעגט קומען צו דער האנט.

— און איך האב דא אהן אייך געבאלעבאטעוועט מיט׳ן טהע, — האט דער דאקטאר געזאגט און האט אן א זייט א ווארף געטאן דאס ביכעל, און איבער דיברילען האט ער א קוק געטאן אויף באבראוו׳ן. — נו, ווי אזוי טאנצט זיך ביי אייך, מיין אנדרעי אי־ליטש? אר־און, ס׳ארא בייזער איהר זייט. וואס? ווידער די פרעהליכע מעלאנכאליע?

— אך, דאקטאר, ס׳איז שלעכט צו לעבען אויף דער וועלט, — האט באבראוו א מידער געזאגט.

— וואס איז דען, ברודער׳ל?

— אזוי זיך... אין אלגעמיין... אלצדינג איז שלעכט. נו, דאק־טאר, און וואס איז מיט אייער האספיטאל?

— מיט אונזער האספיטאל איז גארניט... ער לעבט. היינט איז געווען זעהר אן אינטערעסאנטער כירורגישער צופאל. אויף מיין ווארט, עס איז קאמיש און ריהרענדיג. שטעלט אייך פאר: היינט אין דער פריה קומט צוגעהן א בחור, פון די מאסאלער מויערער. די מאסאלער חברה, וועמען פון זיי דו זאלסט ניט נעהמען, זיינען גבורים — איינס אין איינס. „וואס איז דיר?” פרעג איך. „אט, הער דאקטאר, כ׳האב געשניטען ברויט פאר דער ארטעל, האב איך מיט׳ן מעסער אביסעל איינגעשניטען דעם פינגער, און איך קען גארניט איינגעהמען די האנט”. איך האב באטראכט זיין האנט. א קליינער קראץ, ס׳איז גארנישט, ס׳האט נאר א ביסעל אנגעריסען און איך הייס דעם פעלדשער צולעגען א פלאסטער. איך זעה אבער, אז מיין בחור געהט ניט אוועק. „נו, וואס דארפסטו

דא נאר? מען האט דיר פארקלעפּט די האנט, טו געה זיך". „יא, זאָגט ער, איהר'ט מיך פאַרקלעפּט, זאָל אייך גאָט געבען געזונט. אָבער אַט וואס: ביי מיר שפּאַלט זיך דער קאָפּ; טראַכט איך, אַז פאַר איינוועגס וועט איהר מיר געבען עפּעס צום קאָפּ". „וואס איז מיט דיין קאָפּ? – אימיצער האָט דיר אָפּגים אַ זעץ געטאָן?" דער בחור האָט זיך דערפרעהט און האָט זיך הויך צעלאַכט. „או, זאָגט ער, אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. דאָ ניט לאַנג, יום־טוב (דאָס איז, דאַכט זיך, געווען מיט דריי טעג צוריק), האָבען מיר אַ הוליע געטאָן מיט'ן גאַנצען אַרטעל, און וויין האָבען מיר אויס־געטרונקען אַז עמער אַנדערהאַלבען; נו, האָבען חברה גענומען שטיפען צווישען זיך... נו, און איך אויך. אָבער שפּעטער... מ'קען זיך דען פונאַנדערקלייבען אין אַ געשלעג? אַז מ'האָט מיר אַ זעץ געטאָן מיט אַ זעג איבער'ן שאַרבען... מ'האָט עס צורעכט גע־מאַכט, הייסט עס... אין אָנהויב איז עס גאַרנישט ניט געווען, ס'האָט ניט וועה געטאָן, אָבער איצטער שפּאַלט זיך מיר דער שאַר־בען." איך נעהם אַרומקוקען זיין שאַרבען, און וואָס זשע מיינט איהר? — איך האָב זיך דערשראָקען אויף טויט! דער שאַרבען איז דורכגעלעכערט אויף דורך און דורך, אַ לאָך, ווי אַ קופּערנער פּיאַטאַקעל די גרויס, און די שטיקלאַך ביין האָבען זיך אַריינגע־שניטען אין מאַרך אַריין... איצטער ליעגט ער אין האָספּיטאַל אַהן באוואוסטזיין. איך וועל אייך זאָגען, ס'איז אַ מערקווירדיג פאָלק: זיי זיינען קינדער און העלדען אין איינער און דערזעלבער צייט. אויף מיין וואָרט, איך שפּאַס ניט, ווען איך טראַכט, אַז נאָר אַ רוסי־שער גערולדיגער פויער קען אַריבערטראָגען, ווען מען מאַכט איהם אַזוי צורעכט דעם שאַרבען. אַן אַנדערער וואָלט אויסגעגאַנגען אויפ'ן אָרט. דאָ, וואָס פאַר אַ נאַאיווע גוטמוטיגקייט: „מ'קען זיך דען פונאַנדערקלייבען אין אַ געשלעג?"... ווייס דער טייוועל, וואָס דאָס איז!

באַבראָוו איז היין און צוריק אַרומגעגאַנגען איבער'ן צימער, האָט געקנאַקט מיט דער בייטש איבער די כאַליעוועס פון זיינע הויכע שטיוועל און האָט, אַ צושטרייטער, אויסגעהערט דעם דאָק־

מאר. דאס ביטערע געפיהל וואס ער האט געקראגען ביי די זינגע־
קא'ס האט זיך נאך ביז איצטער נים געקאנט איינשטילען.

דער דאקטאר איז אויך א ווילע אנטשוויגען געווארען, און זעהענדיג אז באבראוו איז ניט גענויגט צו ריידען, האט ער פאר־זארגט א זאג געטאן:

— ווייסט איהר וואס, אנדרעי איליטש? לאמיר זיך פרואווען צולעגען אויף א רגע'לע שלאפען, און מיר וועלען א נעהם טאן אויף דער נאכט א לעפעלע אדער צוויי לעפעלאך בראם. ס'איז געזונט צו אייער איצטיגער שטימונג, און קיין שאדען וועט אייך פון דעם סיי־ווי־סיי ניט זיין...

זיי האבען זיך ביידע געלעגט אין איין צימער: באבראוו אויפ'ן בעט, און דער דאקטאר אויפ'ן זעלבען דיוואן, וואו ער איז פריהער געלעגען. נאר זיי האבען ביידע ניט געקאנט איינשלאפען. גאלדבערג האט לאנג געהערט אין דער פינסטער ווי באבראוו האט געזיפצט און האט זיך געדרעהט פון איין זייט אויפ'ן צווייטען, און האט, צום סוף, דער ערשטער אנגעהויבען ריידען.

— נו, וואס איז אייך, טהייערער? נו, וואס פייניגט איהר זיך? שוין בעסער אז איהר זאלט גלייך זאגען, וואס עס מאטערט אייך? ס'וועט גרינגער ווערען. איך בין דאך אייך ניט קיין פרעמדער מענש, און ניט פון פוסטער נייגעריקייט פרעג איך זיך ביי אייך פונאנדער.

די פשוט'ע ווערטער האבען באבראוו'ן געריהרט. כאטש ער מיט'ן דאקטאר זיינען פארבונדען געווען כמעט מיט חבר'שע באַ־ציהונגען, פונדעסטוועגען האט נאך קיין איינער פון זיי ביז איצט מיט א ווארט דאס הויך ניט אונטערגעשטראכען: זיי זיינען ביי־דען געווען פיהלענדע מענשען און האבען זיך געשראקען פאר דער שטעכיגער חרפה פון געגענזייטיגע ערקלעהרונגען. דער דאקטאר האט דער ערשטער געעפענט זיין הארץ. די נאכטיגע פינסטערניש און דער רחמנות צו אנדרעי איליטש'ען האבען צו דעם געהאלפען.

— אלצדינג איז מיר שווער און נמאס, אסיפ אסיפאוויטש, —

האט זיך באַבראַוו שטיל אָפּגערופן. — דאָס ערשטע וואָס מיר איז נמאס איז דאָס, וואָס איך דין אויף דער פאַבריק און באַקום פאַר דעם גרויסע געלט, און די גאַנצע אַרבייט אויף דער פאַבריק איז מיר דאָך נמאס און לאַנגווייליג! איך האַלט זיך פאַר אַן ערלי־כען מענשן, און דעריבער פרעג איך זיך אַליין: וואָס טוסטו? וועמען ברענגסטו דאָ נוצן? איך הויב זיך אַן פונאַנדערקלייבן אין די פראַגן, און איך זע,, אַז צו פאַרדאַנקען מיין אַרבייט וועלן מיט דער צייט אַ הונדערט פראַנצויזישע קרעמער ווערן באַנקירן און אַ צענדליג דורכגעטריבענע רוסישע היצקעפּ אַריינ־לעגן מיליאָנען אין זייערע קעשענע. און קיין אַנדער ציעל און קיין אַנדער זין זע איך ניט אין מיין אַרבייט, צוליעב וועלכער איך האָב דער׳הרג׳עט די בעסטע העלפט פון מיין לעבן!...

— נו, דאָס איז שוין אפילו לעכערליך, אַנדרעי איליטש, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט און האָט זיך אַ קעהר געטאָן אין דער פינסטער מיט׳ן געזיכט צו באַבראָוו׳ן. — איהר פאָדערט, אַז עפּעס „בורזשויען״ זאָלען ווערען דורכגעדרונגען מיט הומאַניטאַרע אינטערעסען. מיין פריינד, זינט די וועלט שטעהט, ווערט אַלעס געטריבען פאָראויס מיט׳ן בויך; אַנדערש איז דאָס ניט געווען און עס וועט אַנדערש ניט זיין. נאָר דער גאַנצער תוך איז אין דעם, דאָס איהר זאָלט אַ שפּיי טאָן אויף די אַלע בורזשויען, ווייל איהר שטעהט אַ סך העכער פון זיי. צי איז פאַר איך ווייניג אייער מור־טיגער און שטאָלצער באַוואוסטזיין, אַז איהר טרייבט פאָראויס. איך וועל זיך אויסדריקען מיט דער שפּראַך פון די לייט־אַרטיקלען, „דעם רייטוואַגען פון פּראָגרעס״? כאַפּט עס דער טייוועל! די אַקציעס פון די שיף־געזעלשאַפטען ברענגען אַריין קאָלאָסאַלע די־ווידענדען, שטערט דען דאָס פּולטאַנ׳ען צו רעכענען זיך פאַר אַ וואויל־טוער פון דער מענשהייט?

— אָך, דאָקטאָר, דאָקטאָר, — האָט זיך באַבראָוו אַ קנייטש געטאָן פון פאַרדרוס. — איהר זייט, דאַכט זיך, היינט ניט געווען ביי די זינענקאָ׳ס, אָבער זייער לעבענס־חכמה האָט פּלוצלונג אָנ־געהויבען ריידען מיט אייערע ליפּען. אַ דאַנק גאָט, איך דאַרף

ניט געהן ווייט פאר ארגומענטען, ווארים איך וועל אייך באלד צע־קלאפּען מיט אייער גאנצער ליעבער טעאריע.

— דאס הייסט, מיט וועלכער טעאריע?... ערלויבט מיר... איך געדענק עפּעס ניט, וועגען וועלכער טעאריע מיינט איהר... טייערער... כ'האב עפּעס פארגעסען...

— איהר האט פארגעסען? און ווער האט אט־א־דא טאקע, אויפ'ן זעלבען דיוואן געשריען מיט שוים אויף די ליפּען, אז מיר, אינזשעניערען און ערפינדער, פארשנעלערען מיט אונזערע ערפינ־דונגען דעם פולס פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען, ביז דער פיי־בערהאפטער שנעלקייט? און ווער האט פארגליכען אט־א־דאס לעבען מיט'ן צושטאנד פון דער חיה, וועלכע איז אריינגעלעגט אין א גלעזערנער כלי מיט זויער־שטאף? א, איך געדענק זעהר גוט אייער שרעקליכען חשבון איבער די קינדער פון'ם צוואנציג־סטען יאהרהונדערט, די נעווראסטעניקער, משוגעים, איבערגע־מידטע, זעלבסטמערדער, און ווי איהר האט זיי געווארפען אין די אויגען פון אט די זעלבע וואוילטוער פון דער מענשהייט. דער טע־לעגראף, דער טעלעפאן, די הונדערט און צוואנציג מייליגע צוגען, האט איהר געזאגט, האבען פארקירצט די צייט און רוים ביז א מי־נימום, — האבען עס געמאכט צו גארנישט... די צייט איז אזוי טייער געווארען, אז אין גיכען וועט מען די נאכט פארוואנדלען אין א טאג, ווייל עס פיהלט זיך שוין די נויטווענדיגקייט אין אזא פארטאפּעלטען לעבען. אן אונטערנעהמונג, וואס האט פריהער געפאדערט גאנצע חדשים ווערט איצטער פארטיג אין א פינף מינוט. נאר אפילו אזא טייוועלשע שנעלקייט שטעלט שוין אויך ניט צופרידען אונזער אומגעדולדיגקייט. אינגיכען וועלען מיר איי־נער דעם צווייטען זעהן דורך א דראט אויף א שטרעקע פון הונ־דערטער און טויזענדער מייל!... און אינגאנצען ערשט מיט א יאהר פופציג צוריק, ווען אונזערע זיידעס פלעגען זיך קלייבען פון דארף צו באזוכען די „גובערניע שטאט“, פלעגען זיי זיך ניט איי־לען: פלעגען פריהער געהן אין קלויסטער אריין תפלה טאן, און פלעגען זיך באזארגען מיט עסען, אז עס וואלט געקלעקט אויף א

רייזע קיין נארד־פאָל... און מיר טראָגען זיך פאַראויס און פאַראויס פאַרטויבט פונ׳ם געוויש און געוודער פון די משונה׳דיגע מאַשי־נען, משוגע פון דעם ווילדען לויפען, מיט צורייצטע נערוועז, מיט אַ פאַרקערטען קרענקליכען געשמאַק און מיט טויזענדער אַנדערע נייע קראַנקהייטען. איהר געדענקט, דאָקטאָר? דאָס אַלץ זיינען אייערע רייד, פאַרטיידיגער פונ׳ם וואוילטעטיגען פּראָגרעס!

דער דאָקטאָר האָט אומזיסט געפּרואווט שוין עטליכע מאָל ענטפערען, און איצטער האָט ער זיך באַנוצט מיט דער מינוט, וואָס באַבראָוו האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם.

— נו, יאָ, נו יאָ, טייערינקער. דאָס אַלץ האָב איך געזאָגט, — האָט דער דאָקטאָר זיך געאיילט, אָבער ניט אינגאַנצען זיכער. — דאָסזעלבע שטרייך איך דאָך אונטער אויך איצטער. טייערער, מען מוז זיך דאָך צופּאַסען. ווי קען מען אַנדערש לעבען? אין יעדער פּראָפעסיע זיינען פאַראַן עפּעס גליטשיגע זייטען. אָט, צום ביי־שפּיעל, נעהמט כאָטש אונז, דאָקטוירים... איהר מיינט דאָך אודאי, אַז ביי אונז געהט זיך אַלץ גלאַט און דייטליך, אַזוי ווי אין ביי־כעל? אָבער אויסער דער כירורגיע ווייסען מיר דאָך קיין איין זאַך ניט אויף זיכער. מיר טראַכטען אויס נייע רפואות און נייע סיסטעמען, נאָר מיר פאַרגעסען אינגאַנצען, אַז פון טויזענד אָר־גאַניזמען זיינען ניטאָ קיין צוויי, כאָטש אויף וויפיעל ניט איז עהנליך מיט זייער בלוט, מיט דער טעטיגקייט פון הארצען, מיט די גע׳ירש׳ענטע באַדינגונגען, און דער טייוועל ווייס נאָך מיט וואָס! מיר האָבען זיך דערוויטערט פון דעם אייגציגען טעראַפּעטישען וועג, — פון דער מעדיצין פון חיות און מכשפים; מיר האָבען פאַרפּלייצט די פאַרמאַקאָפּעיע מיט אַלערליי קאָקאַאינען, אַטראָפּי־נען, פענאַצעטינען, נאָר מיר האָבען אויסגעלאָזען פון אויג, אַז אויב מען זאָל געבען אַ מענשען אַביסעל ריינע וואַסער און מען זאָל איהם גוט פאַרזיכערען, אַז דאָס טרינקט ער אַ שטאַרקע רפואה וועט דער פּשוט׳ער מענש געזונט ווערען. אין דער זעלבער צייט ווערען אין אונזער פּראַקטיקע ניינציג פון הונדערט פאַלען, געהאָל־פען נאָר מיט דער איין פאַרזיכערונג, מיט׳ן איינפלוס פון אונזער

פראפעסיאנעלען פריסטערליכען שטעל. איהר וועט גלויבען? איי־נער א גוטער דאקטאר, און אין דערזעלבער צייט א קלוגער און ער־ליכער מענש, האט זיך פאר מיר מודה געווען, אז די יעגער היילען זייערע הינט א סך ראציאנעלער, איידער מיר — מענשען. זיי הא־בען דארט איין מיטעל — שוועבעל בליטה, עס שאדט ניט, אבער אפטמאל טרעפט, אז עס העלפט... טייערער, אפשר ניט קיין אנ־גענעהם בילדעל? פונדעסטוועגען טוען מיר אלץ וואס מיר קע־נען... אנדערש טאר מען ניט, טייערינקער: דאס לעבען פאדערט קאמפראמיסען... אז אנדערש מאל, כאטש מיט'ן אנשטעל פון אז אלוויסענדען אווגור, אבער דו פארלייכטערסט דאך פארט א מענ־שענ'ס יסורים. און א דאנק דערפאר אויך.

— יא, קאמפראמיסען זיינען קאמפראמיסען, — האט באב־ראוו געענטפערט מיט א בייזען קול, — פונדעסטוועגען האט איהר היינט ארויסגעשלעפט די ביין פון מארד ביים מאסאלער מויערער...

— אך, ברודער'ל, וואס פאר א ווערט האט דא איין פאררינג־טער שארבען? באטראכט נאר, וויפיעל מיילער גיט איהר עסען און וויפיעל הענט גיט איהר ארבייט! נאך אין אילאוואיסקי'ס גע־שיכטע פון רוסלאנד ווערט דערצעהלט, אז דער צאר באריס האט געוואלט געפינען חן ביי די פאלקס־מאסען, האט ער אין די הונגער יאהרען אונטערגענומען צו בויען גרויסארטיגע פאליטישע געביידען. עפעס אין דעם זין... נעמט זשע און רעכענט אויס, וואס פאר א קאלא־סאלע סומע פון נוצען ברענגט איהר...

ביי די לעצטע ווערטער האט באבראוו'ן ווי אונטערגעהויבען פון בעט, און ער האט זיך פלינק אוועקגעזעצט און האט ארונטער־געלאזען פון בעט די נאקעטע פיס.

— נוצען? — האט ער א ווילדער אויסגעשריען. — איהר רעדט צו מיר וועגען נוצען? אין אזא פאל, אויב שוין יא ברענ־גען חשבונות וועגען נוצען און שאדען, לאזט זשע מיך; איך וועל אייך ברענגען א קליינע סטאטיסטישע בלעטעל. — און ער האט אנגעהויבען מיט א געמאסטענעם שארפען טאן אזוי, ווי ער וואלט גערעדט פון א בימה. — עס איז שוין באוואוסט פון לאנג, אז אין

די אייזען און אין די קויהלען־מינען, אין די מעטאל־פאבריקען, און אין אלע גרויסע פאבריקען, ווערט פארקירצט דעם ארבייטער'ס לע־בען, כמעט אויף א גאנצען פערטעל. איך רייד שוין נים פון די אומגליקס־פאלען ביי דער שווערער אוממענגליכער ארבייט. איך, אלס א דאקטאר, איז באקאנט מעהר איידער מיר, וואס פאר א גרויסער פראצענט ליידען פון סיפילים, שכרות, און פון דעם משונה'דיג בימערען לעבען אין אזעלכע פארשאלטענעביידלאך און ערד־שטיבלאך... ווארט צו, דאקטאר, איידער איהר וועט מיר ענטפערען. דערמאנט זיך, איהר האט געזעהן אויף דער פאבריק א סך ארבייטער, וועלכע זיינען עלטער פון פערציג—פינף־און־פער־ציג יאהר? איך האב זיי זיכער נישט באגעגענט. מיט אנדערע ווערטער קומט אוים, אז דער ארבייטער גיט אוועק דעם אונטער־נעהמער זיינע דריי חדשים לעבען אין א יאהר, א וואך — אין א חודש, אדער, קירצער, זעקס שעה אין א טאג... איצטער הערט ווייטער... ביי אונז, ארום די זעקס דאמענע איוועגס, זיינען פאר־נומען ארום א דרייסיג טויזענד מענשען — דעם צאר באריס'ען האבען זיך אפילו נים גע'חלומ'ט אזעלכע ציפערען! דרייסיג טויזענד מענשען, וועלכע אלע צוזאמען, אזוי צו זאגען, פארברענ־גען אין א מעת־לעת הונדערט און אכציג טויזענד שעה פון זייער אייגענעם לעבען; דאס הייסט, זיבען מיט א האלבען טויזענד טעג, דאס הייסט, סוף־כל־סוף, וויפיעל יאהר קומט דא אוים?

— ארום צוואנציג יאהר! — האט דער דאקטאר נאך א קור־צען שווייגען אונטערגעזאגט.

— ארום צוואנציג יאהר אין א מעת־לעת! — האט באבראוו אויסגעשריען. — צוויי מעת־לעת פרעסען אויף א גאנצען מענשען. צום טייוועל זאל דאס געהן! איהר געדענקט פון דער ביבעל, ווי דארטען פלעגען עפעס אשורים אדער מואבים ברענגען מענשליכע קרבנות פאר זייערע געטער? אבער אט די קופערנע הערען, מולך און דגון, וואלטען דאך רויט געווארען פאר חרפה און שאנד פאר יענע ציפערען, וואס איך האב אקארשט געבראכט...

אט אזא אייגענארטיגע מאטעמאטיק איז באבראוו'ן ערשט

איצטער איינגעפּאַלען (ער, ווי אַ סך אַנדערע זעהר פּיהלענדע מענ־שען, פלעגט געפינען נייע געדאַנקען נאָר אין מיטען אַ געשפּרעך). פונדעסטוועגען האָט איהם אַליין און אויך גאָלדבערג׳ען איבער־ראַשט אַזאַ אָריגינעלער חשבון.

— צום טייוועל, איהר האָט מיר צוטומעלט! — האָט דער דאָקטאָר זיך אָפּגערופען פון׳ם דיוואַן, — כאָטש די ציפערען קע־נען זיין ניט ריכטיג...

— און אייך איז באַוואוסט, — האָט באָבראָוו נאָך מיט מעהר פייער גערעדט ווייטער, אייך איז באַוואוסט אַז אַנדער סטאַטיסטי־שע טאַבעלע, מיט וועלכער איהר קענט, מיט אַ טייוועלשער פּינקט־ליכקייט אויסרעכענען, מיט וויפיעל מענשליכע לעבענס וועט זיך באַגעהן יעדער טראַט פאָראויס פון אייער טייוועלשען רייטוואַ־גען, — יעדע ערפינדונג פון עפּעס אַן אומגעלומפּערטען זייהער, דרעשער, אָדער רעלסען־וועגעלע? מען קען ניט זאָגען, אייער ציווי־ליזאַציע איז אַ גוטע, אויב מען קען איהרע פרוכט אויסרעכענען מיט ציפערען, וואו אין דער פאָרם פון אַן איינס שטעהט אַ מאַשין, און אין דער פאָרם פון אַ נול — אַ גאַנצע רייה פון מענשליכע לע־בענס!

— הערט מיך אויס, טהייערינקער, — האָט דער דאָקטאָר גע־ענטפערט אַ צעטומעלטער פון באָבראָוו׳ס היציגקייט, — אויב אַזוי קומט אויס, נאָך אייער מיינונג, אַז ס׳איז בעסער מיר זאָלען זיך צוריקקעהרען צו דער פּאַרצייטיגער אַרבייט, אָדער וואָס? פאַר־וואָס נעמט איהר כסדר די שוואַרצע זייטען? ניט קוקענדיג אויף אייער מאַטעמאַטיק, איז דאָך ביי אונז, אין דער פאַבריק, פאַראַן אַ שולע און אַ קלויסטער און אַ גוטער האָספּיטאַל און אַ געזעל־שאַפט פון קליינעם קרעדיט פאַר די אַרבייטער...

באָבראָוו איז אינגאַנצען אַרונטערגעשפּרונגען פון בעט און האָט גענומען לויפען אַ באַרוועסער איבער׳ן צימער.

— און דער האָספּיטאַל אייערער, און די שולע, זיינען גאָר־נישט מיט גאָרנישט! אַ קינדערשע צאַצקע פאַר אַזעלכע הומאַ־ניסטען ווי איהר, — עפּעס נאָכגעבען דער געזעלשאַפטליכער מיי־

נונג... אויב איהר ווילט, וועל איך אייך זאגען, ווי אזוי מיר קוקען אויף דעם אין דער אמת'ן... איהר ווייסט וואס עס באדייט פיניש?

— פיניש? דאכט זיך, אז דאס האט עפעס א שייכות מיט פערד, צי וואס? עפעס אזוינס אויפ'ן לויף־וועט?

— יא, אויפ'ן לויף־וועט. פיניש — רופט מען אן די לעצטע הונדערט קלאפטער פאר'ן מייל־שטאנג. דער פערד דארף זיי דורכ־לויפען מיט דער גרעסטער שנעלקייט; הינטער'ן שטאנג קען ער אפילו פגר'ן. פיניש מיינט די העכסטע, מאקסימאלע אנשטרענגונג פון כחות, און, כדי ארויסצוציהען פונ'ם פערד דעם פיניש, שמייסט מען איהם ביז בלוט... איז אט, אזוי זיינען מיר. און ווען דער פיניש איז שוין ארויסגעצויגען און די קליאטשע איז געפאלען מיט א צובראכענעם רוקען און מיט צע'הרג'עטע פיס — איז צום טייוועל מיט איהר, זי טויג שוין מעהר אויף גארנישט ניט! אט געהט יעמאלט טרייסטען די געפאלענע קליאטשע אויפ'ן פיניש, מיט אייערע שולען און מיט אייערע האספיטאלען... דאקטאר, איהר האט ווען עס איז געזעהן די גום און די רעלסען ארבייט? אויב איהר האט געזעהן, דארפט איהר וויסען, אז אזא ארבייט פאדערט א שרעקליכע קראפט פון די נערווען, שטאלענע מוסקלען און פלינקייט פון א צירק־ארטיסט... איהר דארפט וויסען, אז עטליכע מאל א טאג מיידט יעדער מייסטער אוים די טויט־געפאהר נאר א דאנק זיין מערקווירדיגען וואכזאמען שכל... און איהר ווילט וויסען וויפיעל באקומט אזא ארבייטער פאר זיין ארבייט?

— פונדעסטוועגען, כל זמן עס שטעהט די פאבריק, איז די ארבייט פון דעם ארבייטער פארזיכערט, — האט גאלדבערג אן איינגעשפארטער געזאגט.

— דאקטאר, רעדט ניט קיין נאאיווע זאכען! — האט באבראוו אויסגעשריען זעצענדיג זיך אויף דער ראהם פון פענסטער. — איצטער איז דער ארבייטער, מעהר ווי ווען עס איז, אפהענגיג פון דער נאכפראגע אויף די מערק, פון דער ספעקולאציע אויף די בער־

זען און פון פארשיידענע הינטער־קוליסען־אינטריגעס. יעדע ריע־זינע אונטערנעהמונג, איידער נאך עס געהט אוועק, קאן אנצעהלען א דריי אדער א פיער מתים־פאטראנען. אייך איז באוואוסט, ווי אזוי עס האט זיך געגרינדעט אונזער געזעלשאפט? א קליינע קאמ־פאניע קאפיטאליסטען האבען זי געגרינדעט מיט מזומן געלט. פריהער האט מען גערעכענט מאכען דעם געשעפט אויף א קליינעם מאסשטאב. אבער א גאנצע באנדע אינזשעניערען, דירעקטארען און ליפעראנטען האבען פארשווענדט דעם קאפיטאל אזוי גיך, אז די אונטערנעהמער האבען אפילו קיין צייט נים געהאט זיך ארומ־צוקוקען. מען האט אויפגעבויט ריעזיגע געביידען, וועלכע האבען זיך שפעטער ארויסגעוויזען, אז זיי טויגען ניט... די קאפיטאלע געביידען זיינען אוועק, ווי מען זאגט ביי אונז, אויף פלייש, דאס הייסט, מען האט זיי צוריסען מיט דינאמיט. און שפעטער, ווען די אונטערנעהמונג האט אנגעהויבען אריינטראגען צעהן פראצענט אויף'ן רובעל, ערשט יעמאלט האט מען זיך געכאפט, אז דאס גאנצע געזינטעל האט געארבייט מיט א סיסטעם, וואס איז געווען נאך פון פריהער פארטראכט, און אז פאר איהר נידערטרעכטיגער ארבייט, האט זי באקומען געהאלט פון א צווייטער, פון א רייכערער און פון א מעהר געשיקטער קאמפאניע. איצטער געהט דאס גע־שעפט אויף א סך א גרעסערען מאסשטאב; נאר מיר איז גוט באַ־קאנט, אז ביים באנקראט פונ'ם ערשטען האבען די אכט הונדערט ארבייטער ניט באקומען זייער געהאלט פאר צוויי חדשים. אט האט איהר א פארזיכערטע ארבייט! זאלען נאר די אקציעס פאלען אויף דער בערזע, אזוי וועט זיך דאס תיכף אפרופען אויף דעם אר־בייטער'ס לוין. און איך מיין אז איהר ווייסט זעהר גוט ווי אזוי עס הויבען זיך און פאלען די אקציעס אויף דער בערזע! איך דארף נאר קומען אין פעטערבורג און א שעפטשע טאן דעם מעקלער, אז אט, זעהסטו, איך וויל פארקויפען אקציעס אויף א דריי הונדערט טויזענד, „אבער, למען השם, צווישען אונז זאל עס בלייבען, איך וועל שוין בעסער זעהן באצאהלען אייך א גוטען קורטאזש, אבער, איהר זאלט שווייגען...” דערנאך א שעפטשע טאן דאס זעלבע

א צווייטע און א דריטע מעקלער, אין דער שטיל, און די אקציעס וועלן תיכף פאלן אויף עטליכע צענדליג רובל... און וואס גרעסער דער סעקרעט איז, אלץ געשווינדער און זיכערער וועלן פא־לען די אקציעס... א גוטע פארזיכערונג!...

מיט א שטארקער באוועגונג פון דער האנט האט באבראוו מיט אמאל פונאנדערגעעפענט דאס פענסטער. אין צימער האט זיך אריינגעריסן די קאלטע לופט.

— גיט א קוק, גיט א קוק אהער, דאקטאר, — האט אנדרעי איליטש א געשריי געטאן, און האט באוויזן מיט'ן פינגער אין דער ווענדונג פון דער פאבריק.

גאלדבערג האט זיך אויפגעהויבן אויפ'ן עלנבויגן און האט אריינגעקוקט מיט די אויגן אין דער נאכטיגער פינסטערניש, וואס האט ארויסגעקוקט פון פענסטער. איבער'ן גאנצן ריזיגן שטח וואס איז געלעגן צושפרייט אין דער ווייט, האבן זיך גערויטעלט אהן א צאהל פונאנדערגעווארפענע בערג פון צעגליהטע קאלך און אויף זייערע שפיצן האבן אלע ווייל אויפגעפלאמט בלויליכע און גרינע פייערן... דאס האבן געברענט די קאלך־אויוועגס.*)

איבער דער פאבריק איז געשטאנען א גרויסער, רויטער, זיך וויגענדיגער פלאם. אויף זיין בלוטיגן גרונט האבן זיך שלאנק און דייטליך געמאלן די טונקעלע שפיצן פון די הויכע קוימענס, בעת די אונטערשטע טיילן זייערע האבן זיך צעשוואומען אין דעם גרויען נעבעל, וואס איז געגאנגען פון דער ערד. די אויפגעעפענטע מיילער פון אט די ריזען האבן נאכאנאנד ארויסגעלאזן געדיכטע קנוילן רויך, וועלכע האבן זיך צונויפגעמישט אין איין כאאטישן וואלקן, וואס איז לאנגזאם געקראכן צום מזרח, א וואלקן — ערטערווייז

*) די קאלך־אויוועגס ווערן געמאכט אויף אזא אופן: מען לייגט צוזאמען פון קאלך־שטיינער א בארג, די הויך פון א מענשען, און מען ברענט עס פונאנדער מיט האלץ אדער מיט שטיין־קוילען. דער בארג ברענט זיך פונאנדער אין א וואך צייט, ביז וואנען פון די קאלך־שטיינער ווערט ניט פארלאשענער קאלך.

וויס, ווי שטיקער וואטע, ערטערווייז שמוציג־גרוי און ערטער־ווייז געלבלאך ווי דער קאליר פון אייזן־ראסט. איבער די דינע, לאנגע רויך־אפּוועגדער האבן געפלאטערט און געוואקעלט זיך, גרויסע שטורקאצען העלע סנאפּעס ברענענדיגען גאז. פון זייער אומרוהיגען אפּשיין האט דער רויך וואלקען וואס איז געהאנגען איבער דער פאבריק, געצונדען זיך און געלאשען זיך, און האט אויס־געזעהן שרעקליך און משונה'דיג. פון צייט צו צייט, ווען פונ'ם הילכיגען קלאנג פון דעם סיגנאל האמער, פלעגט זיך ארונטערלאזען די דעק פון דעם דאמענעם אויוועז, האט זיך פון זיין עפענונג, ווי פון א מויל, ארויסגעריסען מיט א רעוועז, ווי פון א ווייטען דונער, א גאנצער שטורעם פון פלאם און רויך ביז צום הימעל. יעמאלט איז די גאנצע פאבריק, אויף עטליכע רגע'ס, שארף און שרעקליך ארויסגעטראטען פון דער פינסטער, און די ענגע רייה פון די שוואר־צע, קייל־עכדיגע קאופערס, האבען אויסגעזעהן ווי די טורעמס פון א לעגענדארען אייזערנעם שלאס. די פייערען פון די קאקסענע אויוועגס האבען זיך געצויגען אין לאנגע, גראדע רייהען. אפטמאל פלעגט איינער פון זיי פלוצלונג אויפפלאמען און פונאנדערברענען זיך ווי א גרויס רויט אויג. די עלעקטרישע פייערען האבען צוגע־געבען דעם פורפורנעם ליכט פון צעגליהטע אייזען, זייער בלוילי־כען, טויטען שיין... א קלאפּען און א גערודער פון אייזען, האט זיך פון דארטען כסדר געטראגען.

פונ'ם פלאם פון די פאבריק־פייערען, האט אין דער פינסטער באבראוו'ס געזיכט אנגענומען א בייזען קופערנעם אויסזעהן; אין זיינע אויגען האבען געגלאנצט העלע, רויטע פלעקען, זיינע צע־שויבערטע האר זיינען אהן אן ארדנונג ארונטערגעפאלען אויפ'ן שטערן, און זיין קול האט געקלונגען הילכיג און צארנדיג:

— אט איז דער מולך, וואס פאדערט ווארעם מענשליך בלוט! — האט באבראוו געשריען, ארויסשטרעקענדיג פונ'ם פענס־טער זיין דינע האנט. א, פארשטעהט זיך, אז דא איז דער פּראָ־גרעס, די ארבייט פון דער מאשין, דער ערפאלג פון דער קולטור... גיט נאר א טראכט, אין גאט'ס ווילען, — צוואנציג יאהר פון מענש־

ליבען לעבען אין א מעת־לעת!... איך שווער פאר אייך, אז עס טרעפען מינוטען, ווען איך פיהל זיך פאר א מערדער!...

— גאטעניו! ער איז משוגע! — האט דער דאקטאר א טראכט געטאן, דערפיהלענדיג ווי איבער זיין רוקען געהט דורך א סקרוך, און ער האט גענומען בארוהיגען באבראוו׳ן.

— טייערער מיינער, אנדרעי איליטש, הערט שוין אויף, מיין ליעבער. נו, וואס דארף מען זיך צוליעב נארישקייטען אויפרעגען. געהט נאר, דאס פענסטער איז אפען און אין דרויסען איז פייכט... לייגט זיך בעסער צו, און איך וועל אייך געבען א ביסעל בראם. — א מאניאק, אן אמת׳ער מאניאק, — האט ער געטראכט און אין דער־זעלבער צייט האט איהם ארומגעכאפט א רחמנות און א שרעק.

באבראוו האט זיך קוים געוועהרט, אפגעשוואכט פון דער אקארשט פארגאנגענער אויפרעגונג. נאר ווען ער האט זיך געלעגט אין בעט האט ער פלוצלונג אויסגעבראכען אין א היסטערישען גע־וויין. און לאנג איז דער דאקטאר ארום איהם געזעסען, האט איהם ווי א קינד געגלעט איבער׳ן קאפ, און האט צו איהם גערעדט די ער־שטע צערטליכע, בארוהיגענדיגע ווערטער, וואס זיינען איהם נאר איינגעפאלען.

.6

אויפ׳ן אנדערען טאג איז פארגעקומען די פייערליכע באגעגע־ניש פון וואסילי טערענטיעוויטש קוואשנין, אויף דער סטאנציע איוואנקאווא. די גאנצע פאבריק־פארוואלטונג איז שוין עלף אזייגער דארטען געווען. דאכט זיך, אז קיינער האט זיך דארטען ניט געפיהלט רוהיג. דער דירעקטאר, סערגעי וואליאנאוויטש שעל־קאווניקאוו האט געטרונקען א גלאז נאך א גלאז זעלצער וואסער, האט אלע ווייל ארויסגעשלעפט דעם זייגער, און איידער ער האט נאך צייט געהאט א קוק צו טאן אויפ׳ן ציפערבלאט, האט ער איהם שוין תיכף מעכאניש צוריק באהאלטען אין טאש. אט די צע־שטרייטע באוועגונג נאר האט ארויסגערופען זיין אומרוהיגקייט. נאר דעם דירעקטאר׳ס זיכערער און אויסגעצערטעלטער פנים פון

א געזעלשאפטליכע מענשען איז פארבליבען רוהיג. עס האבען נאר איינצעלנע מענשען געוואוסט, אז שעלקאווניקאוו איז דער דירעקטאר איבער די אנגעהויבענע געביידען נאר אפיציעל, אויפ׳ן פאפיער, אזוי צו זאגען. אין דער אמת׳ען האט מיט די אלע געשעפ־טען געדרעהט דער בעלגישער אינזשעניער אנדרעא, א האלבער פאליאק און א האלבער שוועד נאך זיין נאציאנאליטעט, וועמעס ראלע אויף דער פאבריק עס האבען די ניט־אויסדערוועהלטע בשום אופן ניט געקאנט פארשטעהן. די קאבינעטען פון די ביידע די־רעקטארען האבען זיך געפונען איינער ארום דעם אנדערען און פאראייניגט דורך א טיר. שעלקאווניקאוו האט אויף קיין איין וויכטיגען פאפיר ניט געוואגט ארויפצולייגען א רעזאלוציע, ער זאל זיך ניט רעכענען מיט א באשטימטען צייכען וואס אנדרעא׳ס האנט האט געמאכט מיט א בלייפעדער, ערגעץ אויף א ברעג פונ׳ם פאפיר. אין אן אויסערגעוועהנליכען צופאל, ווען עס איז אוממעג־ליך געווען צו באראטען זיך, פלעגט שעלקאווניקאוו אויסקוקען פאר־זארגט, און פלעגט ענטפערען יעדען אין א נאכלעסיגען טאן:

— אנטשולדיגט מיך... איך קען אייך בשום אופן ניט שענקען אפילו קיין איין מינוט... איך בין פארנומען ביז׳ן האלז... זייט אזוי גוט און ערקלעהרט אייער זאך דעם הער אנדרעא, און ער וועט שוין שפעטער מיר דאס איבערגעבען דורך א באזונדערער שריפט.

אנדרעא׳ס פארדינסטען ביי דער פארוואלטונג זיינען געווען אהן א צאהל. פון זיין קאפ האט עס געשטאמט דער געניאלער שווינדלערישער פראיעקט, צו מאכען א תל פון דער ערשטער קאמ־פאניע אונטערנעהמער, און זיין פעסטע פארבארגענע האנט האט עס דערפיהרט די אינטריגע ביז׳ן סוף. זיינע פראיעקטען, וועלכע האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער מערקווירדיגער פשוט׳קייט און גאנצקייט, האבען זיך אין דער זעלבער צייט גערעכענט פאר דאס לעצטע ווארט פון דער בערג־פאבריקאציאנס־וויסענשאפט. ער האט געקאנט אלע אייראפעאישע שפראכען, און — א זעלטענע ערשיינונג צווישען אינזשעניערען — וואס אויסער זיין אייגענער

ספעציאַליטעט האָט ער נאָך באַהערשט אַ פאַרשיידענאַרטיגען וויסען.

פון אַלע מענשען, וואָס האָבען זיך פאַרזאַמעלט אויף דער סטאַנציע, איז ער געווען דער איינאיינציגער מענש, מיט זיין שווינדזיכטיגער פיגור און מיט'ן געזיכט פון אַן אַלטער מאַלפּע, וואָס איז ווי פאַרבליבען רוהיג. ער איז געקומען צופאָהרען צום וואָקזאַל שפּעטער פון אַלעמען, און איצטער איז ער לאַנגזאָם אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבער דער פּלאַטפאָרם, די הענט ביז די עלענבויגענס פאַרשטופּט אין די קעשענעס פון די ברייטע, אַרונטערהענגענדע הויזען, און האָט געקייט זייט איביגען ציגאַר. זיינע ליכטיגע אויגען, הינטער וועלכע עס האָט אַרויסגעקוקט אַ גרויסער שכל פון אַ געלערענטען און אַ שטאַרקער ווילען פון אַן אַוואַנטוריסט, האָבען ווי אַלע מאָל, רוהיג און גלייכגילטיג געקוקט פון אונטער זיינע געשוואָלענע, מיעדע אויגען־דעקלאַך.

דאָס, וואָס זינענקאָ'ס הויז־געזינט איז געקומען, האָט קיינעם ניט איבעראַשט. אַלע זיינען עפּעס געוואוינט געווען צו רעכענען זיי, פאַר עפּעס אַ זעלבסטפערשטענדליכען טייל פונ'ם פאַבריק לעבען. די מיידלאַך האָבען מיט זיך אַריינגעטראָגען אינ'ם טונקעלען זאַל פון דער סטאַנציע, וואו עס איז געווען קאַלט און אומעטיג, זייער אַנגעצויגענע פרעהליכקייט און זייער אומנאַטירליכען געלעכטער. עס האָבען זיי אַרומגערינגעלט די יונגע אינזשעניערען, מיעדע פונ'ם לאַנגען וואַרטען, און די מיידלאַך האָבען באַלד אַנגענומען זייער געוועהנליכע פּאַרטיידיגונגס־פּאָזיציע און האָבען רעכטס און לינקס געגומען וואַרפען זייערע ליעבע, נאָר פון לאַנג שוין דערעסענע נאַאיוויטעטען. צווישען איהרע טומלענדיגע טעכטער האָט אַננאַ אַפאַנאַסיעוונא אויסגעזעהן ווי אַ קליינינקע, טומעלדיגע, באַוועגליכע, אומרוהיגע קוואַטשקע.

באַבראָוו — אַ מיעדער, כמעט אַ קראַנקער נאָך זיין נעכטיגער אויפרעגונג, איז איינזאַם געזעסען אין אַ ווינקעל פונ'ם זאַל, און האָט זעהר פיעל גערויכערט. ווען זינענקאָ'ס הויז־געזינט איז אַריינגעקומען און מיט אַ הילכיגען צווישטשערען אַרומגעזעצט זיך

ער האט ניט דערענדיגט... זיין אנגעשטראָמטער מוט איז פלוצלונג פארשוואונדען.

— אז איהר... וואס איז? — האט נינא איבערגעפרעגט מיט א געמאכטער גלייכגילטיגקייט, אבער פלוצלונג, אנטקעגען איהר איינענעם ווילען האט איהר קול א ציטער געטאן, און זי האט ארונטערגעלאזען די אויגען צו דער ערד. זי האט געווארט אויף א ליעבעס־ערקלעהרונג, וועלכע רעגט אלע מאל אזוי שטארק און אנגענעהם די יונגע מיידלאך, אלע איינס, צי עס ענטפערט זייער הארץ מיט געגען־ליעבע, אדער ניט. איהרע באקען זיינען לייכט בלייך געווארען.

— ניט איצטער... שפעטער ווען עס איז, — האט זיך באבראוו צעטומעלט. — ווען עס איז, ביי אנדערע אומשטענדען, וועל איך אייך דאס זאגען... איך בעט אייך, ניט איצטער, — האט ער צו־געגעבען מיט געבעט.

— נו, גוט. אבער זאגט מיר, ווארום זשע זייט איהר ברוגז געווארען?

— דערפאר, וואס נאך די עטליכע גליקליכע מינוטען בין איך אריינגעקומען אין עס־צימער אין אזא, — נו, ווי זאל איך דאס זא־גען, — אין אזא ריהרענדיגען צושטאנד... און ווען איך בין אריינ־געקומען...

— האט אייך אומאנגענעהם איבערראשט דער געשפרעך וועגען קוואשנינ׳ען? — האט זיך נינא אנגעשטויסען מיט יענעם אינס־טינקטיווען פארשטאנד, וועלכער באלויכט אמאל אפילו די גאנץ־פשוט׳ע פרויען. — יא? איך האב געטראפען? — זי האט זיך צו איהם א קעהר געטאן און האט איהם ווידער ארומגעהילט מיט א טיפען, צערטליכען בליק. — נו, זאגט אפענהערציג. איהר טארט גארנישט פארבארגען פון אייער פריינד.

אנומעלט, מיט א דריי אדער פיער חדשים צוריק, ווען זיי האבען זיך געשיפט איבער׳ן טייך צוזאמען מיט א גרויסער גע־זעלשאפט, האט נינא, אין אויפגערעגטע און א צערטליכע פון דער שעהנער, ווארימער זומערדינער נאכט, פארגלעגט באבראוו׳ן איהר

אייביגע פריינדשאפט. ער האט עס אויפגענומען זעהר ערנסט און אין משך פון א גאנצער וואך, האט ער איהר אנגערופען זיין פריינד, און זי איהם אויך. און, ווען זי האט צו איהם געזאגט דייטליך און לאנגזאם מיט איהר שטענדיגען, מיעדען אניסזעהן: „מיין פריינד", האבען אט די צוויי קורצינקע ווערטער געמאכט קלאפען זיין הארץ פעסט און זיס. איצטער האט ער זיך דערמאנט אויף אט דעם שפאס, און ער האט געענטפערט מיט א זיפץ:

— גוט, „מיין פריינד", איך וועל אייך זאגען דעם אמת, באטש מיר איז דאס א ביסעל שווער. אין דער באציהונג צו אייך ,געפין איך זיך שטענדיג אין עפעס א צווייידייטיגער, פיינליכער לאגע. עס טרעפען מינוטען אין אונזערע געשפרעכען, ווען מיט איין ווארט, מיט איין באוועגונג, אפילו מיט איין בליק, מאכט איהר מיך פלוצלונג אזוי גליקליך!... אך, קען מען דען אזעלכע געפיה־לען איבערגעבען אין ווערטער... זאגט מיר נאר, איהר האט עס באמערקט?

— איך האב דאס באמערקט, — האט זי זיך אפגערופען כמעט שעפטשענדיג און מיט א פארשייטען ציטער פון די ברעמען האט זי ארונטערגעלאזען די אויגען.

— און דערנאך... דערנאך, מיין פריינד, טאקע באלד, פאר מיינע אויגען האט איהר זיך פארוואנדעלט אין א פראווינציעלער, לופטיגער פריילין, מיט פראזען פון שאבלאנעם מין און מיט עפעס אן אויסגעלערענטער מאנירליכקייט אין אלע אייערע האנדלונגען... זייט אויף מיר ניט בייז פאר מיין אפענהארציגקייט... אז מיך וואלט עס אזוי שרעקליך ניט געמאטערט, וואלט איך פון דעם ניט גערעדט.

— איך האב דאס אויך באמערקט...

— נו, זעהט איהר דאך... איך בין דאך אלע מאל געוועזן זי־כער, אז איהר האט א גוטע, צארטע און פיהלענדיגע נשמה. וואר־רום זשע ווילט איהר ניט זיין שטענדיג אזא, ווי איצטער?

זי האט זיך ווידער א קעהר געטאן צו באבראוו'ן, און האט אפילו געמאכט מיט דער האנט אזא באוועגונג, ווי זי וואלט ווע־

לען אנריהרען זיין האנט. זיי זיינען אין דער צייט ארומגעגאנגען
הין און צוריק איבער דעם פרייען ברעג פון דער פלאטפארם.

— איהר האט מיך קיינמאל ניט געוואלט פארשטעהן, אנדרעי
איליטש, — האט זי געזאגט מיט פארוואורף. — איהר זייט א נער־
ווענער און אומגעדולדיגער מענש. איהר פארגרעסערט אלץ, וואס
אין מיר איז פאראן גוטס, דערפאר אבער זייט איהר מיר ניט
מוחל, וואס איך קען דאך ניט זיין קיין אנדערע אין דער סביבה,
אין וועלכער איך לעב. דאס וואלט דאך געווען קאמיש, דאס וואלט
דאך אריינגעטראגען אונאיינינגקייט אין אונזער הויז. איך בין צו
שוואך, און, דעם אמת זאגענדיג, א צופיעל לייכטזיניגע פריילין,
צו פיהרען א קאמף אפילו פאר מיין זעלבסטשטענדיגקייט. איך
נעה אהין, וואוהין אלע געהען; איך קוק אויף זאכען און איך
משפט וועגען זיי, אזוי ווי אלע. מיינט אבער ניט, אז איך אנ־
ערקען ניט מיין לייכטזין... נאר מיט אנדערע פיהל איך ניט די
שווערקייט פון דעם, און מיט אייך... מיט אייך פארליר איך יעדע
מאס, דערפאר... — זי האט זיך אפגעשטעלט אויף א ווײלע — נו,
ס'איז אלץ איינס... דערפאר, וואס איהר זייט גאר אן אנדער מענש,
דערפאר, וואס אזא מענשען ווי איהר, האב איך נאך קיינמאל אין
מיין לעבען ניט באגעגענט.

איהר האט זיך געדאכט, אז זי רעדט פונ'ם הארצען. די פרישע
הערבסטיגע לופט, דער טומעל פון וואקזאל, דער באוואוסטזיין פון
אייגענער שעהנקייט און דער פארגעניגען צו פיהלען באבראוו'ס
פארליעבטען בליק, דאס אלץ האט זי עלעקטריזירט ביז יענעם צו־
שטאנד, אין וועלכען היסטערישע נאטורען הויבען אן לייגען אזוי
באגייסטערט, אזוי פארכאפט, אז זיי באמערקען דאס אליין ניט. זי
האט געהאט א פארגעניגען פון זיך אליין, אין דער נייער ראלע פון
א מיידעל, וואס גארט נאך אינטעליגענטער סימפאטיע, און דער־
פאר האט זי געפיהלט די נויטיגקייט צו ריידען צו באבראוו'ן גוטע
רייד.

— איך ווייס, אז איהר האלט מיך פאר א קאקעטין... איך בעט
אייך, פארטיידיגט זיך ניט... און איך בין איינשטימיג, איך גיב

די מעגליכקייט אזוי צו טראַכטען... צום ביישפּיעל, איך לאַך און איך פּלוידער אָפּט מיט מילער'ן. אבער ווען איהר וואָלט וויסען, ווי מיר שטויסט אָפּ אָט דער הילצערנער מלאך! אָדער די אַנדערע צוויי סטודענטען... אַ שעהנער מאַנספּערשוין איז שוין ניט שעהן דערמיט אַליין, וואָס ער איז שטענדיג פאַרנומען מיט זיין אייגענער שעהנקייט... איהר וועט מיר גלויבען, כאָטש עס קען זיין, אַז דאָס איז מאָדנע, אָבער מיר זיינען אַלע מאָל געפעלען געוואָרן די ניט־שעהנע מענער...

ביי די נאַאיווע אומשולדיגע ווערטער איהרע, וואָס זי האָט אַרויסגערעדט מיט'ן צערטליכסטען טאָן, האָט באַבראָוו אַ זיפץ געטאָן. אַך! ער האָט שוין פון פרויען ליפּען ניט איינמאָל געהערט די בייזע טרייסט, וועלכע פרויען זאָגען קיינמאָל ניט אָפּ זייערע ניט־שעהנע פאַרעהרער.

— הייסט עס, אַז איך קען אויך האָפען צו פאַרדינען ווען־ניט־איז אייער סימפּאַטיע? — האָט ער אַ פרעג געטאָן אין אַ שפּאַסיגען טאָן, אין וועלכען עס האָט דאָך דורכגעקלונגען אַ ביטערער שמייכעל איבער זיך אַליין.

נינאַ האָט זיך באַלד געכאַפּט.

— נו אָט, איהר זעהט אַ וועלכער איהר זייט. מיט אייך טאָר מען ניט ריידען... וואָרום זוכט איהר פאַר זיך קאָמפּלימענטען, מיין ליעבער הער? ס'איז מיאוס!

זי אַליין האָט זיך אויך אַביסעל פאַרשעמט פאַר זיך אַליין און, כדי איבערצובייטען דעם געשפּרעך, האָט זי אַ פרעג געטאָן מיט אַ שטיפערישען באַפעהל:

— נו, און וואָס האָט איהר זיך געקליבען צו זאָגען מיר ביי אַנדערע אומשטענדען? שוין זאָלט איהר מיר דאָס זאָגען!

— איך וויים ניט... איך געדענק ניט... — האָט זיך באַבראָוו אַז אָפּגעקיהלטער פאַרלאָרען.

— איך וועל אייך דערמאָנען, מיין איינגעהאַלטענער פריינד, — איהר האָט אָנגעהויבען ריידען וועגען נעכטיגען אָוונד, דערנאָך וועגען עפּעס גליקליכע רגע'ס, דערנאָך האָט איהר געזאָגט, אַז איך האָב

שוין געווים באַמערקט פון לאַנג... אָבער וואָס? — דאָס האָט איהר ניט געזאָגט... איהר זאָלט עס מיר גלייך טאַקע זאָגען. איך פאָדער דאָס ביי אייך, איהר הערט!...

זי האָט אויף איהם געקוקט און אין איהרע אויגען האָט געשיינט אַ שמייכעל, — אַ פאַרשייטער, צוזאָגענדיגער און צערטליכער.

זיין האַרץ איז זיך זיס פאַרגאַנגען און ער האָט ווידער דערפיהלט דעם שטראָם פון פריהערדיגען מוט. „זי ווייס, זי וויל אַליין, אַז איך זאָל ריידען“, — האָט ער געטראַכט, אַנגעהמענדיג זיך מיט מוט.

זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט נאָהענט ביים ברעג פון דער פּלאַטפאָרם, וואו קיינער פון דעם פּובליקום איז ניט געווען. זיי זיינען ביידע געווען אויפגערעגט. נינאַ האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער. אַ פריידיגע פון דעם שאַרפען שפּיל וואָס זי האָט אָנגעהויבען. און באַבראָוו האָט געזוכט ווערטער, האָט שווער געאָטעמט און איז געווען נערוועז. נאָר אין דער זעלבער צייט האָבען זיך דערהערט שאַרפע קלאַנגען פון די סיגנאַלען און אויף דער סטאַנציע האָט זיך אויפגעהויבען אַ גערודער.

— הערט איהר, איך וואַרט... — האָט נינאַ אַ שעפּטשע געטאָן און איז פלינק אָפּגעטראָטען פון באַבראָוו'ן. — פאַר מיר איז דאָס אַ סך וויכטיגער, ווי איהר דענקט...

פון דעם האַלב־רונדען אויסבויג ביים וואָקזאַל, איז דער קוריער־צוג אַרויסגעשפּרונגען, פאַרהילט אין שוואַרצען רויך. אין עטליכע רגע'ס, רודערענדיג איבער די רעלסען, האָט ער לייכט און געשווינד איינגעהאַלטען זיין לויף און האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער פּלאַטפאָרם... ביים סוף פון'ם צוג איז געווען צוגעקייט אַ לאַנגער ספּעציעלער וואַגאָן, אַ גלאַנציגער פון פרישע בלויע פאַרב, צו וועלכען אַלעמענס אויגען האָבען זיך געווענדט. די קאָנדוקטאָרען האָבען זיך צושראָקענע אַ וואָרף געטאָן עפענען די טיר פון וואַגאָן; באַלד איז פון דער טיר אַרויסגעשפּרונגען און מיט אַ גערויש זיך פונאַנדערגעעפענט אַ צענויפגעלעגטער לייטער. דער הויפּט פון

דער סטאַנציע, אַ רויטער פון אויפרעגונג און פון ארומלויפען, האָט מיט אַ צושראָקענעם געזיכט אונטערגעיאָגט די אַרבייטער מיט׳ן אַפּקיימען דעם לעצטען וואַגאָן. קוואַשנין איז געווען איינער פון די הויפּט־אַקציאָנערען פון דער ג.׳ער אייזענבאַהן, און פלעגט אַרומפאָהרען איבער איהרע ליניען מיט אַזאַ כבוד, וואָס אַפילו די הויפּט־פּאַרוואַלטער פון דער אייזענבאַהן האָבען ניט באַקומען.

אין וואַגאָן זיינען אריינגעגאַנגען נאָר שעלקאָווניקאָוו, אַנדרעאַ און נאָך צוויי אַנגעזעהענע אינזשעניערען, — בעלגיער. קוואַשנין איז געזעסען אין אַ לעהנשטול, אויסציהענדיג זיינע ריעזיגע פיס און אַרויסשפּאַרענדיג זיין גרויסען בויך. ער האָט געטראָגען אַ קיילעכדיגען ווייכען הוט און פון אונטער די ראַנדען האָבען אַרויסגעשיינט פייערדיגע האָר; זיין געזיכט, ראַזירט ווי ביי אַן אַקטיאָר, מיט אַראָפּהענגענדיגע באַקען און מיט אַ דריי־גאָרענדיגען גוידער און אין גאַנצען פאַרשאָטען מיט גרויסע זומער־שפּרענקלאַך, האָט אויסגעזעהן פאַרשלאָפען און אומצופרידען; זיינע ליפּען האָבען זיך צוזאַמענגעצויגען אין אַ פאַראַכטענדיגער זויערער גרימאַסע.

ווען ער האָט דערזעהן די אינזשעניערען, האָט ער זיך מיט אַנשטרענגונג אויפגעהויבען.

— גאָט־העלף אייך אַלעמען, — האָט ער געזאָגט מיט אַ פעטען באַס און האָט נאָך דער רייה אַלעמען בכבוד׳יג אויסגעצויגען זיין גרויסע, געשוואָלענע האַנט... נו, וואָס הערט זיך עפּעס ביי אייך אויף דער פאַבריק?

שעלקאָווניקאָוו האָט גענומען אָפּגעבען אין אַ געשעפטליכער שפּראַך זיין באַריכט. אויף דער פאַבריק איז אַלץ אין אָרדנונג. מען וואַרט נאָר אויף וואַסילי טערענטיעוויטש׳עס קומען, אַז אין זיין אַנוועזענהייט זאָל מען לאָזען געהן דעם דאַמענעם אויוון און אַנהויבען די אַרבייט פון די נייע געביידען... די אַרבייטער און די מייסטער האָט מען גערונגען אויף גוטע מקחים. דער שטראָם פון באַשטעלונגען איז אַזוי גרויס, אַז עס טרייבט וואָס גיכער אַנצוהויבען אַרבייטען.

קוואַשנין האָט געהערט, האָט אָפּגעקעהרט דאָס געזיכט צום

פענסטער און האט צושטרייט געקוקט אויפ'ן עולם, וואס האט זיך צונויפגעקליבען ארום זיין וואגאן. א חוץ מיעדקייט און עקעל, האט זיין געזיכט גארנישט אויסגעדריקט.

פלוצלונג האט ער איבערגעריסען דעם דירעקטאר מיט אן אומ־ערוואַרטעטער פראגע.

— ע... ה...הערט... ווער איז דאס מיידעלע?

שעלקאווניקאוו האט ארויסגעקוקט פון פענסטער.

— נו, אט יענע... מיט'ן געלען פעדער אויפ'ן הוט, — האט קוואשנין אומגעדולדיג באוויזען מיט'ן פינגער.

— אַך, יענע? — האט דער דירעקטאר אויפגעפלאַטערט און האט זיך צוגענויגט צו קוואשנינ'ס אויער און האט בסוד א שעפטשע געטאן אויף פראַנצויזיש:

— דאס איז די טאכטער פון אונזער אויפזעהער איבער די מאַ־גאזינען. זינענקאַ איז זיין נאמען.

קוואשנין האט שווער א מאך געטאן מיט'ן קאפ. שעלקאוו־ניקאוו האט זיך ווידער גענומען פאר'ן באריכט, נאר דער פרינ־ציפאל האט איהם ווידער איבערגעשלאגען.

— זינענקאַ... זינענקאַ... — האט ער אויסגעצויגען פארקלערט, ניט אפרייסענדיג זיך פון פענסטער. — זינענקאַ... ווער זשע איז ער, אט דער זינענקאַ? וואו האב איך דאס געהערט זיין נאמען... זינענקאַ?...

— ער איז דער אויפזעהער איבער אונזערע מאגאזינען, — האט שעלקאווניקאוו מיט דרך־ארץ און אומיסטנע קאלט איבערגע־חזר'ט.

— אַך, איך געדענק! — האט זיך פלוצלונג וואסילי טערענטיע־וויטש דערמאנט, — אין פעטערבורג האט מען מיר וועגען איהם דערצעהלט... נו, רעדט ווייטער, איך בעט אייך.

נינא האט ניט געמאכט קיין טעות, און מיט איהר פרויען־אינסטינקט האט זי פארשטאנען, אז אויף איהר טאקע קוקט עס קוואשנין, און אז וועגען איהר רעדט מען דאס איצטער. זי האט זיך אביסעל אפגעקעהרט, אבער איהר געזיכט, געררויטעלט פון קאַ־

קעטישען פארגעניגען און מיט אלע זיינע שעהנינקע ווארצעלאך, האט וואסילי טערענטיעוויטש געקאנט זעהן.

ענדליך האט זיך דער באריכט געענדיגט, און קוואשנין איז ארויס אויפ׳ן טרעפעל, וואו הינטער׳ן וואגאן איז געווען איינגעארדענט ווי א געראומער, גלעזערנער פאוויליאן.

דאס איז געווען א מאמענט, וואס דארף פאראייביגט ווערען, ווי באבראוו האט א טראכט געטאן, עס האט נאר געפעלט א גוטער פאטאגראפישער אפאראט. קוואשנין האט עפעס ניט געאיילט זיך ארונטערצוגעהן און איז געשטאנען הינטער דער גלעזערנער וואנט; א גרויסער, מיט זיין מאסיווער פיגור, האט ער זיך אויפגעהויבען איבער דער ענגער גרופע מענשען, וואס זיינען געשטאנען ארום וואגאן, און מיט זיינע ברייט פונאנדערגעשטעלטע פיס, און מיט דער גרימאסע פון עקעל אויף זיין געזיכט, האט ער אויסגעזעהן ווי א יאפאנעזישער שלעכט אויסגעארבייטער אפגאט. אט די פארגליווערטקייט פון דעם פאטראן האט, ווייזט אויס, ניט גוט געווירקט אויף די אלע ארומיגע: אויף זייערע ליפען זיינען פארגליווערט געווארען די געקנייטשטע, נאך פון פריהער צוגעגרייטע שמייכלען, בעת זייערע אויגען, געווענדט ארויף צו, האבען געקוקט אויף קוואשנינ׳ען מיט הכנעה, כמעט מיט שרעק.

די וואוליונגערשע קאנדוקטארען זיינען געשטאנען אין פארשטיינערטע פאזען ביי די זייטען פון דער טיר. באבראוו האט צופעליג א קוק געטאן אויף נינא׳ס געזיכט, ווען זי האט איהם אנגעיאגט, און אויך אויף איהר געזיכט האט ער מיט וועהטאג באמערקט דעם זעלבען שמייכעל און די זעלבע אומרוהיגע שרעק פון א ווילדען, וואס קוקט ארויף צו זיין אפגאט.

— צי איז דאס נאר די עהרווירדיגע פארגעטערונג, אהן א וועלכען עס איז איינגעננויי, פאר די דריי הונדערט טויזענד רובעל יעהרליכען געהאלט? — האט אנדרעי איליטש א טראכט געטאן, — וואס־זשע צווינגט אט די אלע מענשען, אזוי אונטערטעניג צו דרעהען מיט׳ן עק, פאר א מענשען, וועלכער וועט אפילו אויפמערקזאם ניט א קוק טאן אויף זיי? אדער דא איז פאראן עפעס

א פסיכאלאגישער געזעץ פון אונטערטעניגקייט, וואס דער שכל קען עס ניט באנעהמען?

נאכדעם ווי ער איז אזוי אביסעל געשטאנען, האט זיך קוואש־נין גענומען ריהרען מיט׳ן ארויסגעשפארטען בויך, פארזיכטיג גע־האלטען אונטער די הענט פון די באהן־באדינער, און זיך ארונ־טערגעלאזט מיט די טרעפלעך אויף דער פלאטפארם.

אויף די עהרענפארכטיגע באגריסונגען פונ׳ם עולם, וואס האט געמאכט פאר איהם א ווארע, האט ער נאכלעסיג א שאקעל געטאן מיט׳ן קאפ, האט ארויסגעשטעלט זיין גראבע ליפ און האט א זאג געטאן אונטער דער נאז:

— מנייע הערדען, איהר זייט פריי ביז מארגען.

און איידער ער איז צוגעקומען צום ארייגפאהר, האט ער מיט א צייכען א רוף געטאן צו זיך דעם דירעקטאר.

— איהר וועט מיר איהם פארשטעלען, סערגעי וואלעריא־נאוויטש. — האט ער געזאגט מיט א שטילען קול.

— זינענקא׳ן? — האט זיך שעלקאווניקאוו אנגעשטויסען.

— נו, יא, כאפט עם דער טייוועל! — האט פלוצלונג קוואשנין אויפגערעגט א בורטשע געטאן. — אבער ניט דא, ניט דא, — האט ער אפגעשטעלט פאר׳ן ארבעל דעם דירעקטאר, וואס האט שוין געוואלט לויפען. — ווען איך וועל זיין אויף דער פאב־ריק...

## 7

דער אנהויב פון די נייע געביידען און דאס לאזען אין גאנג דעם נייעם דאמענעם אויווען, איז פארגעקומען אין פיער טעג ארום נאך קוואשנין׳ס קומען. מען האט זיך געגרייט צו פייערען די ביידע געשעהענישען מיט׳ן גרעסטען פאראד, און דערפאר האט מען צו די שכנ׳ישע מעטאלורגישע פאבריקען, די קרוטאגארער, וואראנינער און לאוואווער, פארגאנדערגעשיקט געדרוקטע איינ־לאדונגען.

באלד נאך וואסילי טערענטיעוויטש׳ען זיינען אנגעקומען פון

פּעטערבורג נאָך צוויי מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג, און פיער בעלגישע אינזשינירען, און עטליכע אַנגעזעהענע אַקציאָנערען. צוויי־שען די פאַבריק אַנגעשטעלטע האָט זיך אַרומגעטראָגען די נייעס, אַז די פאַרוואַלטונג האָט באַשטימט אַרום צוויי הונדערט טויזענד רובעל פאַר אַ פּאַראַד און אַ סעודה, אָבער די נייעס האָט זיך דערווייל נאָך ניט אַרויסגעוויזען צו זיין אַן אמת, און דאָס גאַנ־צע איינקויפען פון פאַרשיידענעם וויין און שפּייז איז געפאַלען ווי אַ שווערער שטייער אויף די ליפעראַנטען.

דער טאָג פון דער פייערונג האָט זיך איינגעגעבען זעהר אַ שעהנער, — דאָס איז געווען איינער פון יענע העלע, דורכזיכטיגע טעג פון פריהען הערבסט, ווען דער הימעל זעהט אויס אַזאַ גע־דיכטער, אַ בלויער און אַ טיפער, און די קיהלע לופט שמעקט מיט פיינעם שטאַרקען וויין. די קוואַדראַטנע גריבער, אויסגעגראָבען אַלס פונדאַמענט פאַר אַ נייער בלאָז־מאַשין און אַ בעסעמעראָווען אויוועו, זיינען געווען אַרומגערינגעלט פון אַ גרויסען עולם אַר־בייטער. אין מיטען פון אָט דעם לעבעדיגען צוים, ביים רעכטען ברעג פון אַ גרוב, איז געשטאַנען אַ פּראָסטער, ניט קיין געפאַרב־טער טיש, איבערגעדעקט מיט אַ ווייסען טישטוך, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען אַ צלם, אַן עוואַנגעליע, אַ בעקען מיט הייליגען וואַסער און אַ שפּריינקלער. דער גלח, שוין אַ פאַרהילטער אין אַ גרינעם, מיט גאָלדענע צלמים געוועבטען קיטעל, איז געשטאַנען ביי דער זייט, און אַרום איהם זיינען געשטאַנען פּופּצעהן אַרביי־טער, וואָס האָבען זיך אָפּגערופען צו זיין די זינגער. ביי דער זייט זיינען געשטאַנען די אינזשענירען, די ליפעראַנטען, די על־טערע מייסטערס און די בוכהאַלטער — אַ פאַרביגע לעבעדיגע גרופּע, מעהר ווי פון צוויי הונדערט מענשען. אויף אַ בערגעל פון אַנגעשאָטענע ערד, איז געשטאַנען דער פאָטאָגראַפער, וועל־כער האָט מיט אַ שוואַרצען טוך פאַרדעקט זיך און זיין אַפּאַ־ראַט, און האָט עפּעס לאַנג דאָרטען געדרעהט, זוכענדיג אַ גע־לונגענעם פּונקט.

אין צעהן מינוט אַרום איז קוואַשנין געשווינד צוגעפאַהרען

צו די גריבער, אויף דריי גרויסארטיגע סארע פערד. אין דער קאליאסקע איז ער געווען אליין, ווארים סיי ווי סיי וואלט ניט געווען קיין ארט פאר א צווייטען. באלד נאך קוואשנין'ען זיינען צוגעפארען נאך א פינף אדער זעקס עקיפאזשען. ווען די ארבייטער האבען דערזעהן וואסילי טערענטיעוויטשען, האבען זיי מיט'ן אינסטינקט דערקענט אין איהם דעם „גרעסטען", און תיכף האבען זיי אלע, ווי איין מענש, ארונטערגענומען די היטלען. קוואשנין איז מאיעסטעטיש אוועק פאראויס און האט מיט'ן קאפ א שאקעל געגעבען צום גלח.

— געלויבט איז אונזער גאט אויף היינט, אויף אייביג, און אלע מאל, — האט זיך אין דער שטילקייט פארנאנדערגעטראגען דעם גלחים ציטערדיג דין קול'כעל.

— אמן, — האט גאנץ הארמאניש אונטערגעכאפט דער אימפראוויזירטער כאר. די ארבייטער — ארום דריי טויזענד מענשען — אזוי ווי זיי האבען זיך פריהער געגייגט פאר קוואשנינ'ען, אזוי האבען זיי זיך איצטער, ווי איין מענש, איבערגע'צלמ'ט מיט ברייטע צלמים, האבען איינגעבויגען די קעפ, האבען דערנאך זיי אויפגעהויבען און א טרייסעל געטאן מיט די האר... באבראוו האט ניט ווילענדיג גענומען צוקוקען זיך צו זיי. פון פארענט זיינען אין צוויי רייהען געשטאנען די געלאסענע רוסאקען — מויערער, אלע ביז איינעם אין ווייסע פארטוכער, כמעט אלע מיט ליינענע האר און געלע בערד. און הינטער זיי — די גיסער און די שמידען, אין ברייטע טונקעלע בלוזען, איבערגענומען פון די פראנצויזישע און ענגלישע ארבייטער, מיט געזיכטער וואס וואשען זיך קיינמאל ניט אפ פון דעם אייזען־רויך, — צווישען זיי האבען זיך געזעהען קרומנאזיגע פראפילען פון אויסלענדישע ארבייטער; פון הינטער די גיסער האבען ארויסגעקוקט די ארבייטער פון די קאלך־אויוועגס, וואס פון דער ווייטען נאך האט מען זיי געקענט דערקאנען נאך זייערע, ווי מיט מעהל געדיכט פארשאטענע געזיכטער און נאך זייערע אנגעצונדענע, אנגעשוואלענע, רויטע אויגען...

יעדעס מאָל, ווען דער כאָר האָט הילכיג און האַרמאָניש, הגם אביסעל אונטער דער נאָז, געזונגען „באַהיט גאָט פון אומגליקען דיינע קנעכט“, האָבען אָט די אַלע דריי טויזענד מענשען, מיט אַן איינטאָניגען שטילען שאָרך, פרום און גאָטספאָרכטיג זיך געצלמ׳ט און געקניעט. באַבראָוו׳ען האָט זיך געדאַכט, אַז אין דער תפלה פון אָט דער גרויסער מאַסע ליגט עפּעס קינדערשעס און ריהרענדיגעס. מאָרגען וועלען זיך אָט די אַלע אַרבייטער ווידער נעמען צו זייער שווערער, איינגע׳עקשנ׳טער, צוועלף־שעה׳גער אַרבייט. ווער ווייס: וועמען פון זיי איז שוין באַשטימט פון דעם מזל צו באַצאָלען מיט׳ן לעבען פון אַזאַ אַרבייט: אַרונטערפאַלען פון די הויכע געהילץ, אָפּבריהען זיך מיט צושמאָלצענעם מעטאַל, אָדער פאַרשאָטען ווערען מיט שפּענער און שטיינער? און טראַכטען זיי ניט איצטער וועגען זייער באַשערטען מזל, איצטער, ווען זיי קניען און טרייסלען מיט זייערע העלע האָר, אין דער זעלבער צייט, ווען דער כאָר בעט ביי גאָט, אַז ער זאָל באַהיטען פון אומגליק זיינע קנעכט... און אויך וועמען, אויב ניט אויך גאָט אַליין זאָלען זיך פאַרלאָזען אָט די גרויסע קינדער, מיט די מוטיגע פּשוט׳ע הערצער, אָט די רוהיגע העלדען, וואָס קריכען אַרוים אַלע טאָג פון זייערע קאַלטע, פאַרשטיקטע ערד־שטיבלעך, צו דער טאַט פון געדולד און העלדענמוט?

אַזוי, אָדער כמעט אַזוי, האָט באַבראָוו געטראַכט. ער, וואָס איז געווען געניינגט צו ברייטע, פּאַעטישע בילדער, און כאָטש ער איז שוין לאַנג אָפּגעוואוינט געווען פון תפלה טאָן, אָבער יעדעס מאָל, ווען דעם גלח׳ס ווייטער, ציטערדיגער קול האָט זיך געביטען מיט׳ן האַרמאָנישען אויסגעשריי פונ׳ם כאָר, איז ביי אַנדרעי איליטש׳ען איבער׳ן רוקען און איבער׳ן נאַקען דורכגעלאָפען אַ קאַלטער שטראָם פון נערוועזער אויפרעגונג. עפּעס שטאַרקעס, אונטערטעניגעס, זיך אויפאָפּפערענדיגעס, איז געווען אין דער נאַאיווער תפלה פון אָט די גרויע האַראָפּאַשניקעס, וואָס זיינען געקומען, גאָט ווייס פון וואַנען, פון וועלכע ווייטע גובערניעס, אָפּגעריסענע פון זייער לייבליכען, אייגענעם ווינקעל, און וואָס האָ־

בען זיך צונויפגעזאמעלט אהער צו טון די שווערע און געפערליכע ארבייט...

די תפלות האבען זיך געענדיגט. מיט א נאכלעסיגען אויס־זעהן האט קוואשנין א ווארף געטאן אין גרוב א גאלדענע מטבע, נאר איינבויגען זיך מיט דער לאפעטע, האט ער בשום אופן ניט געקענט — דאס האט פאר איהם געטאן שעלקאווניקאוו. דערנאך האט זיך די גאנצע גרופע א רוק געטאן צו די דאמענע אויוועגס, וואס האבען זיך אויפגעהויבען אויף שטיינערנע פונדאמענטען מיט זייערע קיילעכדיגע, שווארצע מאסיווע טורעמס.

דער פינפטער, דער ניי־אויסגעבויטער דאמענער אויווען איז נעגאנגען, ווי עס ווערט געזאגט אויף'ן טעכנישען זשארגאן, „מיט'ן בלינדען גאנג". פון אונטער דעם אויווען, פון א געמאכטער עפע־נונג אויף אן אייל די הויך, האט געשלאגען מיט א ברייטען, פלאַ־מיג־ווייסען, קאכעדיגען שטראם דער צושמאלצענער שלאק, פון וועלכען עס זיינען אין אלע זייטען געשפרונגען בלויע, שוועבעל־פייערלעך. דער שלאק איז דורך אן אנגעבויגענער רינע ארונטער־גערונען אין קעסלען, וואס זיינען געשטאנען ביים אראפהענגענ־דיגען ברעג פון דעם פונדאמענט, און איז אין זיי פארגליווערט געווארען אין א גרינליכער געדיכטער מאסע, וואס האט אויסגע־זעהען ווי א צוקערקע. די ארבייטער, וואס האבען זיך געפונען אויף'ן רעכטען אויבען פון דעם אויווען, האבען כסדר אהן אן אפרוה געשאטען אינ'ם אויווען אריין ערץ און שטיין־קויהלען, וועלכע פלעגען זיך נאכאנאנד אויפהויבען ארויף אויף אייזערנע וואגא־נעטען.

דער גלח האט פון אלע זייטען באשפרינקעלט דעם דאמענעם אויווען מיט הייליגען וואסער. ער האט זיך שרעקעדיג געאיילט, האט זיך געפלאנטערט, און מיט זיין אלטען גאנג איז ער אוועק אן א זייט. דער בערג־מייסטער, אן אדערדיגער, שווארצגעזיכ־טיגער גרייז, האט זיך איבערגע'צלמ'ט און האט אנגעשפיגען זיך אין די הענט. דאס זעלבע האבען געטאן זיינע פיער העלפער. דערנאך האבען זיי אויפגעהויבען פון דער ערד זעהר א לאנגען

שטאלענעם רידעל, האבען איהם לאנג פארנאנדערגעווינט און, א קרעכץ געבענדיג אלע אויף א מאל, האבען זיי א זעץ געטאן מיט'ן רידעל אינ'ם רעכטען אונטען פונ'ם אויווען. דער רידעל האט זיך הילכיג א זעץ געטאן אין דעם לייטענעם שטאפער. די צושויער, האבען אין שרעקעדיג־נערוועזען ווארטען, פארזשמורעט די אויגען: אנדערע האבען זיך א שפאר געטאן אויף צוריק. די ארבייטער האבען א זעץ געטאן א צווייטען מאל, א דריטען און א פערטען... און פלוצלינג, פון אונטער דער שארף פונ'ם רידעל, האט א שפריץ געטאן א פאנטאן פון אונערטרעגליך־העלען שיטערן מעטאל. יעמאלט האט דער בערג־מייסטער מיט'ן רידעל פארנאנדערגעברייט די עפענונג, און דער מעטאל האט זיך לאנגזאם צוגאסען איבער א זאמדיגען שטעגעל, שיינענדיג ווי פייערדיגע אקרע. גאנצע סנאפעס גרויסע בליציגע שטערען זיינען געפלויגען אין אלע זייטען פון דער עפענונג, האבען הילכיג געקנאקט און זייגען פארשוואונדען אין דער לופט... פון דעם מעטאל, וואס איז גערונען שטיל און פויל, האט געשלאגען אזא שרעקליכע היץ, אז די ניט איינגעוואוינטע געסט האבען זיך אפגערוקט און האבען מיט די הענט פארשטעלט די באקען.

פון די דאמענע אויוועגס האבען זיך די אינזשענירען א לאז געטאן אין דער אפטיילונג פון די בלאז־מאשינען. קוואשנין האט נאך פון פריהער איינגעארדערט אזוי, אז די אקציאנערען, וואס זיינען מיט איהם געקומען, זאלען דערזעהן די פאבריק אין איהר גאנצער קאלאסאלער גרויס און גערויש. ער האט זעהר גוט אויסגערעכענט, דאס אט די הערען, איבערראשטע פון אזוי פיל שטארקע און נייע פאר זיי איינדרוקען, וועלען דערנאך אנדערצעהלען זיך וואונדער פאר דער געזעלשאפט, וואס האט זיי ערוועהלט. און פארשטעהענדיג גוט די פסיכאלאגיע פון געשעפטס־מענשען, האט שוין וואסילי טערענטיעוויטש געהאלטען פאר אן אפגעמאכער זאך — פאר איהם פערזענליך זעהר א גוטער עסק, ארויסצולאזען נייע אקציעס, אן עסק, צו וועלכען די אלגעמיינע פארזאמלונג האט נאך ביז איצטער ניט צוגעשטימט.

און די אקציאנערען זיינען טאקע געווען איבעראשט ביז שווינדעלניש אין קאפּ, ביז א ציטער אין די פיס... אין דער אפטיילונג פון די בלאז־מאשינען האבען זיי בלייבע פון אופרעגונג, געהערט, ווי די לופט, געפּרעסט אין די רעהרען פון פיער ווערטיקאלע צוויי־קלאפּעטערדיגע טרייב שטאנגען, האט איבער זיי געשטראמט מיט אזא רעווען, אז די ווענט פון דער געביידע האבען זיך געטרייסעלט. די לופט איז דורכגעגאנגען איבער די אייזערנע, מאסיווע, ברייטע רעהרען דורך די קאופּערס, האט זיך דארטען מיט גאזען אנגעווארעמט ביז זעקס הונדערט גראד און פון דארטען איז זי שוין אריינגעדרונגען אינ׳ם דאמענעם אויווען, פאראנדערשמעלצענדיג מיט איהר הייסען בלאזען דעם ערץ און די קויהלען. דער אינזשעניר, וואס האט אכטונג געגעבען אויף דער בלאז־אפטיילונג, האט געגעבען ערקלערונגען. און כאטש ער האט זיך אנגעבויגען נאך דער רייה נאך איבער יעדען אקציאנער׳ס אויער און האט געשריען אויפ׳ן גאנצען קול, רייסענדיג די ברוסט, נאר איבער׳ן שרעקליכען רעווען פון די מאשינען האט מען ניט געהערט זיינע ווערטער, און עס האט זיך נאר געדאכט, אז ער באוועגט נור שטום און אנגעשטרענגט מיט די ליפּען.

דערנאך האט שעלקאוניקאוו אוועקגעפיהרט די געסט אין שייער פון די פודלינגער אויוועגס, — א הויכע אייזערנע געביידע פון אזא לענג, אז פון איין עק האט זיך קוים ארויסגעזעהן דער דורכשיין פונ׳ם צווייטען עק. איבער דער גאנצער לענג פון איין וואנט אין דעם שייער, האט זיך געצויגען א שטיינערנע פּלאטפּארם, אויף וועלכער עס זיינען געשטאנען צוואנציג פודלינגער אויוועגס, וואס האבען אויסגעזעהן ווי וואגאנען מיט ארונטערגענומענע רעדער. אין אט־די אויוועגס האט זיך דער שיטערער אייזען צונויפגעמישט מיט ערץ און האט זיך איבערגעארבייט אין שטאל. דער פארטיגער שטאל איז ארונטערגערונען דורך רעהרען, אנפילענדיג מיט זיך די הויכע אייזערנע שטאמבען — עפּעס עהנליך צו קאסטענס, אהן אונטערשטע דעקען, און פון אוי־

בען מיט הענטלעך, — און איז דארט פארגליווערט געווארען אין גרויסע פערציג־פודיגע שטיקער. די פרייע זייט פונ׳ם שייער איז געווען פארנומען מיט א רעלסען־וועג, איבער וועלכען עס האבען אטהעמדיג, קלאפענדיג און שיפענדיג זיך ארומגעטראגען דאמף־קראנען, וואס האבען געהאט דאס אויסזעהן פון געהארכזאמע און פלינקע חיות מיט פעסטע, בויגיגע שנאבלען. איין קראן פלעגט כאפען דעם שטאמב מיט א האקען פאר די הענטלעך, פלעגט איהם אויפהויבען אין דער הויך, און פון איהם פלעגט שווער ארויספאלען א שטיק שטאל אין דער פארם פון א לאנגען, גראדען פיער־קאנטיגען שטאנג פון בלענדענדיג־רויטען קאליר. נאר אײדער דאס שטיק האט צייט געהאט ארונטערצופאלען אויף דער ערד, פלעגט עס שוין אן ארבייטער מיט אן אויסערגעוועהנליכער פלינקייט ארומוויקלען מיט א קייט, ווי א האנט די גרעב. א צווייטער קראן פלעגט מיט א האקען א כאפ טאן די קייט, פלעגט פליסענדיג טראגען דאס „שטיק" אין דער לופטען, פלעגט עס אוועקלייגען אויף א פלאטפארם, צוזאמען מיט אנדערע אזעלכע שטיקער, און דארטען צוקייטען עס צו א דריטען קראן. דער פערטער, אנשטאט מיט א האקען, פלעגט מיט צוואנגען ארונטערנעמען די שטיקער פון וואגאנען, און פלעגט זיי ארונטערלאזען אין די אפענע טירען פון די גאז אויווענס, וועלכע זיינען געשטאנען אונטער׳ן דיל. צום סוף פלעגט דער פינפטער קראן ארויסשלעפען זיי פון די דאזיגע טירען, אינגאנצען ווייס פון היץ, פלעגט זיי אוועקלעגען נאך דער רייה נאך, אונטער א קיילעכדיגען ראד מיט שארפע ציין, וואס האט זיך זעהר געשווינד געדרעהט אויף דער האריזאנטאלער אקס, און דאס פערציג־פודיגע שטאלענע שטיק פלעגט זיך פארנאנדערשניידען אויף צוויי העלפט ווי א שטיק ווייכער לעקאך. יעדע העלפט פלעגט אריינטרעטען אונטער דעם זיבען הונדערט פודיגען פרעס פונ׳ם דאמף האמער, וואס פלעגט עס ארומדריקען מיט אזא קראפט און אזא לייכטקייט, פונקט ווי עס וואלט געווען פון וואקס. די ארבייטער פלעגען עס באלד אונטערכאפען אויף שטופווענלעך און פלעגען לויפענדיג שלעפען עס ווייטער, אזוי, אז די

אַלע אַרומיגע פֿלעגן אַרומגעכאַפּט ווערן מיט'ן גלאַנץ און היץ פֿונ'ם צוגליהטען אייזען.

דערנאָך האָט שעלקאָווניקאָוו באַוויזען זיינע געסט די רעלסען־אָפּטיילונג. אַ גרויסער שטאַנג פֿאַרנאַנדערגעגליהטער מעטאַל איז דורכגעגאַנגען דורך אַ גאַנצער רייה געשטעלען, האָט זיך געצויגען פֿון איין געשטעל צום צווייטען איבער וועלצען, וואָס האָבען זיך געדרעהט אונטער'ן דיל, און האָבען זיך נאָר אַרויסגעזעהן מיט זייערע אויבערשטע טיילען. דער שטאַנג האָט זיך אַריינגערוקט אין אַן עפֿענונג, געמאַכט פֿון צוויי שטאַלענע צילינדערס, וואָס דרעהען זיך אין אַלע זייטען, — און איז דורכגעקראָכען צווישען זיי, אַז זיי פֿלעגען זיך מוזען פֿאַנאַנדערנעמען און ציטערען פֿון אָנשטרענגונג. ווייטער האָט אויף איהם געוואַרט אַ געשטעל מיט נאָך אַ קלענערער עפֿענונג צווישען די צילינדערס. און נאָך יעדען געשטעל פֿלעגט ווערען דער שטאַנג אַלץ דינער און דינער, ביז ער פֿלעגט אַזוי אַנהויבען אויסזעהן ווי אַ צעהן קלאַפּטערדיגע רעלס. איבער דער קאָמפּליצירטער באַוועגונג פֿון די פֿופֿצעהן געשטעלען, האָט אַכטונג געגעבען אין גאַנצען איין מענש, וואָס האָט זיך געפֿונען איבער דער דאַמף מאַשין, אויף אַ הויכען אָרט, וואָס זעהט אויס ווי אַ קיפּטאַן־בריקעל. ער פֿלעגט אַ פֿיהר טאָן מיט אַזאַ הענטעל פֿאָראויס, און אַלע צילינדערס און וועלצען פֿלעגען זיך דרעהען אין איין זייט; און אַז ער פֿלעגט אַ פֿיהר טאָן דאָס הענטעל צוריק — פֿלעגען די צילינדערס און די וועלצען דרעהען זיך אין דער אַנדער זייט. ווען די רעלס פֿלעגט זיך אויסציהען אין גאַנצען, פֿלעגט אַ קייל־עכדיגע זעג, שרייענדיג ביז פֿאַרטויבונג און שיטענדיג אַ פֿאָנטאַן פֿון גאָלדענע פֿונקען, פֿאַרנאַנדערשניידען זי אויף דריי טיילען.

דערנאָך זיינען זיי אַלע איבערגעגאַנגען אין דער טאָקעריי, וואו עס פֿלעגען נאָר באַאַרבייט ווערען די וואַגאָן און לאָקאָמאָטיוורעדער. פֿונ'ם סופֿיט פֿון אַ גראָבען שטאָלענעם וועלץ וואָס האָט זיך געצויגען איבער דער גאַנצער לענג פֿון שייער, האָבען זיך דאָרטען אַרונטערגעלאָזען רימענע פּאַסען, וועלכע האָבען געלאָזט

לויפען א צוויי אדער דריי הונדערט געשטעלען פון פארשיידענע גרויס און אויסזעהן. דארטען זיינען געווען אזוי פיל פאסען, וועלכע האבען זיך געקרייצט אין אזוי פיל ריכטונגען, אז עס האט געמאכט דעם איינדרוק, ווי דאס וואלט געווען איין גרויסע פארפלאנטערטע, טרויסלענדיגע רימענע נעץ. די רעדער פון עטליכע געשטעלען האבען זיך געדרעהט מיט א שנעלקייט פון צוואנציג מאל א סעקונדע, און די רעדער פון די אנדערע געשטעלען האבען זיך באוועגט אזוי לאנגזאם, אז מען האט ניט געקענט זעהן ווי זיי דרעהען זיך. שטאלענע, אייזערנע און מעשענע שפענער אין דער פארם פון שענע לאנגע ספיראלען, האבען געדיכט באדעקט דעם דיל. די ענגבער־געשטעלען האבען פארטויבט די לופט מיט אן אונערטרעגליכען, דינעם און שארפען געשריי. דארטען האט מען אויך באוויזען די געסט א מאשין, וואס מאכט לעבער־שרויפען — עפעס עהנליך צו צוויי גרויסע, שטאלענע רעגעלמעסיגע ליפען, וואס עפענען זיך און מאכען זיך צו. צוויי ארבייטער פלעגען ארייגשטופען אין אט די ליפען דעם עק פון אן אנגעגליהטען לאנגען שטעקען, און די מאשין, פלעגט רעגעלמעסיג אפבייסען שטיקלעך מעטאל און פלעגט ארויסשפייען אויף דער ערד אין גאנצען פארטיגע לעבער־שרויפען.

ווען די געסט זיינען ארויסגעגאנגען פון דער טאקעריי, האט שעלקאווניקאיי פארגעלייגט די עקציאנערען (די גאנצע צייט האט ער זיך צו זיי געווענדט מיט ערקלערונגען) ארומקוקען דער שטאלץ פון דער פאבריק, דעם נייען הונדערט קראפטיגען „קאמפאונד“, אבער די פעטערבורגער הערען זיינען שוין ביז׳ן העכסטען גראד געווען פארטויבט און צושרויפט פון אלץ וואס זיי האבען געהערט און געזעהן. די נייע איינדרוקען האבען שוין ביי זיי ניט ארויסגערופען קיין אינטערעס, נאר האבען זיי נאך מידער געמאכט. זייערע געזיכטער האבען געפלאמט פון דער היץ פון דער רעלסען אפטיילונג, זייערע הענד און די קליידער זיינען געווען פארשמוצט פון דעם קויהלען־שטויב. אויף דעם דירעקטאר׳ס איינלאדונג האבען זיי מיט א שווערען געמיטה צוגעשטימט, ווייזט אויס, אז

זיי האבען ניט געוואָלט פאַרלירען די ווירדע ביי דער פאַרזאַמ־לונג וואָס האָט זיי ערוועהלט.

דער נייַן הונדערט קראַפטיגער „קאַמפּאַונד“ האָט זיך געפונען אין אַ באַזונדער געביידע, זעהר אַ רייַנער און פאַרפּוצטער, מיט ליכטיגע פענסטער און אַ מאַזאַאישען דיל. ניט קוקענדיג וואָס די מאַשין איז אַזאַ גרויסע, האָט זי כמעט ניט אַרויסגעגעבען קיין רויש. צוויי טרייב וואַלען, יעדערער פון פיער קלאַפטער, זייַנען ווייך און געשווינד געגאַנגען אין צילינדערס אַרומגעשלאָגענע מיט הילצערנע ווענטלעך. אַ צוואַנציג פוסיגע ראַד, מיט צוועלף דינע גלימשיגע שטריק איבער איהר, האָט זיך אויך שטיל און געשווינד געדרעהט; פון איהר ברייטער באַוועגונג האָט אין דער מאַשין אָפּטיילונג די טרוקענע, הייסע לופט, געוויגט זיך אין שטאַרקע, געמאָסטענע שטראָמען. אָט די מאַשין האָט געבראַכט אין באַוועַ־גונג אַלע בלאָז־מאַשינען, די רעלסען געשטעלען, און אַלע מאַשינען אין דער טאָקעריי.

ווען די אָקציאָנערען האָבען אַרומגעקוקט דעם „קאַמפּאַונד“, האָבען זיי שוין געמיינט, אַז איצטער איז שוין אַ סוף צו זייערע ליידען, נאָר דער ניט מיעד געוואָרענער שעלקאָווניקאָוו האָט זיך צו זיי געווענדעט מיט אַ נייעם פאָרשלאָג.

— איצטער, מיינע הערען, וועל איך אייך באַווייזען דאָס האַרץ פון דער גאַנצער פאַבריק, יענעם פּונקט, פון וועלכען זי באַקומט איהר גאַנצען לעבען.

ער האָט זיי אַוועקגעפיהרט אין דער אָפּטיילונג פון די דאַמף־קעסלען. אָבער נאָך דעם אַלעם וואָס זיי האָבען זיך אָנגעזעהן, האָט „דאָס האַרץ פון דער פאַבריק“ — צוועלף צילינדער־קעסלען, יעדערער פון פינף קלאַפטער די לענג און אָנדערהאַלבען די הויך — אויף די פאַרמאַטערטע אָקציאָנערען קיין באַזונדערען איינדרוק ניט געמאַכט. זייערע געדאַנקען האָבען זיך געדרעהט אַרום די מאכלים וואָס האָבען שוין געוואַרט אויף זיי, און זיי האָבען שוין מעהר גאָר גישט ניט פאַרנאָנדערגעפרעגט ווי פריהער, זיי האָבען

נאָר צושטרייט און גלייכגילטיג געשאָקעלט מיט די קעפּ, אויף
שעלקאָווניקאָוו'ס אַלע ערקלערונגען. ווען דער דירעקטאָר האָט
געענדיגט, האָבען אַלע אַקציאָנערען גרינגער אָפּגעאָטעמט, און
זעהר אויפריכטיג און מיט אַן אָפענעם פאַרגעניגען, האָבען זיי
גענומען איהם דריקען די האַנט.

איצטער איז נאָר אַנדרעי איליטש אַליין פאַרבליבען ביי די
דאַמף קעסלען. שטעהענדיג ביי אַ ברעג פון אַ האַלב־טונקעלער
שטיינערנער גרוב, וואו עס האָבען זיך געפונען די הייץ אויוועגס,
האָט ער לאַנג אַרונטערגעקוקט אויף דער אַרבייט פון די זעקס
ביז'ן גאַרטעל נאַקעטע מענשען. טאָג און נאַכט האָבען זיי גע־
דאַרפט כסדר וואַרפען קויהלען אין די הייץ עפענונגען. יעדע
ווייל האָבען זיך די שווערע אייזערנע טירען פון די אויוועגס פאַר־
נאַנדערגעעפענט מיט אַ קלאַנג, און יעמאָלט האָט מען געקענט
זעהן ווי דאַרטען האָט געזאָדען, געברומט און געדעוועט דער העל־
ווייסער שטורעמדיגער פלאַם. יעדע ווייל האָבען זיך די אַרבײ־
טער'ס נאַקעטע לייבער איינגעבויגען, אויסגעטריקענטע פון היץ
און שוואַרץ פונ'ם איינגעגעסענעם קויהלען־שטויב, און זייערע
אַלע מוסקולען און אַלע רוקען בייגער פלעגען שאַרף אַרויסטרע־
טען. יעדע ווייל פלעגען זייערע דאַרע שטייפע הענט אַננעהמען
אַ פולע לאָפּעטע מיט קויהלען, און מיט אַ פלינקער, געאיבטער
באַוועגונג פלעגען זיי עס אַריינשפּאַרען אין די פאַרנאַנדערגעעפענ־
טע פלאַמענדיגע מיילער פון די אויוועגס. צוויי אַנדערע אַרבייטער,
שטעהענדיג אין דער הויך, פלעגען זיך אויך ניט אָפּשטעלען אויף
אַ רגע און כסדר אַרונטערוואַרפען אַלץ נייע און נייע בערג מיט קוילען
וועלכע פלעגען זיך אויפהויבען אויף שוואַרצע, גרויסע וועלצען,
וואָס זיינען געגאַנגען אַרום דער קעסעל אָפּטיילונג... עפּעס דריי־
קענדיגעס, ניט מענשליכעס האָט באַבראַוו געזעהן אין דער אומ־
ענדליכער אַרבייט פון די הייצער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס
אַן איבערנאַטירליכער כח האָט זיי צוגעשמידט אויפ'ן גאַנצען
לעבען צו אָט די פאַרנאַנדערגעעפענטע מיילער, און זיי, אונטער
דער שרעק פון דעם מורא'דיגען טויט, האָבען אַהן אַן אויפהער

געמוזט שפייזען און שפייזען אַט די פּרעסערישע, אייביג־הונגעריגע, משוגה׳דיגע ברואים...

— וואָס, קאַלעגע, איהר קוקט ווי מען זעטיגט אַן אייער מולך? — האָט באַבראָוו הינטער זיין רוקען דערהערט אַ פרעה־ליכען, גוטמוטיגען קול.

באַבראָוו האָט אַ ציטער געטאָן און איז שיער ניט אַריינ־געפאַלען אין דער הייץ־גרוב. איהם האָט איבעראַשט, כמעט אויפ־געטרייסעלט דעם דאָקטאָר'ס שפּאַסיגער אויסגעשריי, דאָס אונ־ערוואַרטע צוזאַמענטרעפען זיך מיט זיינע אייגענע געדאַנקען. אפילו ווען ער האָט זיך שוין באַהערשט, האָט ער נאָך אַ לענגערער צייט ניט געקענט באַפרייען זיך פון אַזא מאָדנעם צוזאַמענטרעף. איהם פלעגען אַלע מאָל אינטערעסירען און אויסזעהן מאָדנע יענע צופאַלען, וואָס, בשעת ער פלעגט זיך פאַרקלערען איבער עפּעס אַן ענין, אָדער לייענען עפּעסאין אַ בוך, פלעגט ער אין דערזעלבער צייט דערהערען אַרום זיך, ווי מען רעדט וועגען דער זעלבער זאַך.

— דאַכט זיך, אַז איך האָב אייך איבערגעשראָקען, מיין טייערער? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט און האָט זיך אויפ־מערקזאַם צוגעקוקט צו באַבראָוו'ס געזיכט, — אַנטשולדיגט מיר.

— יאָ, אַביסעל... איהר זייט אַזוי שטיל צוגעקומען... איך האָב זיך גאָרניט געריכט.

— אַך, ברודער'ל, אַנדרעי איליטש, לאָמיר זיך אַ נעהם טאָן היילען אייערע נערווען, זיי טויגען ביי אייך אויף כפּרות... פאָלגט מיין עצה: נעהמט אורלויב, און טוט אַ פאָהר ערגעץ אין אויס־לאַנד... נו, וואָס נעמט איהר זיך אַזוי אַלץ צום האַרצען? לעבט זיך אין פאַרגעניגען: טרינקט גוטען וויין, רייט וואָס מעהר.

דער דאָקטאָר איז צוגעגאַנגען צום ברעג פון דער הייץ־גרוב.

— אָט דאָס איז אַ גיהנום! — האָט ער אַרונטערקוקענדיג אויסגעשריען, — וויפיל קען וועגען איין סאַמאַווארעל אַזא? אַן אַכט הונדערט פּוד אודאי, האַ?

— ניין, אַ סך מעהר. גאַנצע פופצעהן הונדערט.

— אַ, אַי, אַי.... און ווי אַז אַזא שטיקעל זאָל זיך פאַרוועּ־

לען... פלאַצען? ס'וואָלט אָנגעמאַכט אַ פרעהליכע חתונה? הא?

— זעהר אַ פרעהליכע, דאָקטאָר. פון די אַלע געביידען וואָלט קיין שטיין אויף אַ שטיין ניט געבליבען...

גאָלדבערג האָט אַ וויג געטאָן מיט'ן קאָפּ און האָט פילדייטיג אַ פייף געטאָן.

—דורך וואָס פאַר אַ סיבה קען זיך דאָס טרעפען?

— פון פאַרשיידענע סבות... נאָר אַפּטער פון אַלץ פּאַסירט עס אויף אַזאַ אופן: ווען אין'ם קעסעל ווערט ווינציג וואַסער, ברענען זיך יעמאָלט זייגע ווענטלעך פאַרנאַנדער אַלץ מעהר און מעהר, כמעט ביז גלוט. ווען אין דער זעלבער צייט זאָל מען אין קעסעל אריינגיסען וואַסער, וועט זיך באַלד אָנקלייבען אַ גרויסע צאָל דאַמף, די ווענטלעך האַלטען ניט אויס דעם דרוק, און דער קעסעל פּלאַצט.

— אַזאַ זאַך קען מען טאָן מיט אַ כיון?

— פאַרוואָס ניט... איהר ווילט פּריווען? ווען דאָס וואַסער וועט אין גאַנצען ארונטערפאַלען אינ'ם וואַסער־מעסטער, דאַרף מען נאָר אַ דרעה טאָן דעם ווענטילאַטאָר, איהר זעהט דאָרטען, אָט יענעם קליין הענטעל... דאָס אַלץ.

באַבראָוו האָט געשפּאַסט, נאָר זיין קול איז געווען מאָדנע ערנסט, און די אויגען האָבען געקוקט שטרענג און טרויעריג. „דער טייוועל וויים איהם, — האָט דער דאָקטאָר געטראַכט, — אַ ליי־בער מענש, און דאָך איז ער אַ פּסיכאָפּאַט“... — און וואָרום זייט איהר, אַנדרעי איליטש, ניט געגאַנגען צו דער סעודה? — האָט גאָלבערג אַ פרעג געטאָן, אָפּטרעטענדיג פון דער היץ־גרוב, — איהר וואָלט כאָטש אַ קוק געגעבען, וואָס פאַר אַ ווינטער־גאָרטען מ'האָט עס געמאַכט פון דער לאַבאָראַטאָריע? און די סערווירונג — עס איז אַ וואונדער אַ קוק צו טאָן.

— לאָזט זיי! איך קען ניט פאַרטראָגען די אינזשענירען־סעודות, — האָט זיך באַבראָוו אַ קנייטש געטאָן. — זיי באַריהמען זיך, ליאַרעמען, חנפ'ענען מיאוס איינער דעם צווייטען, און

דערנאָך זייערע שטענדיגע שכור'ע טאַסטען, ווען די רעדנער באַ־
גיסען מיט וויין זיך און די שכנים... עקעלהאַפט!...

— יאָ, יאָ, זעהר ריכטיג, — האָט זיך דער דאָקטאָר פאַר־
גאַנדערגעלאַכט. — איך האָב דערוויסט דעם אָנפאַנג. קוואַשנין איז
וואונדערליך: ליבע הערען, דער באַרוף פון אַן אינזשעניר איז אַ
הויכער און אַ פאַראַנטוואָרטליכער באַרוף. צוזאַמען מיט דער
אייזענבאַהן, מיט דעם דאַמענעם אויוועו און מיט די מינען,
טראָגט ער אריין אינ'ם לאַנד די קערנער פון קולטור, די בלומען
פון ציוויליזאַציע און... נאָך עפּעס פרוכטען, וועלכע איך געדענק
שוין ניט גוט... נו איז דאָס אַן איבער־שווינדלער!... לאָמיר,
מיינע הערען, אַלע אינאייגעם, האַלטען הויך די הייליגע פאַהן
פון אונזער וואוילטעטיגער קונסט!... נו, פאַרשטעהט זיך, אַז
דערנאָך קומט אַ ווילדע האַנט־פּאַטשעריי.

עטליכע טריט זיינען זיי אָפּגעגאַנגען און האָבען גאָרנישט
ניט גערעדט. דעם דאָקטאָר'ס געזיכט איז פּלוצלינג פינסטער
געוואָרען און ער האָט אָנגעהויבען ריידען מיט צאָרן אין זיין קול:

— יאָ, די וואוילטעטיגע קונסט! און אָט זיינען די אַר־
בייטער שטיבלעך אויסגעבויט פון שפּענדלעך. הייגט, וויפיל
קראַנקע... און די קינדער שטאַרבען ווי די פליגען. אָט האָסטו
דיר די פרוכט פון קולטור! זיי וועלען שוין האָבען וואָס צו זינ־
גען, ווען דער טיפוס וועט זיך צושפּילען אין איוואַנאָווקע.

— וואָס רעדט איהר, דאָקטאָר? זיינען דען פאַראַן שוין
אַזעלכע קראַנקע? דאָס וואָלט שוין געווען גאָר שרעקליך ביי אַזאַ
ענגשאַפט.

דער דאָקטאָר האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט שווער איבער־
געכאַפּט דעם אָטעם.

— ווי אַזוי זאָל ניט זיין? — האָט ער געזאָגט מיט ביטער־
ניש, — נעכטען האָט מען געבראַכט צו פיהרען צוויי מענשען,
איינער איז היינט אין דער פריה געשטאָרבען, און דער צווייטער,
אויב ער איז נאָך ניט געשטאָרבען, וועט ער זיכער שטאַרבען...
און ביי אונז איז ניטאָ, ניט קיין מעדיקאַמענטען, ניט קיין גע־

ביידען, ניט קיין ערפאהרענע פעלדשערען... ווארט נאר צו, זיי וועלען זיך דערשפּילען! — האט גאלדבערג צוגעגעבען בייז, און האט אימיצען א ווארען געטאן מיט'ן פויסט אין דער לופט.

8

ביידע ציגנער האבען שוין אנגעהויבען קלינגען וועגען קוואש־נינען. נאך איידער ער איז געקומען, זיינען שוין איבער דער פאב־ריק ארומגעגאנגען א סך פּיקאנטע אנעקדאטען, און איצטער האט שוין קיינער ניט געצווייפעלט אין דער אמת'ער אורזאך פון זיין פלוצלינגדיגער פריינדשאפט מיט זינענקא'ס הויזגעזינד. די דאמען האבען וועגען דעם גערעדט מיט צווייד־יטיגע שמייכלען, און די מענער האבען צווישען זיך, אין זייער ציניששער אפענהער־ציגקייט, אנגערופען זאכען מיט זייערע פשוט'ע נעמען. דעם אמת אבער האט קיינער ניט געוואוסט. אלע האבען געווארט מיט פארגעניגען אויף דעם נאהענטען סקאנדאל.

אין די רכילות איז געווען א טייל אמת. נאכדעם ווי קוואש־נען האט באזוכט די זינענקא'ס, האט ער אנגעהויבען פארברענ־גען ביי זיי אין די אווענטען. אין דער פריה, ארום עלף א זייגער, פלעגען צו דער שפּעטאווקער עקאנאמיע צופאהרען זיינע דריי סארע פערד, און דער קוטשער פלעגט מיטטיילען, אז „דער פריץ לאדט איין צו זיך די פריצטע מיט די פריילינס אויף אנבייסען". אויף די אנבייסענס פלעגען קיין זייטיגע ניט איינגעלאדען ווע־רען. די מאכלים האט געגרייט דער קוכער, א פראנצויז, וועמען וואסילי טערענטיעוויטש פלעגט מיטפיהרען אומעטום אין זיינע אפטע רייזען.

קוואשנינ'ס אויפמערקזאמקייט צו זיינע נייע באקאנטע האט זיך אויסגעדריקט זעהר אייגענארטיג. אין דער באציהונג צו די אלע פינף מיידלעך, האט ער אנגענומען א פשוט'ע שטעלונג פון א פרעהליכען גוטמוטיגען בחור; אויפ'ן דריטען טאג, האט ער זיי שוין אנגערופען מיט פארקלענערטע נעמען, צוגעבענדיג דעם

פאטער'ס נאמען — שורא גריגאריעווגא, נינאשי גריגאריעווגא, און די אינגסטע פון זיי, קאסיען, פלעגט ער אפט אננעהמען פאר'ן ווייבינקען גוידער'ל און פלעגט זיך מיט איהר רייצען און אנרופען „קינדעלע" און „היהנדעלע", פון וואס זי פלעגט רויט ווערען ביז טרערען, נאר זי פלעגט זיך ניט וועהרען.

אנא אפאנאסיעווגא פלעגט אונטער דער נאז און שטיפעריש שטראפען איהם, אז ער וועט „אינגאנצען צובאלעווען איהרע מיידלעך"! און טאקע, האט נאר געדארפט איינע פון זיי אויס־דריקען עפעס א וועלכען ניט איז פארלאנג, אזוי פלעגט עס באלד דורכגעפיהרט ווערען. האט נאר איינע געדארפט אויסריידען, אזוי זיך, אהן וועלכען ניט איז הינטער־געדאנק, אז זי וואלט געוואלט אויסלערנען זיך פאהרען אויף א וועלאסיפעד, האט שוין אויפ'ן צווייטען טאג א ספעציעלער מענש געבראכט פון כארקאוו א שעהנע מאשין, וועלכע האט געקאסט אפשר א דריי הונדערט רובעל... אין א וועט, עפעס וועגען א קליינינגקייט, האט ער פאר־לארען בעטיע'ן א גאנצען פוד קאנפעטען, און קאסיע'ן — א בראש מיט שטיינער, וואס זיינען געגאנגען נאך דער רייה נאך — א קאראל, אן אמעטיסט, א סאפיר און א יאכאנט — וועלכע האבען צונויפגעשטעלט איהר גאנצען נאמען, קאסיע. איינמאל האט ער דערהערט, אז נינא האט ליב פערד און פאהרען רייטענדיג. אין צוויי טעג ארום האט מען איהר געבראכט אן עכט־ענגלישע שקא־פע, אן אויסגעפאהרענע אונטער א פרויען זאטעל. די מיידלעך זיינען געווען פאר'כשופ'ט. אין זייער הויז האט זיך באזעצט דער גוטער, לעגענדארער גייסט, וועלכער טרעפט און פיהרט תיכף דורך אלע זייערע קלענסטע קאפריזען. אנא אפאנאסיעווא האט געהאט עפעס אן אונדייטליך געפיהל, אז אין דער פרייגיביקייט איז פאראן עפעס ניט קיין שעהנע זאך פאר א פיינער הויזגעזינט, נאר זי האט ניט געהאט דעם מוט, און ניט דעם טאקט, אז זי זאל דאס אומבאמערקט געבען קוואשניג'ען צו פארשטעהן. אויף איהרע חניפה'דיגע באמערקונגען פלעגט ער נאר א מאך טאן מיט דער האנט און פלעגט ענטפערען מיט זיין גראבען זיכערען באס:

נו, אט נאך עפעס, מיין טייערע... אויסטראכטען אזעלכע נאריש־קייטען...

פון דעסטוועגען, קיין באזונדערען געפיהל האט ער צו קיין איינער פון איהרע טעכטער ניט ארויסגעוויזען אפען, ער האט זיי אלעמען גלייך צופרידען געשטעלט, און מיט אלעמען פון זיי פלעגט ער גוטברודעריש שפאסען. די יונגע לייט, וואס פלעגען פריהער באזוכען זינענקא'ס הויז, זיינען ווי איינער פארשוואונ־דען געווארען. דערפאר אבער איז דארטען סוויעזשעווסקי גע־ווארען א שטענדיגער גאסט, וואס פריהער איז ער אין זייער הויז געוועזען איינגאנצען א צוויי אדער דריי מאל. קיינער האט איהם ניט גערופען, ער איז געקומען אליין, ווי נאך אימיצענס א גע־היימער איינלאדונג, און מיט אמאל האט ער פאר אלעמען גע־קאנט ווערען א נויטווענדיגער מיטגליד אין זייער הויזגעזינט.

— ווי אזוי וועט איהר עס דערגרייכען, סטאניסלאוו קסאווע־ריעוויטש? — האט מען איהם א פרעג געטאן.

סוויעזשעווסקי האט א לאך געטאן, האט סודות'דיג געריבען זיך די הענט און האט געענטפערט:

— אלע וועגען פיהרען קיין רוים.

זיין אינסטינקט האט איהם אונטערגעזאגט, אז איצטער, אין דער שעפּעטאוווער עקאנאמיע, לייגען זיך זעהר גוט אויס די אומ־שטענדען פאר זיין צוקונפטיגער קאריערע. אזוי צי אזוי, נאר ער האט געקענט צוניץ קומען דעם אלמעכטיגען פאטראן. און סוויעזשעווסקי, שטעלענדיג אלץ אויף דער קארט, איז גלייך גע־קראכען קוואשנינען פאר די אויגען מיט זיין אונטערטעניגען גע־לעכטערל. ער האט פאר איהם געגומען שפּילען, ווי א פרעהליכער הויף־הינטעל מיט א בייזען מעדעליאנעם יאגד־הונט, אויסדריי־קענדיג מיט די אויגען און מיט'ן קול, אז ער איז גרייט אלע וויי־לע אנצוטאן א שאדען נאך וואסילי טערענטיעוויטש'עס איינאיינצי־גען וואונק.

דער פאטראן האט ניט געשטערט. דער זעלבער קוואשנין, וועלכער פלעגט אוועקטרייבען פון די שטעלען אהן שום ערקלערונג,

דירעקטאָרען און אויפזעהער איבער פאַבריקען, — דער זעלבער קוואַשנין האָט געקאָנט שווייגען און דולדען די אַנוועזענהייט פון עפּעס איינעם, אַ סוויעזשעווסקי׳ן... דאָ האָט געשמעקט מיט עפּעס אַ טובה, און דער צוקונפטיגער מיליאָנער האָט געוואַרט אויף זיין מאָמענט.

דאָס אַלץ, איבערגעהענדיג פון מויל צו מויל, איז אויך צו באָבראָוו׳ן דערגאַנגען. ער איז ניט איבעראַשט געוואָרען: ווע־גען זינענקאָ׳ס הויזגעזינט האָט ער שוין געהאַט אַ פעסטע און אַ ריכטיגע מיינונג. איהם האָט נאָר אויפגערעגט דאָס, וואָס די רכילות האָט ניט פאַרפעהלט צו באַריהרען מיט איהר שמוציגען עק אויך נינאַ׳ן... נאָכ׳ן געשפּרעך אויפ׳ן וואָקזאַל איז דאָס מיי־דעל איהם געוואָרען נאָך מעהרער ליב און טייער. פאַר איהם נאָר אַליין האָט זי מיט צוטרוי געעפענט איהר נשמה, אַ שעהנע אפילו אין דעם וואַקלען זיך און אין די שוואַכקייטען. אַלע אַנדער־רע מענשען — האָט ער געמיינט — האָבען נאָר געקאָנט איהרע קליידער און איהר דרויסענדיגען אויסזעהן. די אייפערזיכט מיט אַלע איהרע ציגישע ספקות, מיט איהר אייביגען אויפגערעגטען עגאָאיזם, מיט איהר קליינליכקייט און גראָבקייט, איז פרעמד גע־ווען פאַר אַזאַ פאַרטרויטער צאַרטער נאַטור, ווי באָבראָווס.

אַ גוטע, אמת׳ע פרויען ליבע האָט נאָך צו אַנדרעי איליטש׳ן ניט אַ שמייכעל געטאָן. ער איז געווען צו שעמעוודיג און ניט איינגעגלויבט אין זיך, אַז ער זאָל נעהמען פון לעבען דאָס, וואָס על פּי יושר איז איהם געקומען. און עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס זיין נשמה איז אַנטקעגען געפלויגען דעם נייעם, שטאַרקען געפיהל.

די אַלע טעג האָט זיך באָבראָוו געפונען אונטער׳ן כשוף פון דעם געשפּרעך אויפ׳ן וואָקזאַל. הונדערטער מאָל פלעגט ער זיך דערמאָנען אויפ׳ן געשפּרעך ביז די קלענסטע איינצעלהייטען, און מיט יעדען מאָל פלעגט ער דערזעהן אין נינאָ׳ס ווערטער אַלץ אַ טיפערע באַדייטונג. אין די פריהמאָרגענס פלעגט ער זיך

אויפכאַפּען מיט אַן אונדייטליכען באוואוסטזיין פון עפּעס גרויסעס און ליכטיגעס, וואָס האָט באַזוכט זיין נשמה און זאָגט איהם צו אַזוי פיל גליק.

איהם האָט זעהר שטאַרק געצויגען צו די זינענקאַ'ס: ער האָט זיך נאָך אַמאָל געוואָלט איבערצייגען אין זיין גליק, הערען נאָך אַמאָל פון נינאַ'ן איהרע שרעקעדיגע, אָדער איהרע נאַאיווע וואַגענדיגע האַלבע ערקלערונגען. נאָר איהם האָט געענגט קוואַשנינ'ס אַנוועזענהייט, און ער האָט זיך געטרייסט מיט דעם, וואָס דער פּאַטראָן וועט אויף קיין פאַל ניט קענען פאַרברענגען אין איוואַנאָווקע מעהר פון צוויי וואָכען.

אָבער דער צופאַל האָט איהם געהאָלפען צו זעהן זיך מיט נינאַ'ן נאָך ביז קוואַשנינ'ס אָוועקפאָהרען. דאָס איז פאָרגעקומען זונטאַג, אין דריי טעג אַרום נאָך דער פייערונג פון דער עפענונג פון דעם נייעם דאַמענעם אויווען. באַבראָוו איז געפאָהרען רייטענדיג אויף פאַרוואַטערען איבער דעם ברייטען, גוט געפלאַסטערטען וועג, וואָס האָט געפיהרט פון דער פאַבריק צום וואָקזאַל. עס איז געווען צוויי אַ זייגער, עס איז געווען אַ קיהלער שעהנער טאָג. פאַרוואַטער איז געגאַנגען מיט אַ גיכען גאַלאָפּ, האָט געפיהרט מיט די אויערען און געטרייסעלט מיט'ן קאָפּ. ביים פאַרקעהר לעבען מאַגאַזין, האָט באַבראָוו באַמערקט ווי אַ דאַמע אין אַן אַמאַזאָנע לאָזט זיך אַרונטער פונ'ם באַרג אויף אַ גרויסען געלען פערד, און באַלד נאָך איהר — אַ רייטער אויף אַ קליינינקען, ווייסען קירגיז. באַלד האָט ער זיך איבערצייגט, אַז זי איז געווען אין אַ טונקעל גרינעם לאַנגען פאַרנאַנדערגעבלאָזענעם קלייד, אין געלע הענטשיקעס מיט קראַגענס, און אין אַ נידעריגען גלאַנציגען צילינדער הוט. זי איז זיכער און שעהן געזעסען אויפ'ן זאַטעל. די שלאַנקע, ענגלישע שקאַפּע איז אונטער איהר געגאַנגען אין אַ ברייטען עלאַסטישען גאַלאָפּ, אָנשטרענגענדיג דעם האַלז, און הויבענדיג הויך די דינע, טרוקענע פיס. נינאַ'ס באַגלייטער, סוויעזשעווסקי, איז אָפּגעשטאַנען ווייט, און האָט פּלאָנטערנדיג מיט די עלענבויגענס, בויגענדיג זיך און טרייסלענדיג האָט ער זיך

געמאַטערט צו כאַפּען מיט'ן שפּיץ שטיוועל דעם טרעטער פון זאַ־
טעל.

ווען נינאַ האָט באַמערקט באַבראָוו'ן, האָט זי גענומען טרייַ־
בען דעם פערד. איבער'ן ווינט, האָט זי געמוזט האַלטען מיט דער
רעכטער האַנט דעם פאָרענט פון הוט און נידעריג איינבויגען דעם
קאָפּ. ווען זי האָט זיך אויסגעגלייכט מיט אַנדרעי איליטש'ען, האָט זי
מיט אַמאָל איינגעהאַלטען דעם פערד, און דער פערד האָט זיך אָפּ־
געשטעלט, האָט אונגעדולדיג געביטען מיט די פיס, האָט צושפּרייט
די ברייטע נאָזלעכער און האָט הילכיג געביסען מיט די ציין דעם
צוים־אייזען, פון וועלכען עס זיינען געפאַלען ווייסע שטיקער שוים.
פונ'ם פאַהרען איז דאָס געזיכט ביי נינאַ'ן געוואָרען רויט, און די
האָר, וואָס האָבען זיך אַרויסגעשלאָגען איבער די שלויפען פון
אונטער דער הוט, האָבען זיך פאַרוואָרפען אויף רינגען אין לאַנגע,
דינע לאָקען.

— ווי קומט עס צו אייך אַזאַ פאַרשוין? — האָט באַבראָוו
געפרעגט, נאָכדעם ווי ער האָט שוין איינגעהאַלטען דעם טאַנ־
צענדיגען פאַרוואַטערען, און, איבערבויגענדיג זיך איבער'ן זאַ־
טעל, האָט ער אַ דריק געטאָן נינאַ'ס שפּיץ פינגער.

— אמת, אַ פאַרשוין? — דאָס איז — אַ מתנה פון קוואַש־
נינען.

— איך וואָלט זיך אָפּגעזאָגט פון אַזאַ מתנה, — האָט אַנדרעי
איליטש אַ זאָג געטאָן, וועריענדיג פּלוצלינג בייז פון נינאַ'ס רו־
הינען ענטפער.

נינאַ האָט זיך אַנגעצונדען.

— פאַר וואָס עפּעס?

— דערפאַר... דערפאַר, ווייל, וואָס איז ער אייך, דער קוואַש־
נין, אַ פריינד? אַ חתן?

— אַך, גאָט מיינער, ווי קליינליך איהר זייט אויפ'ן צוויי־
טענס חשבון! — האָט זי גיפטיג אויסגעשריען. נאָר אַז זי האָט
דערזעהן זיין ליידענדיג געזיכט, איז זי באַלד ווייכער געוואָרען.

— ביי איהם איז דאָך דאָס אַזאַ קלייניגקייט... ער איז דאָך אַזוי רייך.

סוויעזשעווסקי איז שוין געווען אויף צעהן טריט פון זיי. נינאַ האָט זיך פלוצלינג איינגעבויגען צו באַבראָוו'ן, האָט זיך צערטליך צוגעריהרט מיט'ן שפּיץ בייטש צו באַבראָוו'ס האַנט און האָט אַ זאָג געטאָן אין דער שטיל, אין אַ טאָן פון אַ קליינער מיידעלע, וואָס איז זיך מודה אין איהר שולד:

— נו, געגוג שוין... זייט ניט אין כעס... איך וועל איהם דעם פערד אומקעהרען צוריק... בייזער איהר... איהר זעהט, וואָס פאַר אַ ווערט עס האָט ביי מיר אייער מיינונג.

אַנדריע איליטש'עס אויגען האָבען אויפגעשיינט פון גליק, און זיינע הענט האָבען ניט ווילענדיג זיך אַ ציה געטאָן צו נינאַ'ן. נאָר ער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, ער האָט נאָר אַ זיפץ געטאָן טיף, מיט דער גאַנצער ברוסט. סוויעזשעווסקי איז צו איהם צוגעפאָהרען, האָט זיך געגוייגט, און האָט זיך באַמיהט אַנצונעהמען אַ נאָכלעסיגע מינע.

— איהר ווייסט דאָך, מן הסתם, וועגען אונזער פּיקניק? — האָט סוויעזשעווסקי נאָך פון דער ווייטען אויסגעשריען.

— איך הער דאָס צום ערשטען מאָל, — האָט אַנדרעי איליטש געענטפערט, — אַ פּיקניק אויף וואַסילי טערענטיעוויטשעס איניציאַטיווו? אויף די ווילדע באַלקעס? — איך האָב ניט געהערט.

— יאָ, יאָ, מיר בעטען אייך, אַנדרעי איליטש, קומט צופאָהרען, — האָט זיך נינאַ אַריינגעמישט. — מיטוואָך פינף אַ זייגער, אין אָווענט... דער פאַרזאַמלונגס פּונקט איז אויפ'ן וואָקזאַל.

— אויף איינלאַדונגען, — האָט סוויעזשעווסקי צוגעגעבען.

— וואַסילי טערענטיעוויטש האָט מיר פאַרטרויט איינצואָרדענען עפּעס פאַרשיידענע זאַכען. איך קען אייך זאָגען, אַז דאָס וועט זיין אַ גראַנדיעזער פּיקניק. עפּעס אַזוינס, אויסערגעוויינליך...

דערווייל איז דאָס נאָך אַלץ אַ סוד. איהר וועט איבעראַשט ווע־
רען פון דעם ניט־ערוואַרטען...

נינאַ האָט ניט אויסגעהאַלטען און זי האָט קאַקעטיש צוגע־
געבען:

— דאָס אַלץ איז דאָך אַרוים איבער מיר. איך האָב אייער־
נעכטען אַ זאָג געטאָן, אַז עס וואָלט גוט געווען מיר זאָלען אין
קאָמפּאַני אַרויספאָהרען ערגעץ אין וואַלד, און וואָסילי מערענ־
טיעווימש...

— איך וועל ניט קומען! — האָט באַבראָוו שאַרף אַ זאָג
געטאָן.

— ניין, איהר וועט קומען! — האָט נינאַ געזאָגט און איהרע
אויגען האָבען אַ בליץ געטאָן. — נו, מאַרש! מאַרש! — האָט זי
אַ געשריי געטאָן, און אַ ריהר געטאָן דעם פערד אין אַ גאַלאָפּ. —
אַנדרעי וואַסיליטש, הערט וואָס איך וועל אייך זאָגען.

סוויעזשעווסקי איז געבליבען פון הינטען. נינאַ און באַב־
ראָוו זיינען געשפּרונגען איינע לעבען די אַנדערע: זי, — שמייכ־
לענדיג און אַריינקוקענדיג איהם אין די אויגען, און ער, — אַן
אומצופרידענער און אַן אַנגעכמורעטער.

— דאָס האָב איך דאָך צוליב אייך אויסגעטראַכט דעם פּיק־
ניק, מיין שלעכטער פאַרדעכטיגער פריינד, — האָט זי געזאָגט
מיט אַ טיפער צערטליכקייט אין איהר קול. — איך וויל אומ־
באַדינגט וויסען דאָס, וואָס איהר האָט יעמאָלט, אויפ׳ן וואָקזאַל
ניט דערערדט... קיינער וועט אונז ניט שטערען אויפ׳ן פּיקניק.

און ווידער איז אין באַבראָוו׳ס נשמה פאַרגעקומען אַ מאָ־
מענטאַלע ענדערונג. און דערפילענדיג ביי זיך אויף די אויגען
טרערען פון פרייד, האָט ער ליידענשאַפטליך אויסגעשריען:

— אַ, נינאַ, ווי איך האָב אייך ליב!

אָבער נינאַ האָט אויסגעזעהן, ווי זי וואָלט ניט געהערט די
פּלוצלינדיגע ערקלערונג. זי האָט אַ ציה געטאָן די צוים, איינהאַל־
טענדיג דעם פערד, און האָט אַ פרעג געטאָן:

— וועט איהר קומען? יאָ?

— איך וועל קומען! זיכער, איך וועל קומען!

— זעהט, אז איהר זאָלט קומען... און איצטער וועלען מיר צואוואַרטען אויף אונזער קאוואַליער און — אדיע. איך איינ מיך אהיים...

ווען ער האָט זיך מיט איהר געזעגענט, האָט ער דורך דער הענטשקע דערפילט די וואַרעמקייט פון איהר האַנט, וואָס האָט איהם געענטפערט מיט אַ לאַנגען פעסטען דריק. נינאַ'ס טונקעלע אויגען האָבען געקוקט פאַרליבט.

9

מיטוואָך, פון פיער אַ זייגער אָן, איז שוין דער וואָקזאַל געווען איבערגעפּאַקט מיט די אַנטיילנעמער פון פּיקניק. אַלע האָבען זיך געפילט פרעהליך און ניט געענגט. וואָסילי טערענטיעוויטש'עס באַזוך האָט זיך דאָס מאָל געענדיגט זעהר גוט, הגם קיינער האָט זיך אויף דעם ניט געריכט. עס האָט ניט געבליצט און ניט געדונערט; מען האָט קיינעם ניט געבעטען פאַרלאָזען די שטעלען, פאַרקעהרט נאָך, עס האָבען זיך אַרומגעטראָגען קלאַנגען, אז אין גיכען וועט מען גאָר העכערען דעם געהאַלט פון די מעהרסטע אַנגעשטעלטע. אויסער דעם, האָט דער פּיקניק צוגעזאָגט צו זיין זעהר אַן אינטערעסאַנטער. ביז די ווילדע באַלקעס, דאָס אָרט וואוהין מען האָט געדאַרפט פאָהרען, איז געווען, אויב מען זאָל פאָהרען אויף פערד, ניט מעהר ווי צעהן מייל, איבער זעהר אַ שעהנעם וועג... דער ליכטיגער און וואַרעמער וועטער, וואָס איז געשטאַנען זיכער פאַר דער לעצטער וואָך, האָט צוגעזאָגט, אז דער פּיקניק קען ניט געשטערט ווערען.

די איינגעלאַדענע זיינען געווען אַרום ניינציג מענשען: זיי האָבען זיך אַרומגעדרעהט אויף דער פּלאַטפאָרם אין פרעהליכע גרופּען, האָבען הילכיג געשריען און געלאַכט. די רוסישע שפּראַך האָט זיך דאָ איבערגעמישט מיט פראַנצויזישע, דייטשע און פּוילישע פראַזען. דריי בעלגיער האָבען מיטגעבראַכט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטען, צו מאַכען מאָמענט-בילדער ביים מאַגנישען ליכט... אַלע־

אויפגעהערט כליפּען און אונטערוואַיען אין דער שטיל, און ווישען מען האָט אינטערעסירט ביז דער קלענסטער איינצעלהייט, וואָס עס וועט פאָרקומען אויפ'ן פּיקניק.

סוויעזשעווסקי האָט מיט אַ פאַרבאַהאַלטענעם און שטאָלצען אויסזעהן עפּעס אַנגעדייט וועגען „סורפּריזען", נאָר פון ערקלערונגען האָט ער זיך אויף אַלע וועגען אַרויסגעדרעהט.

דער ערשטער סורפּריז האָט זיך אַרויסגעוויזען דער ספּעציעלער צוג. אַקוראַט פינף אַ זייגער, איז פון דעם לאָקאָמאָטיוודעפּאָ אַרויסגעגאַנגען אַ נייער אַמעריקאַנער, צעהן רעדער'דיגער לאָקאָמאָטיוו. די דאַמען האָבען ניט געקענט איינהאַלטען די געשרייען פון פרייד און איבעראַשונג: די גאַנצע ריזיגע מאַשין איז געווען באַפּוצט מיט פלאַגען און לעבעדיגע בלומען. גרינע גירליאַנדען פון דעמבען־בלעטער האָבען זיך איבערגעפלאָכטען מיט בוקעטען פון פאַרשיידענפאַרביגע בלומען, און האָבען אַרומגעוויקעלט די גאַנצע מאַשין אַרום און אַרום, ביז'ן קוימען אַרויף, און פונ'ם קוימען ביז'ן פייפעל און ווידער ביז'ן קוימען אַרויף, אַזוי, אַז דאָס ביידעל פאַר'ן מאַשיניסט האָט אויסגעזעהן ווי אַ בליהענדיגע וואַנט מיט בלומען. פון אונטער דעם גרינס און די בלומען האָבען די שטאָלענע און מעשענע טיילען פון דער מאַשין געגלאַנצט און געפינקעלט אין דעם גאָלדענעם שיין פון דער הערבסטיגער פאַרגעהענדיגער זון. זעקס וואַגאָנען פון ערשטען קלאַס האָבען זיך אויסגעצויגען ביי דער לענג פון דער פּלאַטפאָרם און האָבען געדאַרפט פיהרען די געסט פון פּיקניק אויף דער 303־טער מייל, פון וואַנען עס איז פאַרבליבען צו געהן ביז די ווילדע באַלקעס, ניט מעהר ווי פינף הונדערט טריט.

— מיינע ליבע הערען, וואַסילי טערענטיעוויטש האָט מיך געבעטען אייך איבערצוגעבען, אַז ער נעהמט אויף זיך אַלע קאָסטען פונ'ם פּיקניק, — האָט סוויעזשעווסקי געזאָגט, איילענדיג זיך פון איין גרופּע צו דער צווייטער. — מיינע ליבע הערען, וואַסילי טערענטיעוויטש האָט מיך געבעטען איבערצוגעבען פאַר די איינגעלאַדענע...

ארום איהם האבען זיך פארזאמעלט א רערעל מענשען; ער האט ערקלערט וועגען וואס דא האנדעלט זיך:

— וואסילי טערענטיעוויטש איז צופרידען געבליבען פון דעם אויפנעמען, וואס די געזעלשאפט האט איהם ארויסגעוויזען, און איהם איז זעהר אנגענעם מיט פריינדליכקייט צו באצאלען פאר פריינדליכקייט... ער נעמט אלע קאסטען אויף זיך...

און ער האט ניט אויסגעהאלטען, געטריבען פון יענעם גע־פיל, וועלכער טרייבט א באדינער צו באמיהען זיך מיט דער ברייטהארציגקייט פון זיין באלעבאס, און ער האט צוגעגעבען אזוי וויכטיג:

— מיר האבען אויסגעגעבען פאר דעם פיקניק דריי טויזענד פינף הונדערט און נייַנציג רובעל!

— העלפט אויף העלפט מיט'ן הער קוואשנין? — האט זיך פון הינטען דערהערט א שפאסיגער קול. סוויעזשעווסקי האט זיך פלינק אומגעקעהרט און ער האט זיך איבערצייגט, אז אט די גיפ־טיגע פראגע האט איהם געשטעלט אנדרעא, וואס האט אויף איהם געקוקט מיט זיין שטענדיג־געלאסענער מינע, פארלייגט די הענט אין די טיפע הויזען־קעשענעס.

— וואס האט איהר געפרעגט? — האט סוויעזשעווסקי גע־זאגט, און איז שטארק רויט געווארען.

— ניין, דאס האט איהר געזאגט: „מ י ר האבען אויס־געגעבען", און איך האב דא דאס פולע רעכט צו טראכטען, אז איהר מיינט זיך און הערר קוואשנינען, אונטער דעם ווארט „מיר"... אין אזא פאל, רעכען איך פאר אן אנגענעמער פליכט צו ער־קלערען אייך, אז אויב איך נעם אן די פריינדליכקייט פון הערר קוואשנינ'ען, קען איך דאך עס פון דעם הער סוויעזשעווסקי'ן ניט אננעהמען...

— אך, ניין, ניין... ניט אזוי האט איהר מיך פארשטאנען, — האט דער פארשעהמטער סוויזשעווסקי אנגעהויבען פלאפלען, — דאס אלץ האט נאר הער קוואשנין... איך האב נאר געוואלט פשוט...

ווי א פארטרויטע פערזאן... אדער ווי א מין משרת, אדער וואס... —
האט ער צוגעגעבען מיט א זויערען שמייכעל.

כמעט אין דער זעלבער צייט, ווען מען האט דערלאנגט דעם ספעציעלען צוג, זיינען געקומען די זינענקא'ס, באלויט פון קוואש־נינ'ען און שעלקאווניקאוו'ן. נאר איידער וואסילי טערענטיע־וויטש האט צייט געהאט ארונטערצוגעהן פון זיין קאליאסקע, ווי עס איז פארגעקומען א טראגי־קאמישע געשעהעניש, וואס קיינער האט זיך גאר אויף דעם ניט געריכט. דערוויסענדיג זיך וועגען דעם פיקניק וואס דארף זיין, נאך פון דער פריה, האבען די ווייבער, שוועסטער און מאמעס פון די פאבריק ארבייטער, גענו־מען זיך פארזאמלען ביים וואקזאל; א סך פון זיי האבען מיט זיך גענומען זייערע וויג־קינדער. מיט אן אויסדרוק פון הילצער־נעם געדולד אויף די אפגעברענטע אויסגעמאטערטע געזיכטער, זיינען זיי שוין געזעסען עטליכע לאנגע שעה אויף די טרעפ פון וואקזאל, אויף דער ערד און ארום די ווענד, וואס האבען געוואר־פען א לאנגען שאטען. זיי זיינען געווען ארום צוויי הונדערט. אז די הויפט פון דער סטאנציע האבען געפרעגט ביי זיי, וואס זיי דארפען דא, האבען זיי געענטפערט, אז זיי דארפען „דעם געלען און גראבען נאטשאלניק“. דער וועכטער האט זיי געוואלט פארטרייבען, נאר זיי האבען אויפגעהויבען אזא פארטויבענדיגען גוואלד, אז ער האט נאר א מאך געטאן מיט דער האנט און האט געלאזען די ווייבער צורוה.

יעדער עקיפאזש וואס איז צוגעפאהרען, האט צווישען זיי אויף א וויילע ארויסגערופען א סומאטאכע, נאר אזוי ווי „דער געלער גראבער נאטשאלניק“ איז נאך אלץ ניט געקומען, פלעגען זיי זיך באלד ווידער בארוהיגען.

ווי נאר וואסילי טערענטיעוויטש האט זיך אנגעכאפט פאר'ן פארענטש, קרעכצענדיג און איינבויגענדיג די גאנצע קאליאסקע, שטעלענדיג זיך אויפ'ן טרעפעל, — האבען די ווייבער איהם באלד ארומגערינגעלט פון אלע זייטען און האבען א פאל געגעבען אויף די קניע. דערשראקען פון דעם גרויסען טומעל, האבען די יונגע

היצינע פערד א כראַפּע געטאַן און האָבען זיך גענומען רייסען; דער קוטשער האָט אָנגעצויגען די לייצעס, און האָט זיך אין גאַנ־צען פאַרוואָפען אויף הינטען, אַזוי, אַז ער האָט קוים איינגע־האַלטען די פערד אויפ׳ן אָרט. אין אַנהויב האָט קוואַשנין גאָר־נישט ניט געקענט פאַרשטעהן: די ווייבער האָבען געשריען אַלע מיט אַמאָל, און האָבען צו איהם אויסגעצויגען זייערע זויג־קינדער. איבער זייערע אָפּגעבּרענטע געזיכטער האָבען פּלוצלינג גענומען רינען שטראָמען טרערען...

קוואַשנין האָט דערזעהן, אַז ער וועט זיך בשום אופן ניט קענען אַרויסרייסען פון אָט דעם לעבעדיגען רינג, וואָס האָט איהם אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען.

— שטעהט, ווייבער! זייט שטיל! — האָט ער אַ געשריי געטאַן און האָט מיט אַמאָל פאַרדעקט מיט זיין באַס זייערע גע־שרייען. — איהר געוואָלדעוועט אַלע ווי אויפ׳ן מאַרק, איך הער גאָרנישט ניט, זאָל ריידען איינע פון אייך; וואָס ווילט איהר?

נאָר יעדער איינער האָט זיך געוואָלט אַליין רעדען. און די געשרייען זיינען נאָך שטאַרקער געוואָרען, און די טרערען האָבען נאָך מעהרער גענומען רינען איבער די געזיכטער:

— ברויטגעבער אונזערער... לייבליכער... טו אַ קוק אויף אונז... מיר קענען שוין מעהר ניט ליידען... מיר געהען שוין אוים!... מיר שטאַרבען... מיר שטאַרבען מיט די קינדער... מ׳קען זאָגען, אַז פון קעלט פּגר׳ן מיר...

— וואָס־זשע ווילט איהר? פון וואָס שטאַרבט איהר? — האָט קוואַשנין ווידער אַ געשריי געטאַן. — און גוואַלדעוועט ניט אַלע מיט אַמאָל! אָט, דו, ווייבעל, דערצעהל, — האָט ער אַ שטופּ געטאַן מיט׳ן פינגער אויף אַ הויכער בלייכער, גאַנץ שעהנער קאַ־לוגער ווייבעל. — און איהר אַלע — שווייגט!

די מעהרסטע זיינען אַנטשוויגען געוואָרען נאָר זיי האָבען ניט די טרערען און די נעזער מיט די פאַרטיכער...

פון דעםטוועגען האבען אפשר צוואנציג ווייבער גערעדט אויף איין מאל.

— ברויטגעבער אונזערער... מיר שטארבען פון קעלט... האב אויף אונז רחמנות און העלף אונז ווי ניט איז... מיר קענען שוין מעהר ניט אויסהאלטען... מ'האט אונז פארטריבען אויף ווינטער אין באראקען, און מ'קען דען דארטען לעבען? זיי רופען זיך נאר אַן באראקען, און זיי זיינען דאך פון הוילע שפּענדלעך... מיר פריהרען דאך איצטער אוים פון קעלט... מ'טרעפט ניט א צאן אויף א צאן... און וואס װעלען מיר טאן ווינטער?... האב כאטש רחמנות אויף אונזערע קינדערלעך, העלף אונז, ליבינקער, הייס כאטש אונז אוועקשטעלען אויוועגס, ניטא וואו אפילו קיין געקעכץ צו קאכען... אין דריסען קאכען מיר... אונזערע מענער זיינען א גאנצען טאג אויף דער ארבייט... דורכגענעצט... דערפראהרען... זיי קומען אהיים — און האבען ניט אפילו וואו צו טריקענען זיך...

קוואשנין איז געווען אין א פּאַסטקע. אין וועלכער זייט ער האט זיך א קעהר געטאן, האבען איהם די ווייבער, וואס זיינען געשטאנען אויף די קניע, אומעטום פארצאמט דעם וועג, און אז ער האט געפּרואווט דורכרייסען זיך דורך זיי, האבען זיי איהם געכאפּט פאר די פים און פאר די פּאלעם פון זיין לאנגען גרויען פּאלטא. זעהענדיג זיין אייגענע מאכטלאזיגקייט, האט קוואשנין מיט א באוועגונג פון דער האנט, א רוף געטאן צו זיך שעלקאוו־ניקאוו'ען, און ווען יענער האט זיך דורכגעשטופּט דורך דער געדיכטער מאסע ווייבער, האט איהם וואסילי טערענטיע־וויטש א פרעג געטאן אויף פראנצויזיש מיט א צארנ'דיגען אוים־דורק אין קול:

— איהר האט געהערט? וואס באדייט דאס אלץ?

שעלקאוויקאוו האט הילפלאז א פיהר געטאן מיט די הענט און האט געגומען מורמלען:

—איך האב געשריבען צו דער פארוואלטונג, איך האב גע־לאזט וויסען... זעהר ווינציג ארבייטער־הענט... שנים־צייט... זור־

מער־צייט... הויכע פרייזען... די פארוואלטונג האט ניט ערלויבט... מען קען ניט העלפען...

— ווען וועט איהר אנהויבען איבערבויען די ארבייטער באַראַקען ? — האט קוואשנין שטרענג א פרעג געטאן...

— מען קען בשום אופן ניט זאגען ווען... זאלען זיי ווי ניט איז האבען א ביסעל געדולד... מיר מוזען זיך פריהער צואיילען מיט די געביידען פאר די אנגעשטעלטע...

— דער טייוועל וויים וואס אן ארדנונג דא געהט אן אונטער אייער אויפזיכט, — האט קוואשנין א זאג געטאן אונטער דער נאז, און אומקערענדיג זיך צו די ווייבער, האט ער הויך געזאגט :

— הערט, ווייבער ! פון מארגעדיגען טאג אן וועט מען אנהויבען פאר אייך מאכען אויוועגס און אייערע באראקען וועט מען באדעקען מיט האלץ. איהר האט געהערט ?

— מיר האבען געהערט, טייערינקער... א דאנק דיר... ווי זאלען מיר עס ניט הערען ? — האבען זיך פארנאנדערגעטראגען דערפרעהטע קולות. — ס'איז מן הסתם בעסער, וואס דער הויפט נאטשאלניק האט עס אליין באפוילען... א דאנק דיר, אדלער'ל... אפשר וואלסטו אונז, טייערער, פאראיינוועגס — ערלויבט קלייבען שפענער פון די געביידען ?...

— גוט, גוט, איך ערלויב אייך קלייבען שפענער...

— אז זיי האבען אבער אומעטום אוועקגעשטעלט טשערקעסען *) און ווי נאר מ'קומט נאך שפענער, באפאלען זיי באלד מיט זייערע בייטשען...

— גוט, גוט... קומט נאך שפענער... קיינער וועט אייך ניט שטערען, — האט קוואשנין בארוהיגט. — און איצטער, ווייבער,

---

*) אויף די פאבריקען און עקאנאמיעס אין דער דרום־געגענד שטעלט מען אן די טשערקעסען פאר וועכטער, צוליב זייער געטריישאפט און צוליב דער מורא, וואס זיי ווארפען ארויף אויף דער ארומיגער באפעלקערונג.

מארש אהיים! ווארמעס קאכען! נו, היט זיך! געשווינד! — האט ער א געשריי געטאן מיט א מוטיגען וואוילינגערישען קול, און צו שעלקאווניקאוו'ן האט ער זיך געווענדט אין דער שטיל, — זעהט, אז מען זאל מארגען אויסשיטען א פאר וועגען שטיינער ארום זייערע באראקען... דאס וועט זיי אויף לאנג בארוהיגען... זאלען זיי זיך פרעהען.

די וויבער זיינען זעך פארנאנדערגעגאנגען אין גאנצען גליק־ליכע.

— דו זעה דארטען, אז אויב דו וועסט אונז ניט שטעלען קיין אויוועגס, וועלען מיר רופען די אינזשענירען, אז זיי זאלען קומען אונז אנווארעמען, — האט א געשריי געטאן די זעלבע קאלוגער וויבעל, וועמען קוואשנין האט געהייסען ריידען פאר אלעמען.

— ווי זשע אנדערש, — האט זיך אפגערופען א צווייטע, — זאל אונז יעמאלט אליין דער גענעראל אנווארעמען. זעה, ס'ארא גראבער און פעטער ער איז... מיט איהם וועט זיין וואר־רעמער ווי אויף אן אויווען...

דער אונערווארטער עפיזאד, וואס האט זיך אזוי פרעה־ליך געענדיגט, האט מיט אמאל אלעמען אויפגעמונטערט. אפילו קוואשנין, וואס האט זיך פריהער געבלאזען אויפ'ן דירעקטאר, האט זיך איצטער פארנאנדערגעלאכט, ווען די וויבער האבען איהם איינגעלאדען אנצואווארעמען זיי, און ער האט א בארוהיגטער גענומען שעלקאווניקאוו'ן אונטער'ן ארעם.

— איהר פארשטעהט, מיין טייערער, — האט ער גערעדט צום דירעקטאר, ארויפגעהענדיג אויף די טרעפ פון וואקזאל, — מען דארף קענען דורכריידען זיך מיט אט דעם פאלק. איהר קענט זיי צוזאגען אלץ אין דער וועלט — קריסטאלענע פאלאצען, אן אכט־שעה'דיגען ארבייטס־טאג, געבראטענע טייבעלעך אויף אנ־בייסען, — נאר טוט עס מיט זיכערקייט. איך שווער אייך: מיט איינע צוזאגעניש וועל איך אין איין פערטעל שעה צייט פארלע־שען די שטורעמדיגסטע פאלקס־סצענע...

דערמאנענדיג זיך אויף די איינצעלהייטען פונ'ם אקארשט

איינגעשטילטע „וויבערשען בונט“, און לאבענדיג אויפ'ן קול, האט זיך קוואשנין געזעצט אין וואגאן. אין דריי מינוט ארום איז דער צוג ארויס פון דער סטאנציע. די קוטשערס האט מען געהייסען פאהרען גלייך צו די ווילדע באלקעס, ווייל אויף צוריק האט מען זיך געגרייט צו פאהרען אויף פערד מיט פאקעלען.

נינא'ס האלטונג האט באבראוו'ן אומרוהיג געמאכט. אויפ'ן וואקזאל האט ער געווארט אויף איהר קומען מיט אן אויפגערעגטער אונגעדולד, וועלכע האט זיך ביי איהם אנגעהויבען נאך פון נעכטען. פריהעריגע ספקות זיינען פארשוואונדען פון זיין נשמה; ער האט געגלויבט אין זיין נאהענטען גליק, און קיינמאל האט פאר איהם די וועלט נאך ניט אויסגעזעהן אזוי שעהן, און די מענשען אזוי גוט, און דאס לעבען אזוי לייכט און פריידיג. ווען ער האט געטראכט וועגען דער באגעגעניש מיט נינא'ן, האט ער נאך פון פריהער זיך פארגעשטעלט די שעהנע רגע, און האט ניט ווילענדיג אנגעגרייט די צערטליכסטע, ליידענשאפטליכסטע און שעהנסטע ווערטער, און דערנאך פלעגט ער פון זיך אליין לאכען... צוליב וואס דארף מען פארפאסען ליבעס ווערטער? ווען עס וועט נויטיג זיין, וועלען זיי אליין קומען און זיי וועלען זיין נאך שעהנער, נאך ווארעמער. און באבראוו האט זיך דערמאנט אויף עפעס לידער, וואס ער האט אמאל געלייענט ערגעץ אין א זשורנאל, וואו דארטען זאגט דער פאעט צו זיין געליבטער, אז זיי וועלען זיך ניט שווערען איינע פאר די צווייטע, ווייל די שבועות וואלטען נאר באליידיגט זייער פארטרויטע און הייסע ליבע.

באבראוו האט געזעהן ווי תיכף נאך קוואשנין'ס קאליאסקע זיינען צוגעפארען זינענקא'ס צוויי קארעטען. אין דער ערשטער איז געזעסען נינא. זי איז געווען אין א לייכטען קלייד פון העל געלען קאליר ארומגעארבייט שעהן ביים האלב קיילעכדיגען אויסשניט פון קארסאזש, מיט ברייטע שפיצען פונ'ם זעלבען טאן, און אין א ברייטען איטאליענישען הוט, באפוצט מיט א בוקעט טהייראזען. באבראוו'ן האט זיך געדאכט, אז היינט איז זי עפעס בלייכער און ערנסטער, ווי אלע מאל. זי האט איהם באמערקט

נאָך פון דער ווייטען, ווען ער איז געשטאַנען ביי דער טיר פון וואקזאל, נאָר זי האָט צו איהם ניט געשיקט קיין ווייטען פיל־דייטיגען בליק, ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט. פאַרקעהרט, איהם האָט זיך אפילו אויסגעדאכט, אז זי האָט זיך אומיסטנע אָפּגע־קערט פון איהם. ווען אַנדרעי אילימש איז צוגעלאָפען צו איהר קאַרעטע העלפען איהר אַרונטערגעהן, איז נינאַ, ווי מען וואלט זי געוואָרענט, לייכט און פלינק אַרויסגעשפּרונגען פון עקיפּאַזש אויף דער צווייטער זייט. עפּעס אַ מינסטער, בייז געפיל האָט אַנדרעי אילימש'ען אַ שטאָך געטאָן אין הארצען, אָבער ער האָט זיך אַליין באַלד בארוהיגט. „אַ קינד, זי שעהמט זיך מיט איהר געפיהל און מיט איהר ליבע, איהר דאַכט זיך, דאָס יעדערער קען פריי לייענען אין איהרע אויגען אַלע איהרע פאַרבאָרגענסטע גע־דאַנקען... אַ, ליכטיגע, הייליגע אונשולד!“

אַנדרעי אילימש איז זיכער געווען, אז נינאַ, ווי יענעם מאָל אויפ'ן וואקזאל, וועט אַליין געפינען דעם צופאַל צו טרעפען זיך מיט איהם, כדי זיי זאָלען אויג אויף אויג זיך איבערוואָרפען מיט עטליכע ווערטער. אָבער, ווי עס האָט אויסגעזעהן, איז זי אין גאַנצען געווען פאַרכאַפּט פון קוואשנין'ס דורכריידען זיך מיט די ווייבער, און זי האָט זיך דאָס ניט געאיילט צו טאָן... קיין איין מאָל ניט, אפילו בגנבה, האָט זי זיך ניט אומגעקעהרט אַ קוק צו טאָן אויף באַבראָוו'ן. אַנדרעי אילימש'עס הארץ האָט געגומען פּלוצלינג קלאַפּען אומרוהיג און טרויעריג. ער האָט באַשלאָסען צו־צוגעהן צו די זינענקאָ'ס, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען אין איין ענגער גרופּע, און וועמען די איבעריגע דאַמען האָבען, ווייזט אויס, אויסגעמידען, — און אונטער דעם טומעל, וואָס האָט צוגעצויגען אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט, אַ פרעג צו טאָן נינאַ'ן אויב ניט מיט ווערטער, איז כאָטש מיט אַ בליק, פאַר וואָס זי מיידט איהם אויס.

ער האָט זיך גענייגט צו אננאַ אַפאַנאַסיעוונאַ'ן, און דריקענ־דיג איהר די האַנט, האָט ער איהר אַריינגעקוקט אין געזיכט, און האָט זיך אַנגעשרעגגט עפּעס צו לייענען אויף איהם, צי זי וויס פון עפּעס. יאָ, זי האָט זיכער געוואוסט: איהרע ברעמען, אי־

בערגעבראַכענע אין די ווינקלען, — אַ סימן פון אַ פאַלשען כאַראַקטער, ווי באַבראַוו פלעגט שטענדיג טראַכטען — האָבען זיך אונצופרידען אַרונטערגערוקט, און די ליפּען האָבען אָנגענומען אַ שטאַלצען עזות'דיגען אויסדרוק. „נינאַ האָט אַ פּנים אַלץ דערצעהלט פאַר דער מאַמען, און האָט פון איהר באַקומען אַ שטאַרקען אויסרייד" — האָט זיך באַבראַוו אָנגעשטויסען און איז צונעגאַנגען צו נינאַ'ן.

גאָר נינאַ האָט אויף איהם אפילו ניט אַ קוק געטאָן. ווען זיי האָבען זיך באַגריסט, איז איהר האַנט געלעגען אומבאַוועגליך און קאַלט אין זיין ציטערדיגער האַנט. אַנשטאָט צו ענטפערען אויף אַנדרעי איליטש'עס באַגריסונג, האָט זי תיכף אַ קעהר געטאָן דעם קאָפּ צו בעטע'ן און האָט זיך מיט איהר דורכגעוואָרפען מיט עפּעס אַ פּאָר פוסטע באַמערקונגען... אין איהר איילענדיגער מאַניר האָט באַבראַוו דערזעהן עפּעס שולדיגעס, אַנגעשראָקענעס, און דאָס צוריקהאַלטען זיך פון אַ גלייכען, מוטיגען ענטפער... ער האָט דערפילט, אַז זיינע פיס זיינען מיט אַמאָל שוואַך געוואָרען, און אַז אין מויל איז איהם פּלוצלינג געוואָרען קאַלט... ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טראַכטען. אויב אפילו נינאַ האָט זיך אויסגעפּלוידערט פאַר דער מאַמע'ן, האָט זי דען ניט געקענט מיט יענעם פלינקען, רייזענדיגען בליק, מיט וועלכען פרויען באַנוצען זיך אינסטינקטיוו, צו איהם זאָגען: „יאָ, האָסט געטראָפען, מען וויים פון אונזער געשפּרעך... אָבער איך בין נאָך אַלץ די זעלבע, מיין ליבער, איך בין די זעלבע, זיי ניט אומרוהיג"... אָבער זי האָט זיך אָפּגעקעהרט. „נו, אַלץ איינס, וואָס עס זאָל ניט געשעהן, אָבער אויפ'ן פּיקניק וועל איך זיך דערוואַרטען אויף איהר ענטפער, — האָט באַבראַוו אַ טראַכט געטאָן מיט אַ אונדייטליכען טרויעריגען פאַרגעפיהל פון עפּעס שווערעס און אומזויבערעס, — „אַזוי צי אַזוי, זי וועט מיר מוזען ענטפערען."

10

אויף דער 303־טער מייל איז די געזעלשאַפט אַרוים פון די וואַגאָנען און אין אַ לאַנגער פאַרביגער רייה אַוועקגעצויגען זיך פאַרביי דעם וועכטער׳סביידעל, איבער׳ן שמאָלען שטעגעל, וואָס האָט זיך אַרונטערגעלאָזען צו די ווילדע באַלקעס... אויף די אויפ־געפלאַמטע געזיכטער האָט נאָך פון דער ווייטען אַן אָטעם גע־טאָן מיט פרישקייט און דופּט פונ׳ם הערבסטיגען וואַלד... דאָס שטעגעל האָט זיך געצויגען אַלץ שמאָלער, און האָט זיך פאַרלאָרען צווישען בושען נים בוימלעך און ווילדען וויינריב, וואָס האָבען זיך איבער איהם געדרעהט ווי טונקעלע נעצען. אונטער די פיס האָבען שוין געשאַרכט די טרוקענע געלע צונויפגעקנייטשטע בלע־טער. ווייט, ווייט, דורך דער געדיכטער געץ פון דעם וואַלד האָט געגליהט די פאַרגעהענדיגע זון.

די בושען האָבען זיך געענדיגט. פאַר אַלעמענס אויגען האָט זיך אונערוואַרטעט פאַרנאַנדערגעעפענט צווישען די בוימער אַ ברייטער פּלאַץ, אַן איינגעקלאַפּטער און באַשאָטענער מיט ריינעם זאַמד. אויף איין זייט פונ׳ם פּלאַץ איז געשטאַנען אַן אַכט־קאַנ־טיגער פּאַוויליאָן, אין גאַנצען פאַרפּוצט מיט פלאַגען און גרינס, און אויך אַן אַנדער זייט — אַ פאַרדעקטע עסטראַדע פאַר די מו־זיקאַנטען. ווי נאָר די ערשטע פאַר האָט זיך באַוויזען פון דער ווייט, אַזוי האָט דער מיליטער־אָרקעסטער אַ שפּיל געטאָן פון דער עסטראַדע אַ פרעהליכען מאַרש. די הייטערע, שעהנע מעשענע קלאַנגען האָבען זיך שטיפעריש פאַרנאַנגעטראָגען איבער׳ן וואַלד, אָפּקלינגענדיג הילכיג פון די בוימער, און צונויפגיסענדיג זיך ער־געץ אין דער ווייט מיט אַ צווייטען אָרקעסטער, וועלכער האָט אָט איבערגעיאָגט דעם ערשטען און אָט געגומען אָפּשטעהן פון איהם. אינ׳ם אַכט־קאַנטיגען פּאַוויליאָן אַרום די לאַנגע אויסגע־שטעלטע טישען, באַדעקט מיט נייע, ווייסע טישטיכער, האָבען זיך אַרומגעדרעהט די סאַרווערס און האָבען שוין געקלונגען מיט׳ן געפעס...

באלד ווי דער ארקעסטער האט געענדיגט שפּילען דעם מאַרש, האבען אַלע איינגעלאַדענע אויפ'ן פּיקניק אויסגעבראכען מיט פרעהליכע אַפּלאָדיסמענטען. זיי זיינען אויף אַן אמת געווען איבעראַשט, ווייל ערשט מיט צוויי וואכען צוריק האט דער פּלאַץ מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קרומען בערגעל מיט ווילדע, שיטערע בושען...

דער אָרקעסטער האט אַנגעהויבען שפּילען אַ וואלס.

באבראַוו האט דערזעהן, ווי סוויעזשעווסקי, וואס איז גע־שטאַנען לעבען נינאַ'ן, האט תיכף, אַהן אַן איינלאַדונג, ארומגע־כאַפּט זי פאַר דער טאַליע, און זיי האבען זיך אַוועקגעטראָגען איבער'ן פּלאַץ אין אַ געשווינדען טאַנץ.

ווי נאָר סוויעזשעווסקי האט אַפּגעלאָזען נינאַ'ן, אַזוי איז צו איהר באַלד צוגעלאַפען אַ בערג־סטודענט, און נאָך אימיצער נאָך איהם.

באבראַוו האט שלעכט געטאַנצט און האט ניט ליב געהאַט צו טאַנצען. פון דעסטוועגען איז איהם איינגעפאַלען איינצולאַ־דען נינאַ'ן אויף אַ קאַדריל. „אפשר, — האט ער געטראַכט, — וועט זיך איינגעבען צו כאַפּען די מינוט צו קלאָר מאַכען די גאַנצע זאַך“... ער איז צו איהר צוגעגאַנגען, נאָכדעם ווי זי האט נאָר וואס געמאַכט צוויי טורען, און איז איצטער געזעסען און האט גע־שווינד געבלאָזען מיט'ן פאַכער איבער איהר צופלאַמטען געזיכט.

— איך האף, נינאַ גריגאָריעוונאַ, אַז איהר האט פאַר מיר געלאָזען אַ קאַדריל?

— אַך, גאָט מיינער... אַזאַ פאַרדרוס! אַלע מיינע קאַדרי־לען זיינען שוין צוטיילט, — האט זי געענטפערט און האט ניט אַ קוק געטאָן אויף איהם.

— טאַקע? אַזוי גיך? — האט באבראַוו אַ פרעג געטאָן מיט אַ פאַרשטיקטען קול.

— נו, יאַ. — האט נינאַ אונגעדולדיג און שפּאַטיש אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען. — ווארום האט איהר פאַרשפּעטיגט? נאָך אין וואַגאָן האָב איך צוגעזאָגט מיינע אַלע קאַדרילען...

— הייסט דאָס, אַז וועגען מיר האָט איהר אין גאַנצען פאַר־געסען! — האָט ער טרויעריג אַ זאָג געטאָן.

דער קלאַנג פון זיין קול האָט געריהרט נינאַ'ן. זי האָט נער־ווען צונויפגעלעגט און ווידער געעפענט דעם פעכער, נאָר די אוי־גען האָט זי ניט אויפגעהויבען.

— איהר זייט אַליין שולדיג, וואָרום זייט איהר ניט צוגע־גאַנגען ?...

— איך בין דאָך אָבער נאָר צוליב דעם געקומען אויפ'ן פיק־ניק, אַז איך זאָל אייך זעהן... איהר האָט דען געשפּאַסט מיט מיר, נינאַ גריגאָריעוונאַ ?

זי האָט געשוויגען, און צוטומעלט געצופּט דעם פעכער. איהר האָט אַרויסגעהאָלפען אַ יונגער אינזשעניר, וואָס איז צו איהר צו־געלאָפען. זי איז געשווינד אויפגעשטאַנען און ניט אַ קוק געבענ־דיג אויף באַבראָוו'ן, האָט זי איהר דינע האַנט, אין אַ לאַנגער ווייסער הענטשעקע, אַרויפגעלעגט אויף דעם אינזשעניר'ס אַקסעל. אַנדרעי איליטש האָט זי פאַרפאַלגט מיט די אויגען... זי האָט געמאַכט אַ טור און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער אַנדער זייט פונ'ם פּלאַץ. — זי האָט עס אומיסטנע אַזוי געטאָן, — האָט אַנדרעי איליטש אַ טראַכט געטאָן. אָדער זי האָט זיך פאַר איהם געשראָקען, אָדער זי האָט זיך געשעהמט פאַר איהם.

דער פריהערדיגער, לאַנג באַקאַנטער, טעמפּער און גלייכגיל־טיגער אומעט האָט אַרומגענומען באַבראָוו'ן. אַלע געזיכטער האָ־בען גענומען אויסזעהן פאַר איהם אַזוי מיאוס, רחמנות'דיג, כמעט קאָמיש. די געמאָסטענע קלאַנגען פון דער מוזיק האָבען אַז אַז אויפהער ווי טויבע קלעפּ אָפּגערופען זיך אין זיין קאָפּ און האָ־בען איהם פאַרשאַפט אַ טיפען, אויפגערעגטען וועהטאָג. נאָר ער האָט נאָך ניט פאַרלאָרען די האָפנונג און האָט גענומען טרייסטען זיך מיט פאַרשיידענע געדאַנקען: „איז זי ניט ברוגז דערפאַר, וואָס איך האָב איהר ניט געשיקט קיין בלומען? אָדער, גאָר פּשוט, זי וויל ניט טאַנצען מיט אַזא שווערען זאַק, ווי איך? — האָט ער זיך אָנגעשטויסען. — נו, איז וואָס, זי איז אפשר גע־

רעכטס. ביי מיידלעך זיינען דאך אַזעלכע קליינינקייטן אַזוי פיל ווערט... אַט אַזעלכע קליינקייטן שטעלן דאך צוזאַמען די פריידן און ליידן, און די גאַנצע פּאָעזיע פון זייער לעבן.״

ווען עס האָט גענומען פינסטער ווערן, האָט מען אַרום פּאַ־וויליאָן אָנגעצונדן קייטן פון פאַרשיידענפאַרביגע כינעזישע לאַמטערנעס. נאָר דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן ווייניג: דער גאַנצער פּלאַץ איז געבליבן ניט באַלויכטן. פון ביידע זייטן פּלאַץ האָבן אויפגעלויכטן מיט אַ בלענדענדיג־בלוילויכן ליכט צוויי עלעקטרישע זונען, וואָס זיינען ביז איצטער פאַרמאַסקירט געווען מיט'ן גרינס פון די בוימער. די בעריאָזעס און די גראָבן, וואָס האָבן אַרומגערינגעלט דעם פּלאַץ, זיינען מיט אַמאָל אַרויס־געטראָטן פאָראויס. זייערע אומבאַוועגליכע געקרויזטע צווייגן, העל און פאַלש באַלויכטן, זיינען געווען עהנליך צו טעאַטער דעקאָראַציעס פונ'ם פאָדערגרונט. הינטער זיי, פאַרהילט פון דער אין דער גרוי־גרינער פינסטערניש, אויפ'ן געדיכטן שוואַרצן הי־מעל, האָבן זיך שוואַך אַרויסגעצייכנט די קיילעכדיגע און די גע־צאַקטע בוימער פונ'ם וואַלד... די גרילען פון סטעפּ, ניט פאַרטויבט פון דער מוזיק, האָבן געשריען אַזוי מאָדנע הילכיג און אַלע מיט אַמאָל, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס וואָלט געשריען נור איין גריל, נאָר זי שרייט עס פון אומעטום: פון רעכטס, פון לינקס, און פון אויבן.

דער באַל האָט זיך געצויגן און איז וואָס ווייטער אַלץ לע־בעדיגער און רוישיגער געוואָרן. איין טאַנץ איז געקומען נאָכ'ן צווייטן. דער אָרקעסטער האָט כמעט ניט גערוהט... די פרויען זיינען פון די טענץ און פון דער וואונדערליכער איינריכטונג און אומגעבונג פונ'ם אָבענד שכור'ער געוואָרן ווי פון דעם וויין.

דער אַראָמאַט פון זייערע פּאַרפיומען און פאַרנאַנדערגעהיצטע לייבער האָט זיך צונויפגעמישט מיט'ן דופט פון דעם הערבסטיגען סטעפּ, פאַרוועלקטע בלעטער, פייכקייט פון וואַלד און פונ'ם ווייט־טען, דינעם ריח פון געשניטענעם היי... די פּאַכערס האָבן זיך אומעטום געוויגט, אַט לאַנגזאַם, אַט געשווינד ווי די פליגלען פון

שעהנע, פארשיידענפארביגע פויגלען, וואס קלייבען זיך אוועק־צופליהען... הילכיגע רייד, געלעכטער, שארכען פון פיס אויפ'ן זאמד פונ'ם פלאץ, האבען זיך פארפלאכטען אין איין איינטאניגען און פרעהליכען גערויש, וועלכער פלעגט זיך פלוצלינג, ווען דער ארקעסטער פלעגט אויף א וויל אויפהערען שפילען, מיט אן אויסערגעוועהנליכער קראפט ארויסרייסען און שטארקער ווערען.

באבראוו האט די גאנצע צייט נאכגעקוקט נינא'ן, א צוויי מאל האט זי איהם שיער־שיער ניט אנגעריהרט מיט איהר קלייד. אויף איהם האט אפילו א בלאז געטאן מיט ווינט, ווען זי האט זיך פאר־בייגעטראגען. טאנצענדיג, פלעגט זי שעהן און עפעס ווי הילפלאז אויסבויגען איהר לינקע האנט אויפ'ן קאוואליער'ס אקסעל, און פלעגט אזוי איינבויגען דעם קאפ, ווי זי וואלט וועלען צופאלען צו יענעמס אקסעל... אפטמאל פלעגט דורכפינקלען די זוים פון איהר ווייסען, אונטערשטען שפיצען־קליידעל, פארנאנדערגעוועהט פון א פלינקער באוועגונג, און עס פלעגט זיך ארויסזעהן איהר קליין פיסעל, אין א שווארצער זיידענער זאק, מיט'ן דינעם קנע־בעל. יעמאלט פלעגט ער דערפיהלען א צארן צו אלעמען, ווער עס האט נאר געקענט זעהן נינא'ן אין אזעלכע מאמענטען.

עס האט זיך אנגעהויבען א מאזורקע. עס איז שוין געווען ארום צעהן א זייגער. נינא, וואס האט געטאנצט מיט סוויעזשעווסקי'ן, האט זיך באנוצט מיט דער צייט, ווען איהר קאוואליער, וואס האט דיריזשירט די מאזורקע, האט איינגעארדענט עפעס א פארוויקעלטע פיגור, — און איז געלאפען אין טואלעט־צימער, לייכט און פלינק, גליטשענדיג זיך מיט די פיס איבער'ן זאמד אין דעם טאקט פון דער מוזיק, צוהאלטענדיג מיט ביידע הענט די פארנאנדערגעפאלענע האר. באבראוו, וואס האט עס צוגעזעהן פונ'ם צווייטען עק פלאץ, האט זיך תיכף אוועקגעלאזען נאך איהר, און האט זיך געשטעלט ווארטען ביי דער טיר... דא איז געווען כמעט פינסטער; דער טואלעט־צימער — א קליינינקער צימער פון ברעטלעך צוגעבויט הינטער'ן פאוויליאן, — האט זיך געפונען אין א געדיכטען פינסטערען שאטען. באבראוו האט באשלאסען

ווארטען אויף איהר, און וואס עס זאל ניט זיין, צווינגען זי צו ערקלערען זיך. דאס הארץ האט אין איהם אפט און שטארק גע־קלאפט, און די פינגער, וועלכע האבען זיך ציטערדיג צוזאמענגע־דריקט, זיינען געווארען פייכט און קאלט.

— נינא גריגאריעווגא, פארוואס פייניגט איהר מיך אזוי? — האט אנדרעי איליטש א זאג געטאן, און ניט באמערקענדיג אליין, האט ער צונויפגעלעגט די הענט אין א בעטענדיגער באוועגונג. — איהר זעהט דען ניט, ווי שווער מיר איז, א, איהר מאכט זיך לוס־טיג איבער מיין טרויער... איהר לאכט פון מיר...

— איך פארשטעה אייך ניט, וואס איהר ווילט פון מיר. איך האב אפילו ניט געטראכט צו לאכען פון אייך, — האט זי געענט־פערט גלייך און העזה'דיג. אין איהר האט אויפגעוואכט דער גייסט פון איהר הויזגעזינד.

— ניין? — האט באבראוו טרויעריג געפרעגט, — וואס זשע זאל באדייטען אייער היינטיגע האלטונג צו מיר?

— וועלכע האלטונג?

— איהר זייט מיט מיר קאלט, כמעט פיינדליך. איהר קעהרט זיך פון מיר אפ... אייך איז אפילו ניט אנגענעהם מיין אנוועזענ־הייט היינט אויפ'ן אווענט...

— מיר איז דאס אלץ איינס...

— דאס איז נאך ערגער... איך פיל אין אייך עפעס א שרעק־ליכע ענדערונג, וואס איך קען דאס בשום אופן ניט פארשטעהן... נו, נינא, זייט אפענהערציג, זייט אזא אמת'ע, ווי איך האב נאך היינט אייך זיך פארגעשטעלט... ווי שרעקליך דער אמת זאל ניט זיין, זאגט מיר איהם. בעסער פאר אייך און פאר מיר, אז עס זאל זיך ענדיגען מיט אמאל...

— וואס ענדיגען? איך פארשטעה אייך ניט...

באבראוו האט צוזאמענגעדריקט מיט די הענט די שלייפען און דאס בלוט האט פיבערדיג געקלאפט.

— ניין, איהר פארשטעהט ניט. פארשטעלט זיך ניט. מיר האבען עפעס וואס צו ענדיגען, ביי אונז זיינען געוועזן צערטליכע

ווערטער, וועלכע האבען זיך כמעט געגרענעצט מיט ערקלערונ־
גען, ביי אונז זיינען געווען שעהנע מינוטען, וועלכע האבען צווי־
שען אונז פארבונדען עפעס א צערטליכען, דינעם בונד... איך
ווייס — איהר ווילט זאגען, אז איך האב א טעות... עס קען זיין,
עס קען זיין... אבער, האט איהר מיר ניט געהייסען, אז איך זאל
קומען היינט אויפ'ן פיקניק, וואו מיר זאלען זיך קענען דורכריי־
דען, ניט געשטערט פון זייטיגע?...

נינא האט פלוצלינג צו איהם דערפילט א רחמנות.

— יא, איך האב אייך געבעטען קומען... — האט זי ארויס־
גערעדט און האט נידעריג איינגעבויגען דעם קאפ. — איך האב
אייך געוואלט זאגען... איך האב געוואלט... אז מיר דארפען זע־
געגען זיך אויף אלע מאל...

באבראוו האט זיך א וויג געטאן, ווי מען וואלט איהם א
שטויס געטאן אין ברוסט. אפילו אין דער פינסטער איז קענטיג
געווען, ווי זיין געזיכט איז בלייך געווארען.

— זעגענען זיך... האט ער ארויסגערעדט, קוים כאפענדיג
דעם אטעם. — נינא גריגאריעווגא! דאסווארט פון אפשייד איז
א שווער, ביטער ווארט... זאגט עס ניט ארויס...

— איך מוז עס ארויסזאגען.

— איהר מוזט?

— יא, איך מוז. דאס איז ניט מיין ווילען.

— וועמעס דען?

אימיצער איז צו זיי צוגעגאנגען.

— אט וועמענס.

דאס איז געווען אננא אפאנאסיעווא. זי האט פארדעכטיג א
קוק געטאן אויף באבראוו'ן און נינא'ן און האט אנגענומען איהר
טאכטער פאר דער האנט.

— ווארים ביזט, נינא, אנטלאפען פון די טענץ? — האט
זי געזאגט מיט א טאן פון פארוואורף. — האסט זיך אוועקגעשטעלט
אין דער פינסטער און פלוידערסט... מ'קען ניט זאגען, א גאנץ

פיינער צייט־פּאָרטרייב... און איך זוך דיך אַרום אין אַלע ווינ־קעלעך. — און איהר, ליבער הער, — האָט זי זיך פלוצלינג אַ ווענד געטאָן, הויך און זידלענדיג, צו באַבראָוו'ן, — איהר, מיין ליבער הער, אויב איהר קענט אַליין ניט טאַנצען, אָדער איהר האָט ניט ליב צו טאַנצען, וואָלט איהר כאָטש די פריילינס ניט געשטערט און ניט קאָמפּראָמעטירט זיי מיט געשפּרעכען „טעט־אַ־טעט"... אין די טונקעלע ווינקעלעך...

זי איז אַוועק און האָט מיטגענומען נינאַ'ן.

— אַ! זייט ניט אומרוהיג, מאַדאַם: אייער פריילין וועט עס גאָרנישט קאָמפּראָמעטירען! — האָט איהם באַבראָוו נאָכגעשריען, און פלוצלינג האָט ער זיך פאַרגאַנדערגעלאַכט מיט אַזאַ מאָדנעם ביטערען געלעכטער, אַז די מוטער און די טאָכטער האָבען ניט ווי־לענדיג אַ קוק געטאָן אויף הינטען.

— נו, האָב איך דיר ניט געזאָגט אַז דאָס איז אַן אידיאָט און אַ פּרעכער? — האָט אַנאַ אַפאַנאַסיעוונאַ אַ ציה געטאָן נינאַ'ן פאַר דער האַנט. — דו שפּיי איהם אין די אויגען, און ער לאַכט, און האָט נאָך הנאה... באַלד וועלען די דאַמען קלייבען קאַוואַ־ליערען, — האָט זי צוגעגעבען שוין אין אַ רוהיגערען טאָן. — געה און לאַד איין קוואַשנינ'ען. ער האָט אָט ערשט געענדיגט שפּילען. זעהסט, אָט שטעהט ער ביי דער טיר פון פּאַווילאָן...

— מאַמע! ווי קומט ער צו טאַנצען? קוים־קוים וואָס ער גיט זיך דאָך אַ קעהר...

— און איך זאָג צו דיר: געה. ער האָט זיך אַמאָל גערע־כענט אין מאָסקווע פאַר איינעם פון די בעסטע טענצער... סיי ווי סיי וועט עס איהם זיין אַנגענעהם.

אַזוי ווי דורך אַ ווייטען, גרויען, וויגענדיגען נעבעל, האָט באַבראָוו געזעהן ווי נינאַ איז געשווינד דורכגעלאָפען דעם גאַנ־צען פּלאַץ און האָט שמייכלענדיג, קאָקעטיש און לייכט זיך אָפּ־געשטעלט אַרום קוואַשנינען, און גראַציעז און בעטענדיג האָט זי אויף אַ זייט איינגעבויגען דעם קאָפּ. וואַסילי טערענטיעוויטש האָט זי אויסגעהערט, עטוואָס איינבויגענדיג זיך איבער איהר;

פלוצלינג האט ער זיך פארנאנדערגעלאכט, פון וואס זיין גאנצע גרויסע פיגור האט זיך געטרייסעלט, און האט א מאך געטאן מיט'ן קאפ אויף „ניין". נינא איז לאנג צו איהם צוגעשטאנען, דערנאך האט זי פלוצלינג געמאכט א באליידיגטע מינע, האט זיך קאפריז אפגעקעהרט און גענומען געהן. נאר קוואשנין האט זי אנגעכאפט מיט א פלינקייט, וואס האט גאר ניט געשטימט מיט זיין קערפער, און האט מיט אזא אויסזעהן א פיהר געטאן מיט די אקסלען, ווי ער וואלט וועלען זאגען: נו, מ'קען זיך ניט העלפען, מ'דארף צו־ליב טאן קינדער... און האט איהר אויסגעצויגען די האנט. אלע טאנצענדיגע האבען זיך אפגעשטעלט און נייגעריג אנגעשטעלט די אויגען אויף דער נייער פאר. די פארשטעלונג, אז קוואשנין זאל טאנצען א מאזורקע, האט צוגעזאגט צו זיין זעהר קאמיש.

וואסילי טערענטיעוויטש האט אויסגעווארט דעם טאקט און פלוצלינג, א קעהר געבענדיג זיך צו זיין דאמע מיט א אשווערער, אבער שעהנער גרויסארטיגער באוועגונג, האט ער דעם ערשטען פא געמאכט אזוי זיכער און פלינק, אז אלע האבען אין איהם דערקאנט א געוועזענעם גוטען טענצער. קוקענדיג אויף נינא'ן פון אויבען אראפ, מיט א שטאלצען, ארויסרופענדיגען און פרעהליכען בויג פונ'ם קאפ, האט ער אין אנהויב ניט געטאנצט, נאר איז גע־נאנגען אונטער'ן טאקט פון דער מוזיק, מיט אן עלאסטישען, לייכ־טען גאנג... און זיין גרויסער וואוקס און זיין גרעב, האט זיך גע־דאכט, האבען ניט נאר ניט געשטערט, נאר פארקעהרט, נאך פאר־גרעסערט אין דער רגע די גראציע פון זיין שווערגעוויכטיגער פי־גור. קומענדיג צום ארט, וואו מען דארף זיך פארקעהרען, האט ער זיך אויף א סעקונדע אפגעשטעלט, האט פלוצלינג א קלאפ גע־טאן מיט איין קנאפעל אן דעם צווייטען, האט פלינק א דרעה געטאן נינא'ן אויפ'ן ארט און האט, מיט אן אונטערגעביגען שמייכעל אויפ'ן געזיכט, זיך לייכט אוועקגעטראגען אויף זיינע שטייפע גראבע פיס צו דער מיט פונ'ם פלאץ. ארום יענעם ארט, וואו קוואשנין האט גענומען נינא'ן, האט ער ווידער א דרעה געטאן זיין דאמע מיט א פלינקער, שעהנער באוועגונג, און אונערווארט האט

ער זי אװעקגעזעצט אויף א שטול, און האט זיך געשטעלט פאר איהר מיט א נידעריג ארונטערגעלאזטע קאפּ. תיכף האבען איהם אלע דאמען ארומגערינגעלט פון אלע זייטען, איינבעטענ׳יג איהם, אז ער זאל מאכען נאך איין טור. אבער ער, א פארמאטעטער פון די בעװעגונגען, צו װעלכע ער איז ניט געװאוינט געװען, האט שװער געאטעמט און האט זיך געפאכעט מיט א טיכעל.

— גענוג, האט רחמנות אויף אן אלטען מאן... — האט ער געזאגט, לאכענדיג און קוים כאפענדיג דעם אטעם... — ניט אין מיינע יאהרען לאזט מען זיך טאנצען. קומט בעסער צו די טישען...

די געזעלשאפט האט זיך צוזעצט ארום די טישען, קלאפענדיג מיט די צוגערוקטע שטולען. באבראװ איז נאך אלץ געשטאנען אויף יענעם ארט, װאו נינא האט איהם געלאזען. דאס געפיל פון ערנידערונג, באליידיגונג און הילפלאזען, פארצװייפעלטען טרויער, האט אן אויפהער געריסען זיין נשמה. קיין טרערען זיינען ניט געװען, נאר עפּעס ברענענדיגעס האט געשניטען די אויגען, און אין האלז איז געשטאנען א טרוקענער און א שטעכעדיגער קנויל... די מוזיק האט נאך װי פריהער, איינטאניג און קריינקליך אפגערופען זיך אין זיין קאפּ.

— ברודערעל מיינס! און איך זוך אייך, און זוך, און קען אייך בשום אופן ניט געפינען. װאס איז דאס, װאוהין זייט איהר פארפאלען געװארען? — האט אנדרעי איליטש דערהערט ארום זיך דעם דאקטאר׳ס פרעהליכען קול. — װי איך בין נאר געקומען, האט מען מיך באלד אװעקגעזעצט פאר די קארטען, כ׳האב זיך קוים ארויסגעריסען... קומט צום טיש. איך האב אומיסטנע פארכאפּט צװיי ערטער, אז מיר זאלען ביידע...

— אך דאקטאר! געהט אליין. איך װעל ניט געהן, עס װילט זיך ניט, — האט באבראװ קוים געקאנט ארויסזאגען.

— איהר װעט ניט געהן? אט האסטו דיר! — האט זיך דער דאקטאר גוט איינגעקוקט אין באבראװ׳ס געזיכט. — װאס איז מיט אייך, טייערער? איהר זייט דאך אין גאנצען צוקראכען, — האט ער אנגעהויבען רעדען ערנסט און געריהרט. — נו, טוט װאס

איהר ווילט, אָבער איך וועל אייך ניט לאָזען בלייבען אליין. קומט, קומט, אָהן שום רייד, קומט.

— שווער איז מיר, דאָקטאָר, מיר איז נמאס, — האָט באָבראָוו געענטפערט שטיל, און איז נישט־ווילענדיג נאָכגעגאַנגען גאָלד־בערג'ן, וואָס האָט איהם געשלעפּט נאָך זיך.

— קליינינקייטען, קליינינקייטען, קומט! זייט אַ מאַן, טוט אַ שפּיי אויף אַלץ... „צי דאָס הארץ איז קראַנק געוואָרען, צי עס שטורעמט דער געוויסען?" — האָט גאָלדבערג אונטערוואַרט אַ דעקלאַמיר געטאָן, האָט צאַרט און פעסט אַרומגענומען מיט דער האַנט באָבראָוו'ן פאַר דער טאַליע און האָט מיט ליבע אַריינגע־קוקט איהם אין געזיכט. — איך וועל אייך באַלד צושרייבען אַן אוניוועראַלע תרופה: „לאָמיר טרינקען, וואַניאַ, פון צרות און פון קעלט"? דעם אמת געזאָגט, האָב איך שוין מיט דעם אַנדרעאַ גאַנץ נישקשה'דיג אויסגעטרונקען... אַך, טרינקט ער, אין זיין מאַ־מען אַריין!... ער גיסט ווי אין אַ לעדיגער פאַס... נו, זייט אַ מאַן, טייערינקער... איהר ווייסט, אַנדרעאַ אינטערעסירט זיך מיט אייך זעהר שטאַרק. קומט, קומט!

ריידענדיג אויף אַזאַ אופן, האָט דער דאָקטאָר אַריינגעשלעפּט באָבראָוו'ן אין פּאַווילאָן. זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט איינער נע־בען צווייטען. פון דער אַנדער זייט איז אַנדרעאַ געווען באָבראָוו'ס שכן. אַנדרעאַ, וואָס האָט נאָך פון דער וויייטען אַ שמייכעל גע־טאָן צו באָבראָוו'ן, האָט זיך אַ רוק געטאָן, מאַכענדיג פאַר איהם מעהר אָרט און האָט איהם צערטליך אַ גלעט געטאָן איבער דער פּלייצע.

— ס'פרעהט מיך זעהר, ס'פרעהט מיך זעהר, זעצט זיך צו אונז נעהענטער, — האָט ער געזאָגט חבר'ש. — אַ סימפּאַטישער מענש... כ'האָב ליב אַזעלכע... אַ גוטער מענש... איהר טרינקט קאָניאַק?

אַנדרעאַ איז געווען שכור. זיינע גלעזערנע אויגען האָבען מאָדנע אויפגעלעבט און געגלאַנצט אויף זיין אויסגעבליכטען גע־זיכט. (ערשט אין אַ האַלב יאָהר אַרום האָט מען זיך דערוואוסט

אז אַט דער זעהר איינגעהאַלטענער, אַרבייטסזאַמער, טאַלאַנטיר־טער מענש, פלעגט אין איינזאַמקייט אָנ׳שכור׳ן זיך יעדען אָוועגט ביז באַוואוסטלאָזיגקייט)...

„אפשר וועט מיר טאַקע גרינגער ווערען, ווען איך וועל אויס־טרינקען — האָט באַבראָוו אַ טראַכט געטאָן, — מען דאַרף עס אַ פּרוואוו טאָן, דער טייוועל זאָל דאָס נעמען!"

אַנדרעא האָט געוואַרט מיט אַן אָנגעבויגענער פלעשעל אין האַנט. באַבראָוו האָט אונטערגעשטעלט דאָס גלאָז.

— אַזוי. — האָט באַבראָוו געענטפערט מיט אַ טרויעריגען דיג די ברעמען.

— אַזוי. — האָט באַבראָוו געענטפערט מיט אַ טרויעריגען און שטילען שמייכעל.

— גוט! ביז וואַנען?

—ביז דאָס גלאָז וועט אַליין זאָגען.

— גאַנץ גוט. מ׳קען מיינען, אַז איהר האָט געדינט אין שווע־דישען פלאָט. גענוג?

— גיסט, גיסט.

— מיין פריינד, נאָר איהר האָט אַ פּנים פאַרגעסען, אַז דאָס איז „מאַרטעל", אונטער דער מאַרק וו. ס. אָ. פּ. — אמת׳ער, אמע־ריקאַנער אַלטער קאָניאַק?

— גיסט, ס׳איז גאַרנישט... — און באַבראָוו האָט מיט ביי־זער פרייד אַ טראַכט געטאָן: נו, איז וואָס, וועל איך שכור ווע־רען ווי אַ שוסטער... זאָלען זיי זיך פרעהען.

דאָס גלאָז איז געווען פול. אַנדרעא האָט אָוועקגעשטעלט דאָס פלעשעל אויפ׳ן טיש און האָט מיט נייגעריגקייט גענומען נאָכקו־קען זיין שכן. באַבראָוו האָט מיט איין מאָל אויסגעליידיגט דאָס גאַנצע גלאָז און האָט אין גאַנצען אַ ציטער געטאָן, נישט זייענדיג געוואוינט צו טרינקען.

— מיין קינד, ביי אייך איז אַ וואַרעם? — האָט אַנדרעא אַ פרעג געטאָן, און האָט ערנסט אַריינגעקוקט באַבראָוו׳ן אין די אויגען.

— יא, א ווארעם, — האט אנדרעי איליטש טרויעריג א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— אין הארצען?

— יא.

— הייסט עס, אז איהר ווילט נאָך?

— גיסט, — האט באבראוו שטיל און טרויעריג געזאָגט.

מיט דורשט און מיט עקעל האט ער געטרונקען דעם קאָניאק און האט זיך געוואָלט פארגעסען. נאָר מאָדנע — דאָס טרינקען האט אויף איהם קיין שום ווירקונג ניט געמאכט. פארקעהרט, איהם איז נאָך טרויעריגער געוואָרען און די טרערען האבען נאָך שטארקער געברענט אין די אויגען.

דערווייל האבען די סארווערס פארנאנדערגעטראָגען שאמפאניער. קוואשנין האט זיך אויפגעהויבען פון שטול, האלטענדיג מיט צוויי פינגער זיין באקאל, קוקענדיג איבער איהם ביי'ם ליכט פון דעם הויכען קאנדעליאבר. אלע זיינען שטיל געוואָרען. מען האט נאָר געהערט ווי עס זידט די קויהל אין די עלעקטרישע לאָמפען, און ווי א גריל האט אָהן אויפהער געגרילצט.

קוואשנין האט אָפּגעהוסט.

— מיינע ליבע הערען און מיינע ליבע דאמען, — האט ער אנגעהויבען און האט געמאכט א היבשע פּויזע — איך מיין, אז קיינער פון אייך האט ניט א צווייפעל געטאָן אין דער אויפריכטיגקייט פון מיין דאנק־געפיל, מיט וועלכען איך הויב אויף מיין באקאל! איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסען אייער פריינדליכע אויפנאָמע, וואָס איהר האט מיר ארויסגעוויזען אין איוואנאוּוקע, און אויך היינטיגען קליינינקען פּיקניק, וואָס וועט, א דאנק דער באצויבערענדער ליבליכקייט פון די דאמען, וועלכע האבען איהם באזוכט, פארבלייבען אויף אייביג פאר איינער פון מיינע שעהנסטע ערינערונגען. איך טרינק פאר אייער געזונט, ליבע דאמען!...

ער האט הויך אויפגעהויבען דעם באקאל, האט מיט איהם א פיהר געטאָן א האלבען קרייז אין דער לופט, האט פון איהם אביסעל אָפּגעטרונקען און האט גענומען ווייטער ריידען:

— צו אייך מיינע נאהענטסטע מיטארבייטער און חברים ווענד איך מיין ווארט. משפט ניט, אויב דאס ווארט וועט טראגען א באלערענדיגען כאראקטער: לויט די יאהרען, אין פארגלייך מיט די מעהרסטע וואס געפינען זיך איצטער דא, בין איך שוין אן אלטער, און פון אן אלטען דארף מען זיך ניט באליידיגען.

אנדרעא האט זיך איינגעבויגען צו באבראוו'ס אויער און האט א שעפטשע געטאן:

— גיט א קוק, ס'ארא גרימאסען עס מאכט דער אומווירדי־גער סוויעזשעווסקי.

סוויעזשעווסקי האט טאקע אויסגעדריקט מיט זיין געזיכט די אונטערטעניגסטע און איבערטריבענסטע אויפמערקזאמקייט. ווען וואסילי טערענטיעוויטש האט דערמאנט וועגען זיין אלטקייט, האט ער מיט'ן קאפ און מיט די הענט גענומען מאכען פראטעס־טירענדיגע באוועגונגען.

— פון דעסטוועגען וועל איך איבער־חזר'ן דעם אלטען, אויס־געדראשענעם אויסדרוק פון די לייט־ארטיקלען אין די גאזעטען, — האט קוואשנין גערעדט. — האלט הויך אייער פאהן! פארגעסט ניט, אז מיר זיינען די זאלץ פון דער ערד, אז די צוקונפט געהערט צו אונז... צי ניט מיר האבען דעם גאנצען ערד קוגעל פארפלאנ־טערט מיט א נעץ פון אייזענבאהנען? און צי ניט מיר רייסען כ'ורנאנדער די טיפענישען פון דער ערד און פארוואנדלען איהרע אוצרות אין קאנאנען, בריקען, לאקאמאטיוון, רעלסען און קאלאָ־סאלע מאשינען? ניט מיר פיהרען דורך, מיט'ן כח פון אונזער געניאליטעט כמעט די אונמעגליכסטע אונטערנעמונגען און ברענ־גען אין באוועגונג טויזענדער מיליאנען קאפיטאלען?... איהר דארפט וויסען, מיינע הערען, אז די אייביג־קלוגע נאטור פאר־שווענדט איהרע שאפענדיגע כוחות צו באשאפען א גאנצע נאציע נאר צוליעב דעם, אז פון דער נאציע זאלען זיך אויסבריהען א צוויי א אדער דריי צעהנדליג אויסדערוועהלטע, האט זשע דעם מוט און כח צו זיין אט די אויסדערוועהלטע, מיינע הערען, הורא!

— הורא! הורא! — האבען אויסגעשריען די געסט און

העבער פון אלעמען האט געקלונגען סוויעזשעווסקי'ס געשריי. אלע זיינען אויפגעשטאנען פון זייערע ערטער און זיינען אוועק קלאפען גלעזער מיט וואסילי טערענטיעוויטשען.

— א נידערטרעכטיגער טאסט, — האט דער דאקטאר געזאגט אין דער שטיל.

נאך קוואשנינען האט זיך אויפגעהויבען שעלקאווניקאוו און האט א געשריי געטאן:

— הורא פאר אונזער געעהרטען פאטראן, פאר אונזער טייערען לעהרער, און אין דער איצטיגער צייט, אונזער גאסט־פריינדליכען באלעבאס: הורא פאר'ן געזונד פון וואסילי טערענטיעוויטש קוואשנינען! הורא!

הור־רא! — האבען אלע געסט מיט אמאל אונטערגעכאפט און זיינען ווידער געגאנגען קלאפען גלעזער מיט קוואשנינ'ען.

דערנאך האט זיך אנגעהויבען אן ארגיע פון שעהנרעדעריי: מען האט געהאלטען טאסטען פאר דעם ערפאלג פון דער אונטערנעהמונג, פאר די אפוועזענדע אקציאנערען, פאר די דאמען פון פיקניק, און פאר די דאמען אין אלגעמיין. אנדערע טאסטען זיינען געווען צווייִדייטיג און שטיפעריש־אונאנשטענדיג.

דער שאמפאניער וואס איז אויסגעטרונקען געווארען אין די טוצען, האט ארויסגעוויזען זיין ווירקונג: א ווילדער געטומעל איז געשטאנען אין פאוויליאן און דער, וועמען עס איז אויסגעקומען האלטען א טאסט, האט געמוזט פריהער לאנג קלאפען איבער'ן גלאז מיט א לעפעל אדער גאפעל. אין דער זייט, אויף א קליין טישעל, האט דער שעהנער סטודענט מילער, צוגעגרייט א פונש אין א זילבערנעם בעקען... פלוצלינג האט קוואשנין זיך ווידער אויפגעהויבען: אויף זיין געזיכט האט געשפיעלט א גוטמוטיגער שמייכעל.

— פריינד, מיר איז זעהר אנגענעהם, וואס אונזער יום טוב איז אקוראט אויסגעפאלען מיט א יום טוב פון א פאמיליען־כאראקטער, — האט ער געזאגט מיט אן אויסערגעווענליכער ליבליכקייט. — איך גראטוליר פון מיין גאנצען הארצען, און איך ווינש

גליק די יונגע חתן־כלה: נינא גריגאריעווגא זינענקא און... — ער האָט אָנגעהויבען שטאַמלען, ווייל ער האָט זיך פאַרגעסען סוויע־זשעווסקי'ס נאָמען... — און... אונזער חבר, הערר סוויעזשעווסקי....

די געשרייען וואָס האָבען באַגעגענט קוואַשניןים רייד, זיי־נען נאָך העכער געוואָרען, ווייל אַזאַ נייעס איז פאַר אַלעמען גע־ווען אונערוואַרט. אַנדרעאַ, וואָס האָט אָרום זיך דערהערט אַן אויסגעשריי, מעהר ענדליך צו אַ פיינליכען קרעכץ, האָט זיך אַ קער געטאָן און האָט דערזעהן, אַז באַבראָוו'ס בלייך געזיכט האָט זיך אויסגעקרימט פון אַ טיפען אינערליכען וועהטאָג.

— קאָלעגע, איהר ווייסט נאָך ניט אַלץ, — האָט אַנדרעאַ אַ שעפּטשע געטאָן, — הערט זיך צו, איך וועל באַלד זאָגען אַ פּאָר װאַרעמע ווערטער.

ער האָט זיך גלייך אויפגעהויבען, פאַרלירענדיג דערביי זיין שטול און פאַרגיסענדיג אַ האַלבען באָקאַל, און האָט אויסגעשריען:

— מיינע ליבע הערען! אונזער פיל געאַכטעטער באַלעבאָס, האָט אַ דאַנק זיין זעהר פאַרשטענדליכער גרויסמוטיגער איינגע־האַלטענקייט, ניט דערענדיגט זיין טאָסט... מיר דאַרפען גראַטו־לירען אונזער טייערען חבר, סטאַניסלאַוו קסאַווריעוויטש סוויע־זשעווסקי'ן, מיט אַ נייער שטעלע: פון קומענדיגען חודש אָן וועט ער פאַרנעמען אַ פאַראַנטוואָרטליכען פּאָסט פון אַ פאַרוואַלטער איבער די געשעפטען פון דער פאַרוואַלטונג... די נייע שטעלע, איז, אַזוי צו זאָגען, אַ דרשה־געשאַנק דער יונגער פּאָר מצד וואָסילי טערענטיעוויטשען... איך זעה אונצופרידענהייט אויפ'ן געזיכט פון אונזער פיעל־געאַכטעטען פאַטראָן... ס'קען זיין, אַז איך האָב צו־פעליג אַרויסגעגעבען דעם סורפּריז, און דערפאַר בעט איך אַנט־שולדיגונג... נאָר, באַוועגט פון אַ געפיל פון חבר'שאַפט און אַכ־טונג, האָב איך זיך ניט געקענט איינהאַלטען ניט צו ווינשען, אַז אונזער טייערער חבר, סטאַניסלאַוו קסאַווריעוויטש סוויעזשעוו־סקי, זאָל אפילו אויף זיין נייעם געביט אין פעטערבורג — פאַר־בלייבען אַזאַ טעטיגער טוער און אַזאַ געליעבטער חבר, ווי דאָ. און איך ווייס, מיינע פריינד, אַז קיינער פון אונז וועט ניט מקנא זיין

סטאניסלאוו קסאווריעוויטשען (ער האט זיך אפגעשטעלט און האט מיט א שפּאָטישען שמייכעל א קוק געטאן אויף סוויעזשעווסקי'ן...) דערפאר, ווייל מיר אלע ווינשען איהם חבר'יש אלדאס, אלדאס גוטס, דערפאר...

זיינע רייד זיינען פּלוצלינג איבערגעריסען געווארען פון א הילכיגען פערדישען טופען. פונ'ם וואלד איז ארויסגעשפרונגען אויף א פארשוויצטען פערד, עפּעס א מענש, אהן א היטעל, מיט א געזיכט, אויף וועלכען עס איז געווען פארגליווערט אן אויסגע־קרימטער אויסדרוק פון שרעק. דאס איז געווען דער וועכטער, וואס האט געדינט ביים ליפעראנט דעכטעראוו. ער האט געלאזען דעם פערד, וואס האט געציטערט פון מידקייט, אויפ'ן מיטען פלאץ, און אליין איז ער צוגעלאפען צו וואסילי טערענטיעוויטשען און, אנבויגענדיג זיך פאמיליאר צו זיין אויער, האט ער גענומען שעפּטשען עפּעס אין דער שטיל... אין פאוויליאן איז פּלוצלונג שרעקליך שטיל געווארען, און, ווי פריהער, האט זיך נאר געהערט דאס זידען פון די קויהלען אין די לאמטערנעס און דער דערעסענ־דיגער געשריי פונ'ם גריל.

קוואשנין'ס געזיכט וואס איז פון וויין רויט געווען, איז פּלוצ־לינג בלייך געווארען. ער האט נערוועז אוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש זיין באקאל, וואס ער'האט געהאלטען אין האנד, אז עס האט זיך אויסגעגאסען דער וויין אויפ'ן טישטוך.

— און די בעלגיער? — האט ער א פרעג געטאן אפגעריסען און הייזעריג.

דער וועכטער האט עפּעס א שאקעל געטאן מיט'ן קאפּ אויף „ניין" און האט ווידער גענומען שעפּטשען עפּעס קוואשנינען אויפ'ן אויער.

— א, טייוועל! — האט קוואשנין פּלוצלינג אויסגעשריען, און איז אויפגעשטאנען פון זיין ארט, דרעהענדיג אין דער האנד די סאלפעטקע. — האט מען דאס געדארפט! ווארט צו, וועסט באלד אוועקפיהרען אוי'ף דער סטאנציע א טעלעגראמע צום גור־בערנאטאר. — פריינד, — האט ער הויך און אויפגערעגט זיך גע־

ווענדט צו די אַנוועזענדע, — אויף דער פאַבריק — איז אַן אויפ־שטאַנד... מען דאַרף אַנגעהמען מיטלען, און... און, דאַכט זיך, אַז פאַר אונז וועט בעסער זיין, אַז מיר זאָלען זיך תיכף פון דאַ־נען פאַרנאַנדערגעהן...

11

עס האַט זיך אַנגעהויבען אַ משונה׳דיגער געלאַף, געדרענג און אַן אונאָרדנונג. אַלע זיינען אויפגעשטאַנען פון די ערטער, האָבען גענומען אַרומלויפען איבער׳ן פּאַוויליאָן, האָבען זיך גע־שטופּט, געשריען, און האָבען זיך פאַרטשעפּעט איבער די אומגע־וואָרפענע שטולען. די דאַמען האָבען איילענדיג, מיט ציטערדיגע הענד, אַנגעטאָן די הית. דערצו האָט נאָך אימיצער געהייסען פאַרלעשען די עלעקטרישע לאַמטערנעס, און דאָס האָט נאָך פאַר־גרעסערט די אַלגעמיינע אונאָרדנונג... אין דער פינסטער האָבען זיך דערהערט היסטערישע געשרייען פון די פרויען...

עס איז שוין געווען אַרום פינף אַ זייגער פאַרטאָג. די זון איז נאָך ניט אויפגעגאַנגען, אָבער דער הימעל האָט זיך שוין געלייטערט, אַנזאָגענדיג מיט זיין גרויען, איינטאָניגען קאָליר, דעם אָנהויב פון אַ נעבעלדיגען טאָג. דאָס בלייכע, פאַרהילטע, איינטאָניגע ליכט פון׳ם אויפגעהענדיגען מאָרגען האָט אַזוי פּלוצלינג און געשווינד פאַרביטען דאָס העלע שיינען פון די עלעקטרישע לאַמטערנעס, אַז דאָס האָט צוגעגעבען צום בילד פון אַלגעמיינער אויפרעגונג עפּעס אַ מאָדנעם, געדריקטען, כמעט פאַנטאַסטישען אויסזעהן... די מענשען האָבען אין טומעל אויסגעזעהן ווי עפּעס סילועטען וואָס שלייכען זיך אין דער פינסטער. די אויפגערעגטע געזיכטער, צוקנייטשטע פון דער שלאָפלאָזער נאַכט, האָבען אויסגעזעהן משונה׳דיג. די טישען, פאַרגאָסען מיט וויין און אַנגעוואָרפען מיט כלים, האָבען דערמאָנט אויף עפּעס אַ נאַכטיגער הוליאַנקע, וואָס איז פּלוצלינג איבערגעריסען געוואָרען. אַרום די עקיפּאַזשען איז די אונאָרדנונג נאָך ערגער געווען: די דערשראָקענע פערד האָבען געכראָפּעט, האָבען זיך געשטעלט דיבאָם און

האבען זיך ניט געלאזט פארצוימען. רעדער האבען זיך פארטשע־פעט מיט רעדער, און עס האט זיך געהערט דאס קנאקען פון צובראכענע אקסען; די אינזשעניערען האבען אויסגעשריען די נעמען פון זייערע קוטשערס, וועלכע האבען בייז געשאלטען איינער דעם צווייטען. אין אלגעמיין האט זיך באקומען איין איינדרוק פון יענעם פארטויבענדען געטומעל, וואס טרעפט נאר אויף א גרויסער בייינאכטיגער שרפה.

באבראוו האט בשום אופן ניט געקענט געפינען מיטראפאנען. א צוויי אדער דריי מאל האט זיך איהם געדאכט, אז זיין קוטשער רופט זיך אפ אויף זיין געשריי ערגעץ פון דעם טומעל פון די פארפלאנטערטע עקיפאזשען. נאר דורכצושפארען זיך אהין האט ער ניט געקענט, וויל דער געדרענג איז מיט יעדער רגע געוואקסען אלץ גרעסער און גרעסער.

פלוצלינג האט אין דער פינסטער, אין דער הויך איבער'ן עולם, אויפגעפלאמט מיט א רויטען פייער, א גרויסער פאקעל. עס האבען זיך דערהערט אויסגעשרייען: פונ'ם וועג! פונ'ם וועג! מאכט א וועג! א שטראמענדיגע כוואליע פון מענשען, געטריבען פון גרויסען געדרענג, האט אונטערגעכאפט אנדרעי איליטשען, האט איהם אוועקגעטראגען מיט זיך, אז ער איז שיער פון די פיס ניט געפאלען, און האט איהם ארייגגעשפארט הארט צווישען צוויי עקיפאזשען. פון דאנען האט באבראוו דערזעהן, ווי צווישען אלע עקיפאזשען האט זיך געעפענט א ברייטער וועג, און ווי איבער דעם וועג איז קוואשנין דורכגעפאהרען אויף זיינע דריי סארע פערד. דער פאקעל, וואס האט זיך געוויגט איבער דער קאליאסקע, האט באגאסען וואסילי טערענטיעוויטשעס גרויסע פיגור מיט א בייזען בלוטיגען און ציטערדיגען ליכט. ארום דער קאליאסקע האט פון אלע זייטען געקרעכצט פון וועהטאג, שרעק און צארן, דער צוזאמענגעדרענגטער, ווילד־געווארענער עולם... באבראוו'ן האט עפעס א קלאפ געטאן אין די שלייפען. אויף א רגע האט זיך איהם אויסגעדאכט, אז דאס פאהרט גאר ניט קוואשנין, נאר עפעס א פארזעהעניש, אדער א שרעקליכע גאטהייט, עהנליך צו יענע אפגעטער

פון די מזרח־קולטן, אונטער וועמענס רייטוונגען עס ווארפן זיך אין דער צייט פון רעליגיעזע צוגען די פאנאטיקער, שכור־געווארענע אין זייער עקסטאז... און ער האט א ציטער געטאן פון מאכטלאזען ווילדען צארן.

אז קוואשנין איז דורכגעפאהרען, איז מיט אמאל געווארען אביסעל גערוימער און פרייער, און באבראוו, א קעהר געבענדיג זיך אויף צוריק, האט דערזעהן, אז דער דישעל, וואס האט איהם די גאנצע צייט געדריקט אין רוקען, איז גאר פון זיין אייגענעם עקי־פאזש, און אז מיטראפאן איז געשטאנען ביי די קאזלעס און האט געהאלטען אין אנצינדען דעם פאקעל.

— גיכער אויף דער פאבריק, מיטראפאן, — האט אנדרעי איליטש א געשריי געטאן און האט זיך געזעצט אין עקיפאזש. — אין צעהן מינוט זאלסטו מיר ברייגנען, הערסט?

— כ'הער, — האט מיטראפאן א פינסטערער געענטפערט, און איז ארומגעגאנגען ארום דעם עקיפאזש, האט זיך ברייטליך אריינגעזעצט אין די קאזלעס, ווי עס פאסט פאר יעדען גוטען קוטשער, האט פארנאנדערגענומען די לייצעס, און האט צוגעגע־בען, אויסדרעהענדיג זיך אויף העלפט צו באבראוו'ן:

— אבער אויב מיר וועלען דער'הרג'ענען די פערד, זאלט איהר ניט ווערען בייז...

— אה, אלץ איינס...

פארזיכטיג, מיט גרויס אנשטרענגונג ארויסקריכענדיג פון דער מאסע פארפלאנטערטע עקיפאזשען, און ארויספאהרענדיג אויפ'ן שמאלען וואלד־וועג, האט מיטראפאן געלאזען די לייצעס. די לאנג־געשטאנענע און אויפגערעגטע פערד האבען אונטערגעכאפט, און עס האט זיך אנגעהויבען א ווילדער שפרינגען. דער עקיפאזש איז אונטערגעשפרונגען אויף די לאנגע ווארצלען וואס זיינען גע־לעגען איבער'ן וועג, האט זיך געוויגט איבער קליינע גראבענס, האט זיך טיף געבויגען אט אויף דער לינקער און אט אויף דער רעכטער זייט אזוי, אז דער קוטשער און באבראוו האבען געמוזט באלאנסירען.

דער רויטער פלאם פונ'ם פאקעל האט זיך טרייסעלנדיג גע־וואָרפען אין אלע זייטען. מיט'ן פאקעל האבען זיך געטרייסעלט די לאנגע משונה'דיגע שאטענס פון די בוימער... עס האט זיך נעדאכט, אז א געדיכטע מאסע הויכע, דינע און פארנאנדערגע־שוואומענע געשטאלטען האבען זיך געטראגען צוזאמען מיט'ן עקיפאזש אין עפעס א משוגענעם טאנץ. אט האבען די געשטאלטען אריבערגעיאגט דעם עקיפאזש, אויסוואקסענדיג ביז א גיגאנטישער גרויס, אט זיינען זיי פלוצלינג צוגעפאלען צו דער ערד, זיינען גע־ווארען קלענער, קלענער און זיינען פארשוואונדען הינטער באב־ראוו'ס פלייצע, אט זיינען זיי אנטלאפען אויף עטליכע רגע'ס ער־געץ אין וואלד, און פלוצלינג האבען זיי זיך באוויזען ביי די רע־דער פונ'ם עקיפאזש, און אט האבען זיי זיך צונויפגערוקט אין געדיכטע רייהען, האבען זיך געוויגט, געציטערט, אזוי ווי זיי וואל־טען עפעס געשעפטשעט צווישען זיך... עטליכע מאל האבען די שיטערע בושען, וואס זיינען געלאפען ביי די זייטען פון וועג, גע־שמיסען מיטראפאנען און באבראוו'ן איבער די געזיכטער, ווי מיט אימיצענס שטייפע, דינע, לאנגע אויסגעשטרעקטע הענד.

דער וואלד האט זיך געענדיגט. די פערד זיינען אריינגעקרא־כען און זיך געשטעלט איבער עפעס א לוזשע, אין וועלכער עס האט געטאנצט און געקנייטשט זיך דער גלאנציגער אפשיין פונ'ם פאקעל, און פלוצלינג האבען זיי מיט א פעסטען גאלאפ ארויס־געפיהרט אויף א הויכען בערגעל. פאראויס האט זיך פארשפרייט דאס שווארצע, איינטאניגע פעלד.

— טרייב פעסטער, מיטראפאן, מיר וועלען אזוי קיינמאל ניט דערפאהרען, — האט באבראוו אונגעדולדיג געשריען, כאטש דער עקיפאזש איז געפלויגען אזוי גיך, אז עס האט פארכאפט דעם אטעם. מיטראפאן האט עפעס א ווארטשע געטאן מיט זיין אונ־צופרידענעם באס, און האט א שמיץ געטאן מיט דער בייטש פאר־וואטערען, וואס איז געשפרונגען איינגעבויגען אין א רינג. דער קוטשער האט געשטוינט: וואס איז דאס געווארען מיט זיין פריץ,

וועלכער האט שטענדיג ליב געהאט און שטענדיג געזארגט פאר זיינע פערד.

אויפ׳ן האריזאנט האט א גרויסער פלאם פייער אפגעשיינט מיט א קרומען גלאנץ אין די וואלקענס, וואס זיינען געקראכען איבער׳ן הימעל. באבראוו האט געקוקט אויפ׳ן אנגעצונדענעם הימעל, און עפעס בייז־פריידיגעם און יובלענדיגעם האט זיך גערירט אין איהם. אנדרעא׳ס שאפער און בייזער טאסט האט מיט א מאל איהם געעפענט די אויגען אויף אלץ: סיי אויף נינא׳ס קאלטע פארהאלטען זיך צו איהם אין דעם גאנצען אווענט, סיי אויף איהר מאמע׳ס זידלען זיך אין דער צייט פון דער מאזורקע, סיי אויף סוויעזשעווסקי׳ס נאהענטקייט צו וואסילי טערענטיעוויטשען, און אויף אלע נייעס און רכילות, וועלכע האבען זיך ארומגעטראגען איבער דער פאבריק, וועגען קוואשנינ׳ס שארען זיך צו נינא׳ן... „זעהר רעכט אויף איהם, זעהר רעכט אויף איהם, דעם געלען טייוועל״, האט באבראוו געשעפטשעט, דערפילענדיג אזא צושטראם פון צארן און אזא טיפען באוואוסטזיין פון זיין ערנידערונג, אז עס איז איהם טרוקען געווארען אין מויל... „א, ווען איך וואלט זיך מיט איהם איצטער באגעגענט אויג אויף אויג, וואלט איך אויף לאנג צושטערט די זעלבסטצופרידענהייט פון אט דעם אויפקויפער פון פרישען פלייש, אט דעם שמוציגען, פעטען זאק, וואס איז פול אנגעלאדען מיט גאלד, איך וואלט א גוטען זיגעל איבערגעלאזט אויף זיין קופערנעם שטערען!״

דער צופיל אויסגעטרונקענער וויין האט אנדרעי איליטשען ניט שכור געמאכט, אבער זיין ווירקונג האט זיך אויסגעדריקט אין דער אויסערגעוויינליכער געהויבענער ענערגיע און דעם אונגעדולדיגען קראנקליכען באגעהר צו באוועגען זיך... א שטארקער קאלטער פיבער האט אויפגעטרייסעלט זיין גאנץ לייב, זיינע צייהן האבען אזוי שטארק געקלאפט, אז ער האט געמוזט צונויפדריקען דאס מויל, און זיין געדאנק האט געארבייט געשווינד, העל און פארנאנדערגעשרויפט, אזוי ווי אין א קדחת. אנדרעי איליטש האט אליין ניט באמערקט אז ער רעדט אין דער הויך צו זיך אליין, אז

ער קרעכצט, אז ער לאכט הילכיג און אפגעריסען און אז זיינע פינגער דריקען זיך אליין שטייף צוזאמען אין פויסטען.

— פריץ, צי זייט איהר ניט קראנק געווארען? מיר וואלטען בעסער אהיים פאהרען, — האט מיטראפאן א דערשראקענער גע־זאגט.

מיטראפאנ'ס ווערטער האבען פלוצלינג באבראוו'ן ווילד גע־מאכט, און ער האט א געשריי געטאן הייזעריג:

— פלוידער ניט, אידיאט! טרייב!

באלד האט זיך ארויסגעזעהן פון בערגעל די גאנצע פאב־ריק, פארהילט אין א מילד־ראזען רויך. הינטער דער פאבריק האט געברענט ווי א ריזיגער שייטערהויפען, דער מאגאזין מיט גע־הילץ. אויפ'ן העלען גרונט פו ןדעם פייער האבען היץ און הער ארומגעשלייכט זיך א סך קלייניגקע, שווארצע מענשליכע פיגור־רען. פון דערווייטען האט מען געקענט הערען, ווי עם קנאקט דאס טרוקענע ברענענדיגע האלץ. די קיילעכדיגע טורעמס פון די קאופערס און פון די דאמפנע אויוועגס, האבען זיך אט שארף און דייטליך ארויסגערוקט פון דער פינסטער, און אט זיינען זיי ווידער פארזונקען געווארען. דער רויטער פלאם פון דער שרפה האט מיט א בייזען העלען שיין אפגעשפיגעלט זיך אין דעם גרויען וואסער פון דער גרויסער פירקאנטיגער אזערע. דער הויכער ברעג פון דער גרויסער אזערע איז געווען אינגאנצען געדיכט באדעקט מיט מענשען, וועלכע האבען זיך לאנגזאם באוועגט פאראוים, זידנדיג און וויגענדיג זיך. און אז אויסערגעוויינליכער, אונקלארער און בייזער טומעל, — עהנליך צום ברומען פון דעם ווייטען ים, האט זיך דערטראגען פון יענער שרעקליכער געדיכטער, צוזאמענגעדרענג־טער מענשליכער מאסע...

— וואוהין טראגט דיך דער טייוועל! זעהסט ניט, אז דו פאהרסט אויף מענשען, טייוועל! — האט באבראוו דערהערט פאר זיך א גראבען אויסגעשריי, און אויפ'ן וועג, ווי ארויסגעקראכען פון אונטער די פערד, האט באבראוו דערזעהן א הויכען פויער, מיט

אַ גרויסער באָרד, אָהן אַ היטעל, מיט אַ קאָפּ אינגאַנצען פאַרבאַנדאָזשירט מיט ווייסע שמאַטעס.

— טרייב, מיטראָפּאַן! — האָט באַבראָוו אַ געשריי געטאָן. נאָר תיכף האָט ער דערהערט אַ פייף פון אַ געוואָרפענעם שטיין, און ער האָט דערפיהלט אַ שאַרפען וועהטאָג פון אַ קלאַפּ אַביסעל העכער פונ׳ם שלייף. אויף דער האַנד, וואָס ער האָט צוגעטראָגען צום צוקלאַפּטען אָרט, האָט זיך אַרויסגעוויזען וואַרעמע, קלעפּיגע בלוט.

די פערד האָבען זיך ווידער אַוועקגעטראָגען מיט דער פרייהערדיגער שנעלקייט. דער פייער איז אַלץ גרעסער געוואָרען. די לאַנגע שאָטענס פון די פערד זיינען אַריבערגעלאָפען פון איין זייט וועג אויף דער צווייטער. צייטענווייז האָט זיך באַבראָוו׳ן אָפּגעדאַכט, אַז ער טראָגט זיך דאָס איבער עפּעס אַ שאַרפען באַרג אַראָפּ און אַז אָט־אָט וועט ער אין איינעם מיט׳ן עקיפּאַזש און מיט די פערד, אַרונטערפליהען פון דער אָפּגעריסענער שאַרף אין אַ טיפען אָפּגרונד אַריין. ער האָט אינגאַנצען פאַרלאָרען דעם געדאַנק, אויף וועלכער וועלט ער איז, און האָט בשום אופן ניט געקענט דערקענען דעם אָרט, איבער וועלכען ער איז געפאָהרען. פּלוצלינג האָבען זיך די פערד אָפּגעשטעלט.

— נו, וואָס ביזטו געבליבען שטעהן, מיטראָפּאַן? — האָט באַבראָוו אַן אויפגערעגטער אויסגעשריען.

— ווי קען איך פאָהרען, אַז די מענשען האָבען פאַרשטעלט דעם גאַנצען וועג? — האָט זיך מיטראָפּאַן אָפּגערופען מיט אַ פינסטערען בייזען קול...

ווי שטאַרק באַבראָוו האָט זיך איינגעקוקט אין דער גרויער, מאַרגענדיגער האַלב פינסטערניש, האָט ער גאָרנישט ניט געזעהן, אויסער עפּעס אַ שוואַרצער קרומער וואַנט, איבער וועלכער דער הימעל האָט געפלאַמט.

— וועלכע מענשען זעהסטו דאָרטען, כאַפּט עס דער טייוועל!

— האָט ער זיך אויסגעזידעלט, איז אַרויס פון עקיפּאַזש, אַרומגעהענדיג אַרום די פערד, וועלכע זיינען געווען פאַרדעקט מיט גרויסע שטיקער ווייסען שוים.

נאר קוים איז ער אפגעגאנגען פינף טריט פון די פערד, אזוי האט ער זיך איבערצייגט, אז דאס, וואס ער האט פריהער אנגענומען פאר א שווארצער וואנט, איז גאר געוועז א גרויסע, געדיכטע מאסע ארבייטער, וואס האבען פארשטעלט דעם גאנצען וועג, און האבען לאנגזאם און שווייגענדיג גערוקט זיך פאראוים. געהענדיג אזוי נאך די ארבייטער ארום פופציג טריט, האט זיך אנדרעי איליטש צוריקגעקעהרט; ער האט געוואלט געפינען מיטראפאנען און ארומפאהרען ארום דער פאבריק פון דער אנדער זייט. אבער מיטראפאן איז די פערד זיינען ניט געווען. צי מיטראפאן איז ערגעץ אוועקגעפאהען זוכען זיין באלעבאס, אדער באבראוו האט אליין פארבלאנדזשעט, — אבער אנדרעי איליטש האט עס ניט געקענט פארשטעהן. ער האט גענומען רופען דעם קוטשער, אבער קיינער האט זיך ניט אפגערופען... יעמאלט האט באבראוו באשלאסען נאכצויאגען די אקארשט איבערגעלאזענע מאסע ארבייטער,און דערפאר האט ער זיך צוריקגעקעהרט און האט אנגעהויבען לויפען, ווי איהם האט זיך געדאכט, אין דער פריהעריגער זייט. נאר, א מאדנע זאך, די ארבייטער זיינען ווי אין דער ערד פארזונקען געווארען, און אנשטאט זיי, האט ער לויפענדיג אנגעשטויסען זיך אן א נידעריגען הילצערנעם פלייט.

און צום פלייט איז גאר קיין סוף ניט געווען, סיי רעכטס און סיי לינקס. באבראוו איז איהם אריבערגעקראכען און גענומען קלעטערען איבער עפעס א לאנגען, הויכען בארג, וועלכער איז געווען באוואקסען אין גאנצען מיט שיטערען ווילד גראז. א קאלטער שוויים איז גערונען איבער זיין געזיכט, דער צונג איז געווארען טרוקען און אומבאוועגליך ווי א שטיקעל האלץ; ביי יעדען אטעם האט ער דערפילט א שארפען וועהטאג אין דער ברוסט; דאס בלוט האט מיט שטארקע אפטע קלעפ געשלאגען אין קאפ, און דער צוקלאפטער שלייף האט אונערטרעגליך געשמארצט...

איהם האט זיך געדאכט, אז ער דארף אזוי קלעטערען אהן א סוף, און א טעמפע פארצווייפלונג האט ארומגעכאפט זיין נשמה. אבער ער האט ניט אויפגעהערט צו קלעטערען בארג ארויף, אלע

וויל פאַלענדיג, אנשפּאַרענדיג זיך אויף די קניע און אויף די עלענבויגענס און כאַפּענדיג זיך מיט די הענד אַן דעם שטעכעדי־געך ווילד־גראָז. צייטענווייז האָט זיך איהם פאַרגעשטעלט, אַז ער שלאָפט און זעהט איינעם פון זיינע פיבערדיגע, קראַנקהאַפטע חלומות. און די פאַנישע שרעק נאָכ׳ן פּיקניק, און דאָס לאַנגע בלאָנזשען איבער׳ן וועג, און דאָס אונענדליכע קלעטערן אויפ׳ן באַרג אַרויף — דאָס אַלץ איז געווען אַזוי שווער, אונזיניג, אונער־וואַרט און שרעקליך, ווי זיינע קאַשמאַרען.

ענדליך האָט זיך דער באַרג אַרויף געענדיגט, און באַבראַוו האָט מיט אַמאָל דערקענט דעם אַנגעשאָטענעם אָרט פון אייזענ־באַהן, — פון דעם זעלבען אָרט האָט נעכטען, בשעת דער גאָטעס דינסט, דער פאָטאָגראַפער אַרונטערגענומען אַ גרופּע אינזשעני־רען און אַרבייטער. איינגאַנצען אַ פאַרמאַטערטער, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אויף דער רעלסע, און אין דער זעלבער רגע איז מיט איהם פאָרגעקומען עפּעס משונה׳דיגעס: זיינע פיס זיינען מיט אַמאָל ווי אָפּגענומען געוואָרען, אונטער דער ברוסט האָט ער דערפילט עפּעס אַ ציהענדיגע, נאָגענדיגע און איבעלדיגע אויפ־רעגונג, דער שטערען און די באַקען זיינען מיט אַמאָל קאַלט גע־וואָרען... דערנאָך האָט זיך אַלץ אַ קער געטאָן פאַר זיינע אויגען, און אַלץ איז ווי אַ ווירבעל־ווינד פאַרבייגעפלויגען ערגעץ אין אַ טיעף אָהן אַן אָפּגרונט.

אַנדרעי איליטש איז געקומען צו זיך פון דער חלשות אודאי אין אַ האַלבע שעה אַרום. אונטען, דאָרטען וואו טאָג און נאַכט פלעגט מיט׳ן שטענדיגען גערויש אַרבייטען די גרויסע ריזיגע פאַבריק, איז איצטער געשטאַנען אַן אויסערגעוועהנליכע, אונהיימ־ליכע שטילקייט. באַבראַוו האָט זיך קוים מיט מאַטערניש גע־שטעלט אויף די פיס און איז אַוועקגעגאַנגען אין דער ריכטונג צו די דאַמענע אויוונס. זיין קאָפּ איז געווען אַזוי שווער, אַז ער האָט איהם קוים געקענט האַלטען אויף די אַקסלען, דער קראַנקער שלייף האָט ביי יעדער באַוועגונג אָפּגערופען זיך אין איהם מיט אַן אויסערגעוועהנליכען וועהטאָג. ער האָט אַ טאַפּ געטאָן די

וואוגד, און האָט ווידער דערפילט מיט די פינגער דאָס קלעפּיגע ווארעמע בלוט. בלוט איז ביי איהם אויך געווען אין מויל און אויף די ליפּען: ער האָט געפילט זיין געזאַלצענעם, מעטאַלענעם טעם. דאָס באַוואוסטזיין האָט זיך צו איהם נאָך ניט אינגאַנצען צוריקגעקעהרט, און די אָנשטרענגונג צו דערמאָנען זיך און קלאָהר צו ווערען, וואָס אזוינס איז מיט איהם פאָרגעקומען, האָט איהם פאַרשאַפט א שטאַרקען קאָפּ וועהטאָג. א שאַרפער אומעט און פאַרצווייפלונג און אַן אונמענשליכער צאָרן האָבען איבערגעפולט זיין נשמה...

דער מאָרגען האָט זיך לאַנגזאַם דערנעהענטערט, אַלץ איז געווען גרוי, קאַלט און פייכט: סיי די ערד, סיי דער הימעל, סיי די געלע, דארע גראָזען און סיי די משונה'דיגע בערג שטיינער, וואָס זיינען געווען אַנגעוואָרפען אויף ביידע זייטען וועג. באַבראָוו האָט אָהן א ציעל געבלאָנזשעט צווישען די פאַרלאָזענע פאַבריק געביידען און, ווי עס טרעפט אמאָל ביי זעהר א שטאַרקער גייס־טיגער אויפטרייסלונג, האָט ער גערעדט צו זיך אַליין אין דער הויך. איהם האָט זיך געוואָלט איינהאַלטען, ברענגען אין אַן אָרד־נונג זיינע פאַרנאַנדערגעלאָפענע געדאַנקען.

— נו, זאָג אַליין, זאָג אַליין, וואָס זאָל איך טאָן? זאָג, וואָס זאָל איך טאָן? — האָט ער אויפ'ן קול געשעפּטשעט, ווענדענדיג זיך צו אימיצען א צווייטען, א זייטיגען, ווי יענער וואָלט געזעסען אין איהם. — אך, ווי שווער מיר איז! אך, ווי עס פּייניגט מיך!... איך קען שוין ניט אויסהאַלטען!... מיר דאַכט זיך, אז איך וועל זיך דער'הרג'ענען... איך וועל ניט אויסהאַלטען אזעלכע יסורים...

נאָר דער צווייטער, דער זייטיגער, האָט איהם געענטפערט פון דער טיעף פון זיין נשמה, אויך אויפ'ן קול, נאָר שפּאָטיש און גראָב:

— ניין, וועסט זיך ניט דער'הרג'ענען. צו וואָס דאַרף מען פאַרשטעלען זיך פאַר זיך אַליין?... האָסט צו שטאַרק ליב צו פיהלען דאָס לעבען, אז דו זאָלסט זיך אַליין דער'הרג'ענען. ביזט

צו שוואך מיט'ן גייסט, אז דו זאָלסט עס טאָן. האָסט צו שטאַרק מורא פאַר פיזישען ווערהטאָג, דו קלערסט צו פיעל.

— וואָס זשע זאָל איך טאָן? וואָס זשע זאָל איך טאָן? — האָט אַנדרעי איליטש ווידער געשעפטשעט, ברעכענדיג די הענט. — זי איז אַזאַ צאַרטע, אַזאַ ריינע, — מיין נינאַ! — זי איז געווען מיין איינאיינציגע אויף דער גאַנצער וועלט. און פּלוצלינג — אַ, ווי עקעלהאַפט! — פאַרקויפען די יוגענד, דאָס אייגענע מיידעלשע לייב!...

— ברעך זיך ניט, ברעך זיך ניט; צו וואָס די אַלע הויכע רייד פון די אַלטע מעלאָדראַמעס, — האָט איראָניש געזאָגט דער זייטיגער. — אויב דו האָסט קוואַשנינען אַזוי טיעף, געה און דער'הרג'ע איהם!

— וועל איך טאַקע דער'הרג'ענען! — האָט באַבראָוו אַ געשריי געטאָן, האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט הויך אויפגעהויבען די פויסטען. — וועל איך דער'הרג'ענען! זאָל ער מעהר ניט פאַרפּעסטען מיט זיין אומריינעם אָטעם די עהרליכע מענשען. איך וועל דער'הרג'ענען!

אָבער דער צווייטער, דער זייטיגער, האָט באַמערקט מיט אַ גיפטיגען שמייכעל:

— וועסט איהם ניט דער'הרג'ענען... דו ווייסט עס אַליין אויך זעהר גוט... האָסט ניט פאַר דעם, ניט קיין מוט און ניט קיין כוח... מאָרגען וועסטו ווידער זיין אַקלוגער און שוואַכער...

צווישען אַזאַ צושטאַנד פון אינערליכער צושפּאַלטונג זיינען געוועזן רגע'ס פון דורכגעליטערטקייט, ווען באַבראָוו פלעגט פרעגען ערשטוינט ביי זיך אַליין: וואָס אַזוינס איז מיט איהם און ווי קומט ער אַהער, און וואָס וועט ער דאָ טאָן? און טאָן עפּעס האָט מען דאָך אומבאַדינגט געמוזט, טאָן עפּעס גרויסעס, וויכטיגעס, נאָר וואָס אייגענטליך זאָל מען טאָן? — דאָס האָט באַבראָוו פאַרגעסען, און ער האָט זיך געקנייטשט פון ווערהטאָג, ווילענדיג זיך דערמאָנען. אין איינע פון די דורכגעליטערטע רגע'ס, האָט ער זיך דערזעהן שטעהענדיג איבער דער הייץ־גרוב. תיכף,

מיט אַן אויסערגעוועהנליכער קלאַרקייט, האָט זיך איהם דערמאָנט דער געשפּרעך, וואָס ער האָט ניט לאַנג געהאַט מיט'ן דאָקטאָר אויף דעם זעלבען אָרט.

אונטען אין דער הייץ־גרוב זיינען די הייצער ניט געווען: זיי זיינען זיך אַלע צולאָפען. די קעסלען האָבען זיך שוין אָפּגעקיהלט, נאָר אין די צוויי זייטיגע הייץ־אויוועגס האָבען נאָך קוים־קוים געגליהט די שטיין־קויהלען... א משוגענער געדאַנק, ווי א בליץ, איז פּלוצלינג דורכגעלאָפען אין אַנדרעי איליטש'עס מאָרך. ער האָט זיך געשווינד איינגעבויגען, האָט אַרונטערגעלאָזען די פיס, איז אויף א וויילע געבליבען הענגען אויף די הענט און איז אַרונטערגעשפּרונגען אין גרוב. אין א באַרג קוילען האָט געשטעקט א רידעל. באַבראָוו האָט א כאַפּ געטאָן דעם רידעל און מיט איילענדיגע באַוועגונגען האָט ער גענומען שיטען קוילען אין די ביידע אויוועגס... אין צוויי מינוט אַרום האָט שוין דער שטורעמדיגער ווייסער פלאַם געברומט אין די הייץ־אויוועגס, און אין די קעסלען האָט שוין דאָס וואַסער אָנגעהויבען פּאַרשטיקט צו זידען. באַבראָוו האָט אַלץ געשאָטען און געשאָטען א רידעל נאָך א רידעל קוילען; אין דער זעלבער צייט האָט ער עפּעס לוסטיג געשמייכעלט, האָט צו אימיצען, א ניט זעהענדיגען, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָט אַרויסגעגעבען אָפּגעריסענע משוגענע אויסגעשרייען. דער קראַנקער, נקמה'דיגער, שרעקליכער געדאַנק, וואָס איהם איז איינגעפאַלען נאָך דאָרטען, אויפ'ן וועג, האָט איהם אַלץ שטאַרקער באַהערשט. ער האָט געקוקט אויף דער גרוים פון קעסעל, וואָס האָט שוין געקאָכט און איז שוין באַלויכטען געוואָרען מיט פייערדיגע פלעקען, און דער קעסעל האָט פאַר איהם אויסגעזעהן אַלץ לעבעדיגער, פיינדליכער און העסליכער...

קיינער האָט ניט געשטערט. דאָס וואַסער איז אַלץ ווינציגער געוואָרען אין דעם וואַסער־מעסטער... דאָס קאָכען פונ'ם וואַסער און דאָס ברומען פון די הייץ־אויוועגס איז אַלץ הילכיגער און בייזער געוואָרען.

אָבער די אַרבייט, צו וועלכער ער איז ניט געוואוינט גע־

ווען, האט איננעיכען מיד געמאכט באבראווי'ן. די אדערען אויף די שלייפען האבען אנגעהויבען קלאפען הייסער, שנעלער און אנ־געשטרענגטער, און דאס בלוט פון דער וואונד האט אנגעהויבען רי־נען איבער דער באק ווי א ווארעמער שטראם, דער משוגענער אויסברוך פון ענערגיע איז דורכגעגאנגען, און דער אינערליכער, זייטיגער קול האט אנגעהויבען ריידען הויך און שפאטיש:

— נו, וואס, עס פארבלייבט נאר צו מאכען נאך איין באַ־וועגונג! אבער דו וועסט עס ניט מאכען... גענוג שוין... דאס אלץ איז דאך לעכערליך, און מארגען וועסטו אפילו ניט וואגען צו מודה זיין זיך, אז דו האסט געוואלט אויפרייסען די קעסלען...

---

ווען אנדרעי איליטש איז געקומען אין פאבריק האספיטאל, האט די זון זיך שוין באוויזען אויפ'ן האריזאנט, ווי א גרויסער טונקעלער פלעק.

דער דאקטאר וואס האט אקארשט אויף א רגע אויפגעהערט איבערבינדען די פארוואונדעטע און צו'הרג'עטע מענשען, האט גע־וואשען די הענט אונטער א מעשענעם האנטפאס. דער פעלדשער איז געשטאנען נעבען איהם און האט געהאלטען א האנטוך. דער־זעהענדיג ווי באבראוו איז אריינגעגאנגען, האט דער דאקטאר א וויג געטאן זיך אויף הינטען פון איבעראשונג.

— וואס איז מיט אייך, אנדרעי איליטש, איהר זעהט דאך ניט אויס ווי קיין מענש. — האט דער דאקטאר ארויסגערעדט אין טויט־שרעק.

באבראווס אויסזעהן איז טאקע געווען א שרעקליכער... דאס בלוט איז פארבאקט געווארען אין שווארצע שטיקער אויף זיין בלייכען געזיכט, וואס איז געווען אויסגעשמירט מיט קוילען־שטויב... די נאסע קליידער זיינען געהאנגען אין שטיקער אויף די עלענבויגענס און אויף די קניע; די צושויבערטע האר זיינען ארונטערגעפאלען אויפ'ן שטערן.

— זאגט שוין, אנדרעי איליטש, וואס איז מיט אייך גע־

שעהן? — האט גאָלדבערג איבערגע׳חזר׳ט, האט אויף גיך אויס־
געווישט די הענט און איז צוגעגאנגען צו באבראָוו׳ן...

— אַך, דאָס זיינען קלייניגקייטען... — האט באבראָוו ארויס־
געקרעכצט. — דאָקטאָר, טייערער, גיט מיר מאָרפין.... גיכער,
מאָרפין, אָדער איך וועל פון זינען אראָפּ!... איך לייד אונער־
טרעגליך!...

גאָלדבערג האָט אָנגענומען באבראָוו׳ן פאַר א האַנט, האָט
איהם שנעל אריינגעפיהרט אין א צווייטען צימער, האָט פעסט
פאַרמאַכט די טיר און האָט געזאָגט:

— הערט אויס, איך שטוים מיך אָן, וואָס עס פּייניגט אייך...
גלויבט מיר, אז איך האָב מיטלייד מיט אייך, און איך בין גרייט
אייך צו העלפען... אָבער... ליבער מיינער — אין דעם דאָקטאָר׳ס
קול האָבען זיך דערהערט טרערען — מיין ליעבער אַנדרעי איליטש...
קענט איהר ניט דורכליידען ווי ניט איז?... דערמאָנט זיך נאָר, ווי־
פיל ארבייט אונז האָט אָפּגעקאָסט צו באַקעמפען די מיאוסע גע־
וואוינהייט! ס׳וועט זיין אַן אונגליק, אויב איך זאָל אייך איצ־
טער מאַכען די אונטערשפּריצונגען... איהר וועט שוין מעהר קיינ־
מאָל ניט... איהר פאַרשטעהט, איהר וועט שוין מעהר דאָס קיינ־
מאָל ניט אויפהערען...

באָבראָוו איז א פאָל געטהאָן אוי׳ן ברייטען, ווייכען דיוואַן
מיט׳ן געזיכט אראָפּ און האט דורכגעמורמעלט דורך די פאַר־
שטייפטע ציין, ציטערענדיג אין גאַנצען פון קעלט:

— אַלץ איינס, מיר איז אַלץ איינס, דאָקטאָר... איך קען שוין
מעהר ניט אריבערטראָגען...

דער דאָקטאָר האט א זיפץ געטאָן, האָט א קנייטש געטאָן
מיט די אַקסלען און האָט ארויסגענומען פון אַפּטייק־אַלמער א שיי־
דעל מיט א פּראוואַנצאָוועז שפּריצער... אין פינף מינוט ארום
איז שוין באבראָוו געלעגען אויפ׳ן ווייכען דיוואַן, אין א טיעפען
שלאָף... א זיסער שמייכעל האָט געשפּילט אויף זיין בלייכען גע־
זיכט, וואָס איז מאַגער געוואָרען פאַר דער נאַכט. דער דאָקטאָר
האָט פאַרזיכטיג ארומגעוואַשען זיין קאָפּ...